דר. י. ל. שניצער

(רב אשר פלאַם)

# מעבש און תורה

צווייטער באַנד

אַ קוואַל פון געדאַנקען
אויף אַלע פּראָבלעמען
פון וועלט און צייט / גע־
שעפּט דירעקט פונ'ם לעבען
און פון די טיפענישען פון
דער פאָלקס־נשמה

בית מסחר ספרים „פרדס"
י. ז. בוכבינדער, נשיא
42־44 קאנאל סט., נויארק, נ. י.
תרח"ץ — 1938

# אינהאַלט:

# אמונה און שכל

זאָגט צו מיר אַ איד: ווען ער קומט צו דעם מאמר פון דער גמרא, מוז ער זיך צולאַכען. זיי גיבען דאָרטען אַ זאָג: „על ארבעה דברים מאורות לוקים" — איבער פיר זאַכען קומט אַ ליקוי חמה און אַ לקוי לבנה: „על כותבי פלסתר" — צוליב די וועלכע שרייבען פאַלשע זאַכען; ועל מעידי עדות שקר" — צוליב די וועלכע זאָגען פאַלשע עדות; „ועל מגדלי בהמה דקה" — צוליב די וועלכע האָדעווען קליין־פיה, ווי ציעגען אָדער שעפּסען; „ועל קוצי אילנות טובות" — און צוליב די וועלכע האַקען אויס די טייערע בוימער.

נו, זאָגט אַליין — זאָגט צו מיר דער איד — איז דאָס ניט אַ נאַרישע מימרא? יעדעס קינד ווייס אַז אַ ליקוי חמה אָדער א ליקוי לבנה זיינען רעזולטאַטען פון פעסטע אייביגע נאַטור־געזעצען און ניט אַלס שטראָף פאַר געוויסע חטאים. אַסטראָנאָמען רעכענען אויס ווען אַ ליקוי חמה אָדער אַ ליקוי לבנה וועט קומען מיט יאָהרען שפּעטער, און זיי קומען, צי מען וועט יאָ אָפּהיטען די זאַכען, אָדער ניט.

האָב איך דעם אידען געענטפערט, אַז ווען ער וואָלט זיך אַביסעלע מעהר פאַרטראַכט אין די ווערטער פון אונזערע חכמי התלמוד, וואָלט ער געזעהן וואָס פאַר אַ הויכער פילאָזאָפישער געדאַנק דאָרט ליגט, נאָר אונזערע חכמים האָבען ליב געהאַט צו רעדען אין אַ פּאָעטישע שפּראַך, אונטער אַ מאַסקע פון קינדערשע רייד.

זיי האָבען געמיינט אונז אָנצודייטען וואָרום מענשען האַנדלען אַזוי נאַריש און געמיין אין דער צייט ווען דער אויבערשטער האָט זיי געגעבען אַזעלכע צוויי ליכטער: דאָס ליכט פון אמונה און דאָס ליכט פון שכל (חכמה). אמאָליגע צייטען זיינען די צוויי ליכטער געווען גרויסע געגנער איינער געגען די אַנדערע. די פרומע האָבען געפיהרט אַ ביטערע מלחמה געגען די משכילים און די משכילים ווידער האָבען זיי צוריק געצאָהלט מיט'ן זעלבען קליינגעלד. איצט אָבער זיינען זיי געקר־

## דר. י. ל. שניצער

מען צו דער איבערצייגונג, אַז די ביידע ליכטער קענען יאָ האַרמאָנירען צוזאַמען. מיר געפינען א סך געבילדעטע מענשען, וועלכע זיינען אויך זעהר רעליגיעז, אויף אַזוי וויט רעליגיעז, אַז ווען עס קומט צו זיי אַן ענין וואָס איז העכער פון זייער השגה, גיבען זיי צו אַז זיי פאַרשטעהען דאָס ניט און קומען אָן צו אמונה. אָבער זיי רייסען ניט די פלאַנצונגען פון גאָרטען און האַקען ניט אויס די בוימער וועלכע אונזערע עלטערן האָבען געפלאַנצט.

ביי אַזאַ מענשען לייכטען די ביידע ליכטער צוזאַמען און ער פיהלט זיך גליקליך. יעדעס ווינקעלע פון זיין לעבען איז ליכטיג און העל. מאָראַל, פליכט, יושר, גערעכטיגקייט און האָפנונג טאַנצען דאָרטען אַרום און מאַכען איהם פרעהליך. אָבער „מאורות לוקים״ — עס ווערט פינסטער פאַר די אויגען ווען די ביידע ליכטער לייכטען ניט צוזאַמען, עס ווערט פינסטער פאַר די אויגען ווען מען זעהט די פיערערליי ברואים וואָס דרעהען זיך אַרום אין אונזער אידישע „מענעדזשערי״.

און דאָ זיינען זיי:

„כותבי פלסתר״ — מאַנכע פאַלשע, פאַרדאָרבענע שריפטשטעלער, אָהן פרינציפּ און אָהן געוויסען, היינט שרייבט מען אין אַן אָרטאָדאָקסי־שער צייטונג, מאָרגען אין אַ — סאָציאַליסטישער צייטונג און איבערמאָר־גען אין אַן אַטהעאיסטישער צייטונג און אזוי ווי מיר אידען האָבען גרויס רעספּעקט פאַר אַ געשריבענעם וואָרט, פאַרפיהרען טאַקע אָט די „כותבי פלסתר״ טויזענדער יונגעלייט אונזערע וועלכע האָבען נאָך קיין צייט ניט געהאַט צו פאָרמירען זייער אייגענעם שכל.

„מעידי עדות שקר״ — עס ווערט פינסטער פאַר די אויגען ווען מיר זעהן ווי אַ סך פון אונזערע אידען, געלעהרטע זאָגאַר, שמייכלען זיך צו „מערקעס בן יחיד״, זאָגען עדות אויף אידהם, אַז ער איז אַ צאַצקעדיגער יונגערמאַן געווען, נאָר מיר אידען האָבען איהם ניט פאַרשטאַנען, דע־ריבער ליגט אויף אונז אַ פליכט גוט צו מאַכען וואָס מיר האָבען געגען איהם באַגאַנגען.

„על מגדלי בהמה דקה״ — עס זיינען פאַראַן געוויסע אידען וואָס אין וועלטליכע געשעפטען פאַרלאָזען זיי זיך אין גאַנצען אויף זייער שכל, נאָר ווי עס קומט צו אַ רעליגיעזער פראַגע, דאַן לייגט מען אַוועק דעם

# מענש און תורה

שכל אַן אַ זייט און מען פאַנגט אָן צו גלויבען אין מכשפים, אין טאַטערס, אין וואהר־זאָגערס און אין קאָרטען־וואַרפערס. אין געשעפט, דאַכט זיך, איז ער אַ חכם, אַן ערפאַרענער מענש, אָבער ווי עס קומט צו אמונה זאַכען, איז ער אַ בהמה. און אַז די בהמה האָט נאָך אַ קינד, קען מען זיך שוין פאָרשטעלען וואָס פאַר אַן ערציהונג ער קריגט, ער האָדעוועט איינפאַך אַ בהמה דקה.

„ועל קוצי אילנות טובות" — עס זיינען ווידער פאַראַן אַזעלכע מענשעלעך וואָס גלויבען, צום ביישפיעל, אין אַזעלכע נאַרישקייטען, אַז דעם 13טען פון מאָנאַט פאַנגען זיי קיין געשעפט ניט אָן; געהט איינער אין גאַס אַנטקעגען איהם מיט אַ ליידיגער כלי, אַנטלויפט ער וואו פעפער וואַקסט; באַגעגענט ער אַ שווארצע קאַץ, פאַלט איהם איין דאָס האַרץ און ער ווערט אויס מענש, אָבער ווי עס קומט צו אידיש־קייט, אַזוי ווערט ער אַ גאַנצער פילאָזאָף און פאַנגט אָן צו האַקען די שעה־נע בוימער פון דעם רעליגיעזען גאָרטען. דער דין איז לעכערליך, דער מנהג איז נאַריש, די צערעמאָניע איז צו אַלט־פרענקיש, די איינפיהרונג פאַסט ניט פאַר היינטיגער צייט. אָט אויף די „קוצצי'ניקעס" איז „מאורות לוקים". עס ווערט פינסטער און ביטער פאַר די אויגן אַז מיר זעהען ווער אונזערע רעפאָרמירער זיינען.

דאָס דערמאָנט מיך די מעשה מיט בערקע דעם שניידער: אַ פּוי־לישער פריץ וועלכער איז געוועזן אַ גרויסער באָטאַניקער און נאָך אַן אַגראַדניק דערצו, האָט געהאַט אַ הויף מיט אַ זעלטען שעהנעם גאָרטען. זיין גאַנצען לעבען האָט ער אויף דעם גאָרטען אַוועקגעלייגט. ער פלעגט באַצידהען פון אויסלאַנד די טייערסטע טראָפּישע בוימער און פלעגט זיי אין זיין גאָרטען פאַרפלאַנצען. פון גאַנצען געגענד אַרום פלעגט מען פאָהרען אָנקוקען דעם גאָרטען און באַוואונדערען זיין שעהנקייט.

דאַרף זיך טרעפען אַז דער פריץ איז פאַרמישט געוועזן אין דעם אויפשטאַנד וואָס פוילען האָט געמאַכט געגען רוסלאַנד. זיין נאָמען האָט זיך געפונען צווישען די מיאַטעזשניקעס און ער האָט געמוזט אַנטלויפען. האָט ער געשיקט רופען זיין שניידער בערקע און האָט צו איהם אַזוי געזאָגט: „בערקע, איך האַלט דיך פאַר אַן אָרענטליכען מענשען. דו האָסט אַזויפיל יאָהר געאַרבייט פאַר מיר און איך בין צופרידען געוועזן

# דר. י. ל. שניצער

פון דיין אַרבייט, דעריבער וויל איך דיר איצט מאַכען פאַר מיין אַרענ־דאַר. איך דאַרף נויטיג אַוועקפאָהרען און איך ווייס ניט ווי לאַנג איך וועל זיך זאַמען. אָט דאָ האָסטו אַ קאָנטראַקט אונטערגעשריבען פון מיר, אַז איך גיב דיר אַלעס איבער אויף אַרענדאַ, אָבער דו מוזט זעהן אויף אַלעס גוט אויפצופּאַסען, איבערהויפּט אויף מיין שעהנעם טייערען גאָר־טען".

און אַזוי איז געווען! דער פריץ איז אַוועקגעפאָהרען און בערקע האָט זיך אריינגעקליבען מיט זיין פאַמיליע אין הויף און איז געוואָרען אַ אידישער פריץ. פאַרשטעהט זיך, אַז ער האָט באַלד גענומען בעל־הבית'עווען אויף זיין אייגענעם שטייגער; די שעהנע מעבעל ארויסגע־וואָרפען, די אַנטיק־זאַכען זיין שייער אַוועקגעשטעלט, די טייערע טראָ־פּישע בוימער פון גאָרטען האָט ער אויסגעהאַקט, און מיט זיי ווינטער די אויוועָנס געהייצט און געלאָזען האָט ער בלויז עפּעל־בוימער, באַרנע בוימער, קאַרשען בוימער און נאָך אזעלכע איינפאַכע פּראָסטע בוימער וועלכע זיין שניידערשע קאָפּ האָט גערעכענט אז זיי זיינען נוצליך.

אין אַ פּאָר יאָהר אַרום האָט די רעגירונג געשאָנקען דעם פריץ זיין שטראָף און ווען ער איז צוריק אַהיים געקומען, איז איהם פינסטער און ביטער געוואָרען פאַר די אויגען, ווען ער האָט דערזעהן, וואָס בערקע דער שניידער האָט געמאַכט פון זיין שעהנעם הויף און פון זיין פּראַכט־פולען גאָרטען.

אָט אזוי איז דאָ אויך דאָסזעלבע. עס ווערט פינסטער און ביטער פאַר די אויגען ווען מיר זעהען ווי „בערקע" האַקט אויס די שעהנסטע בוימער פון אונזער רעליגיעזען גאָרטען און לאָזט בלויז איבער די פּראָס־טע, די איינפאכסטע און די ביליגסטע. ער פאַרשטעהט ניט, אז עס קען זיין אַז גראָד די דינים און די מנהגים וואָס זיינען פרעמד צו זיין שכל — זיינען די טייערסטע בוימער אין אונזער רעליגיעזען גאָרטען.

## מענש און תורה

# דעם מענשענ׳ס חסרונות און מעלות

אונזערע חכמים זאָגען, אַז ווען דער אויבערשטער האָט געדאַרפט באַשאַפען דעם מענשען, האָט ער צוזאַמענגערופען זיין גאַנצע פמליא של מעלה אויף אַ קאָנפערענץ און צו זיי געזאָגט: „נעשה אָדם בצלמנו כדמותנו״ — לאָמיר מאַכען אַ מענשען אין אונזער אויסקוק און אין אונזער געשטאַלט. פרעגט זיך די פראַגע: פאַרוואָס ד׳האָט עפּעס דער אויבערשטער מיט׳ן מענשען מעהר אויסנאָם געמאַכט ווי מיט אַלע זאַכען וואָס ער האָט פריהער באַשאַפען? ביי אַלע פריהערדיגע אַרבייט זיינע האָט ער אַלעס אַליין געמאַכט און מיט קיינעם זיך ניט מישב געווען. נאָר ווי עס איז געקומען צום מענשען, האָט ער פאַררופען אַ מיטינג פון זיינע מלאָכים און זיך מיט זיי באַראַטהען?

אַלס ענטפער אויף דער קשיא קען מען דערצעהלען די מעשה מיט יענעם פּאַלאַץ: אַ גרויסער קעניג, וועלכער איז אויך געווען אַ באַריהמ־טער אַרכיטעקט, איז אומגעגאַנגען מיט אַן אידייע צו בויען אַ פּאַלאַץ, וואָס ביז איצט איז נאָך אַזוינס ניט געזעהן געוואָרען. ווען ער איז פאַרטיג געוואָרען מיט זיין פּלאַן, האָט ער צונויפגערופען זיין פאַמיליע, ווי אויך זיינע יועצים און משרתים און האָט פאַרגעלייגט פאַר זיי זיין פּלאַן און ד׳האָט פאַרלאַנגט, אַז זיי זאָלען זאָגען זייער מיינונג וועגען דעם.

די פאַמיליע און די יועצים זיינען איינפאַך ענטציקט געוואָרען פאַר דער אידייע. זיי האָבען גענומען לויבען דעם קעניג פאַר זיין זעלטענעם איינפאַל און איהם צוגעזאָגט מיטצוהעלפען אַז די אַרבייט זאָל געקרוינט ווערען מיט ערפאָלג. ווען עס איז געקומען די פראַגע וועגען באַדען, וואו דער פּאַלאַץ זאָל געשטעלט ווערען, האָבען די יועצים מיט די פאַמי־ליע געוואָלט דורכאויס אז מען זאָל איהם שטעלען לעבען דעם אַלטען פּאַלאַץ. ערשטענס, איז די פּאַנאָראַמע דאָרטען זעהר אַ שעהנע, און צווייטענס, וועלען זיי פון דאָרטען קענען בעסער אויפפאַסען אַז די אַר־בייט זאָל אַנגעהן ווי געהעריג איז, עס האָט ניט געהאָלפען וואָס דער קעניג האָט זיי ערקלעהרט, אַז דער באָדען דאָרטען האָט זעהר אַ גרוי־סען חסרון: ער איז צו פייכט און אין פייכטקייט קלייבען זיך אַן פאַר־

שיעדענע אינסעקטען. זיי האָבען דעם קעניג׳ס ווארנונג ניט גענומען ערנסט און מען האָט גענומען בויען דעם פּאַלאַץ וואו זיי האָבען אויס־געקליבען.

ווען דער פּאַלאַץ איז פאַרטיג געוואָרען, איז יעדער איינער געלאָפען אידהם אָנקוקען און באַוואונדערען זיין שעהנקייט, קיינער האָט נאָך אין לעבען אַזאַ מין געביידע ניט געזעהן. עס איז געווען אַן „עולם קטן״, אַ קליין וועלטעל פאַר זיך אַליין און מען האָט גענומען זינגען שירות ותשבחות צו דעם גרויסען קעניג און אַרכיטעקט פאַר זיינע שעהנע, פיינע, אַרטיסטישע אַרבייט.

אין אַ קורצער צייט אַרום זיינען געקומען די פאַמיליע מיט די יועצים זיך באַקלאָגען פאַר׳ן קעניג אַז אינעווענינ אין פּאַלאַץ איז עפּעס ניט אַזוי מהודר׳דיג. עס איז ניט אויסצוהאַלטען פון די מוקצן, מוראַש־קעס און נאָך אַזעלכע אינסעקטען וואָס קריכען דאָרט אַרום. דער קעניג האָט זיי געענטפערט: „וואָס האָט איהר טענות צו מיר? איך האָב אייך פאָראויס געזאָגט, אַז דער באָדען האָט אַ חסרון און דאָך זייט איהר אַלע איינשטימיג געווען דעם פּאַלאַץ דאָרטען צו בויען. איהר האָט קיין רעכט ניט איצט צו רעדען און צו קריטיקירען דעם פּאַלאַץ״...

דער שעהנער פּאַלאַץ איז דער מענש, וועלכען דער אויבערשטער האָט געוואוסט, אַז דער מענש וועט זינדיגען און די מלאכים וועלען פאַ־דערען זיין פאַרניכטונג. דעריבער האָט ער צוזאַמענגערופען זיין „פמליא של מעלה״ און זיך מיט זיי באַראַטהען, ער האָט זיי פאָראויס געזאָגט דעם מענשענס מעלות און דעם מענשענס חסרונות כדי זיי זאָלען שפּעטער ניט האָבען קיין פּתחון פּה מקטרג צו זיין אויף איהם.

# דער אַלטער און נייער יאָהר

ניי־יאָהר.

מען האָט דערלאַנגט דעם קינד אַ צאַצקעלע וואָס רופט זיך „קאַ־לענדאַר״ און איהם געהייסען זיך שפּיעלען מיט דער אייביגקייט, אַ ריס

## מענש און תורה

א בלעטעל און עס איז ניטאָ קיין טאָג, 31 אַזעלכע ריסען און — אויס מיט אַ חודש, 365 ריסען און — אַ סוף מיט אַ יאָהר! איצט געהט דאָס קינד קריגען א נייעם קאַלענדאַר מיט אַ נומער 1939, און ער וועט ווייטער רייסען בלעטלעך, מעסטען די אייביגקייט און באַשעפטיגען זיך מיט געלט, סטאָקס, ספעקולאַציע, סענסאַציעס, אויפרעגונגען, ריזיקאַלישע אונטערנעהמונגען, גענגסטעריזם, היטלעריזם, פאַשיזם, קאָמוניזם, דיקטאַטאָריזם, אַנטיסעמיטיזם און באַשפרענקלען כלומר׳שט די מזבחות מיט שמעקעדיגע בשמים, כדי די קרבנות זאָלען האָבען אַ ריח־ניחוח פון אידעאַל און פון פאַטריאָטיזם.

*
**

אין אַ רייך פאַרפוצטען האָטעל אין אַ ווינקעל לעבען דער טהיר איז געשטאַנען אַן אַלטער צוזאַמענגעדרעהטער, צונויפגעקאָרטשעטער מאַן און געקוקט מיט פאַרגליווערטע טרויעריגע אויגען סתם אין דער וועלט אַריין.

„ווער ביזטו אַלטינקער?" — האָב איך איהם אַ פרעג געטאָן?

„איך בין דאָס 1938" — האָט ער מיר מיט אַ שוואַכער שטים געענטפערט, — שוין באַלד אָפּגעזונגען מיין ליעדעל, שוין באַלד אָפּגעשפילט מיין „דאַברי־דזיען", איך געה באַלד רוהען צוזאַמען מיט מיינע פריהערדיגע חברים. יאָ, ברודערקע, ניטאָ אַמאָליגע צייטען. מיט יאָהרען צוריק פלעגט מען באַגלייטען דאָס אַלטע יאָהר מיט יובעל און מיט פרייד. אַלע האָטעלען, קאַבאַרעטען און אַמוזירונגס־פלעצער פלעגען זיין פול מיט פרעהליכע מענשען, וויין, שנאַפּס, און שאַמפּאַניער פלעגען זיך גיסען ווי וואַסער. און איצט שטעה איך, נעביך, ווי אַן עלענדער אבל ביי דער טיהר און קיינער קוקט זיך אפילו ניט אום אויף מיר".

די גמרא זאָגט: „אוי לספינה שאבד קברניטה" — וועה איז צו דער שיף וואָס האָט פאַרלאָרען איהר קאָמפּאַס, און וועה איז צו אַזעלכע געזעץ־געבער, וועלכע האָבען זייערע קעפּ פאַרלאָרען. דערמאָנט זיך נאָר וואָס זיי האָבען פון דעם אָרימען אָנקעל סעם געמאַכט: פאַרשלאָסען זיין טהיר און לאָזען צו איהם קיין קרוב און קיין גואל ניט צו. צוגענומען זיינע אָפּגעשפּאָרטע פאַר דאָלער און איהם געלאָזען שטעהן במחילה

## דר. י. ל. שניצער

אָהן תחתונים. איצט דרעהט ער זיך, נעביך, אום א פאר־חלש׳טער איבער די „ברעד־לאַינס״ און קלייבט די ברעקלאַך וואָס זיי וואַרפען איהם צו פון זייער רייך געדעקטען טיש.

עס טאַנצט אריין 1939. אַ יונגלינג מיט רויטע בעקעלאך און בלאָנדע האָר, ער הויבט זיינע פיסעלעך און זינגט:

הוליעט מענשען, הוליעט פלייסיג!
איך בין נײַנצעהן ניין און דרייסיג.
איך קום דאָס אַלטע איבערבייטען,
אויף נייע, שעהנע, גוטע צייטען.

דער אַלטער האָט איראָניש אַ שמייכעל געטאָן און זיך אָפּגערופען: „טאַנץ, טאַנץ, נאַרישער אינגעל! איך האָב פאַר־אַ־יאָהרען אין דער צייט זיך אויך אַזוי נאַריש געמאַכט, ווער זאָל עס וויסען! ווען זאָל עס גאָר אויפ׳ן זינען קומען, אַז די צוויי־פיסיגע ברואים וואָס באַזיצען די געטליכע ברכה, — דעם „געדאַנק״ זאָלען אַזוי האַנדלען? איך האָב גערעכענט, אַז נאָכדעם ווי מאַרס (דער גאָט פון קריג) איז אַביסעל איינגעשלאָפען און דער צוהיצטער עולם האָט זיך גענומען ביסלעכווייז אָפּקיהלען און דערקוויקען זייערע הערצער מיט ווילסאָן׳ס „צימעס אָוו דעמאָקראַסי״, וועלען זיי נעהמען בויען אַ וועלט פון מענשליכקייט און שעהנקייט און לעבען צווישען זיך בשלום ושלוה. אָבער אַ נעכטיגער טאָג! קין און הבל קענען זיך נאָך איצט אויך די וועלט ניט איינטיילען, מען רייסט זיך אַרום ווי הענער, און מען קוקט איינער אויפ׳ן צווייטען מיט האַס און פאַראַכטונג״.

דער אַלטער האָט אַ שווערען זיפץ געטאָן און האָט ווייטער גענר־מען ריידען: „עס איז פאַראַן איין פאָלק, דאָס אידישע פאָלק, דאָס עלטסטע פון אלע און דאָס שוואַכסטע פון אלע, צוזייט און צו־שפרייט צווישען אלע פעלקער און ליידען מוז עס דאָפּעלט פאַר די זינד פון אלע. אַ יאָהר פון גרויס וועהטאָג איז דאָס געווען פאַר דעם אַלטען וואַנדערער, אַ יאָהר פון שווערער פּרוף און טרויער איז דאָס געווען פאַר דעם אַלטען נע־ונד׳ניק. טאָמער האָט ער געהאַט פאַר אַ קורצער צייט א שטיקעלע רוה־פּלאַץ אין דייטשלאַנד און אין עסטרייך, האָט

מען דאָס איצט אויך פון איהם אוועקגענומען. מען שלאָגט איהם, מען פייניגט איהם, און מען יאָגט איהם פון דאָרטען. פיעלע פון זיי האָבען שוין אפילו געגומען דעם וואַנדער־שטעקען אין האַנד און געגאַנגען זוכען אַ נייעם פלאַץ וואו דעם קאָפּ אַנידערצולעגען. אַבער וואוהין? אָנה מפניך אברח? פון צעהן ערטער טרייבט מען איהם און אין קיין איין אָרט לאָזט מען איהם ניט אַריין. פּראָצענט־נאָרמען, קוואָטאָס, און נאָך אַזעל־כע באַגרענצונגען. זאָל גאָט געבען אז 1939 זאָל זיין פיעל גליקליכער פון מיר"...



# די אַלטע קללות אינ'ם נייעם גלות

מען דערצעהלט פון רב לוי יצחק בערדיטשעווער, אַז ער האָט אַמאָל געדאַרפט האָבען אַ בעל תוקע פאַר זיין בית המדרש, זיינען גע־קומען אַ סך בלאָזערס אויף פּראָבע, און ער האָט יעדען פון זיי געפרעגט, וואָס ער איז מתכוון, ווען ער בלאָזט שופר? אָבער זייערע ענטפערס האָבען איהם ניט צופרידענגעשטעלט.

איין טאָג איז צו איהם געקומען א בעל־תוקע און האָט אַ זאָג געטאָן:

„רבי, איך בין אַ פּראָסטער מענש, איך האָב פיער טעכטער חתונה צו מאַכען און האָב פאַר זיי קיין נדן ניט, ווען איך בלאָז שופר בין איך זיך מתכוון די פאָלגענדע תפלה: רבונו של עולם! איך האָב געטאָן דאָס, וואָס דו האָסט מיר געהייסען, און ערפילט דיינע מצוות... איצט, גאָטעניו, דאַרפסטו ערפילען מיין פאַרלאַנג און צושיקען מיר זיווגים פאַר מיינע טעכטער".

„גוט! — האָט רבי לוי יצחק זיך צו איהם אָפּגערופען — דו בלייבסט דער בעל תוקע אין מיין בית המדרש".

ווען רבי לוי יצחק בערדיטשעווער וואָלט איצט געלעבט אין אַמערי־קע, וואָלט יעדער איינער פון אונז געקענט איצט זיין א בעל תוקע אין זיין בית המדרש!...

**
*

# דר. י. ל. שניצער

ווען מען טראַכט זיך גוט אריין אין פרשה תבוא, זעהט מען, אַז די אַלטע, אַלטע, תוכחה־קללות ווערען ביסלאַכווייז מקוים אין אונזער איצטיגען גלות. נעהמט צום ביישפּיעל די קללה: „בניך ובנותיך נתונים לעם אחר ועינך רואות" — דיינע זיהן און טעכטער וועלען איבערגעגעבען ווערען צו פרעמדע פעלקער און דו וועסט דאָס זעהן מיט דיינע אויגען. אָט די שרעקליכע עפּידעמיע האָט זיך איצט אַריינגעריסען אין אונזער מחנה און מאַכט אַ חורבן, אַ גייסטיגען חורבן פון אונזער יוגענד. מיט די אייגענע הענט גיבען מיר איבער אונזערע קינדער צו פרעמדע פעלקער, פרעמדע לעהרער ערציהען זיי, פרעמדע שפּראַכען ווערען זייערע לשונות, פרעמדע לאַדזשעס, פרעמדע סאָסייעטיס — זייער סביבה, וועהרענד די אייגענע נאַציאָנאַלע שפּראַך, די אייגענע געשיכטע, די אייגענע קולטור לערענט מען זיי ניט. יאָ, עס וואַקסט אויס אַ שעהנער דור, אַן אינטעליגענטער דור, אָבער אַ פרעמדער, אַ ווייטער פון אונז און פון אונזער אידיש לעבען. „ועינך רואות" — טאַטע־מאַמע קוקען עס צו און שווייגען. די אַלטע שרעקליכע קללה! די אַלטע שרעקליכע תוכחה!

אָדער נעהם, צום ביישפּיעל, די קללה: „ואכלת פרי בטנך בשר בניך ובנותיך" — דו וועסט עסען די פרוכט פון דיין בויך, דאָס פלייש פון דיינע זיהן און טעכטער. מען קען די קללה ניט נעהמען אין בוכשטעבליכען זין, ווייל מיר אידען אפילו אונטער די ערגסטע אומשטענדען זיינען קיין קאַניבאַלען ניט געווען, און ווער רעדט נאָך עסען אייגענע קינדער... נאָר די באַדייטונג פון דער קללה איז — אַז עלטערן וועלען דאַרפען אָנקומען צו זייערע קינדער... עסען דאָס שטיקעל פלייש, וואָס דער זוהן אָדער די טאָכטער וועלען זיי צווואַרפען... אַ שרעקליכע קללה!... אַ געפעהרליכע קללה, וואָס אויף אַ סך עלטערן איז דאָס איצט מקוים געוואָרען!...

איצט קומט נאָך אַ פיעל ערגערע קללה: „גם כל חלי וכל מכה אשר לא כתובה בתורה" — דו וועסט האָבען אַזעלכע קראַנקהייטען און מכות וואָס איז אין דער תורה ניט אויסגעשריבען געוואָרען, מאָדערנע מכות, מאָדערנע קללות וואָס די וועלט־מלחמה האָט אונז געבראַכט, די „געפּעאו" אין רוסלאַנד, די היטלעריסטען אין דייטשלאַנד, דער בלוטיגער „סאַראַקאַ" אינצידענט און די סטודענטען אין יאַסי, די אַנטיסע־

מיטישע כוואַליעס, וואָס פאַרשפּרייטען זיך אין מעקסיקאָ און אין קענעדע — די שטילע דיסקרימינאַציע אין געשעפטען און אין אין קאַלעדזשעס דאָ אין אַמעריקע און נאָך אַזעלכע מכורות, יסורים און קללות. אשר לא כתובה בתורה, וואָס מען קען עס מיט קיין פעדער ניט אויסשרייבען.

לענדער האָבען זיך געביטען, גרענעצען האָבען זיך איבערגערוקט, אַ נייע וועלט איז אויפגעשטאַנען, נייע מענשען, נייע באַגריפען, נייע הערשער, נייע מלוכות, נייע אומשטענדען, אָבער אויף אונז אידען איז אויסגעגאָסען געוואָרען די אַלטע קללה, די אַלטע תוכחה!

און דאָס איז אונזער אייגענע שולד. וועהרענד אונזערע שונאים שטעהען געגען אונז אין געדיכטע מאַסען, שטאַרק אין צאָהל און מעכטיג אין קרעפטען, זיינען מיר צושפּליטערט אויף פּאַרטייען, צוריסען אין טויזענטער קליינע חברה׳לאַך, סאָסייעטקעס, מנינים׳לאַך און קלייזלאַך. אַ סך, אַ סך גלידער האָבען זיך אין גאַנצען אָפּגעריסען פון אונז און זיינען אַוועק צום שונא אין לאַגער און די, וועלכע זיינען נאָך כלומר׳שט פאַרבליבען, האַרמאָנירען אויך ניט צוזאַמען. זאָגט איינער טאָג, זאָגט דער צווייטער נאַכט. זאָגט איינער פייער, זאָגט דער צווייטער וואַסער. „אחיה השילוני׳ס״ קללה רוהט איצט אויף אונז! „והכה ד׳ את ישראל כאשר ינוד הקנה במים״ — גאָט וועט שלאָגען די אידען אַזוי ווי דאָס שטעקעלע וואָס וואַקעלט זיך אין וואַסער, ווען אַ שטורעם־ווינד בלאָזט אויף אַ שטעקעלע און דראָהעט עס אויסצורייסען, ליידעט עס ניט בלויז פון ווינד אַליין, נאָר אויך פון דעם שכנות׳דיגען שטעקעלע, וועלכער ווערט אויך פונ׳ם ווינד געיאָגט און שלאָגט זיך אָן איהם אָפּ... יעדעס שטעקעלע ליידעט דאָפּעלט, פון ווינד און פון זיין שכן. אַט אַזוי זיינען מיר אידען. אַנדערע פעלקער, ווען זיי זעהען געגען זיך אָן אַלגעמיינעם שונא באַזייטיגען זיי אַלע אינערליכע מיינונגס־פאַרשידענהייטען און אַלע פּאַרטיי־חשבונות. מיר אידען אָבער הויבען ערשט אָן צו פאַרשאַרפען די אינערליכע רייבונגען און סכסוכים.

דאָס דערמאָהנט מיר די מעשה מיט יענע פיער ברידער: אַ פאָטער האָט געהאַט פיער זיהן, וועלכע האָבען זיך ניט גוט אויפגעפיהרט. האָט ער זיי פאַרטריבען פון זיין טיש און פון זיין הויז, און זיי זיינען געצוואונגען געווען צו זוכען פאַר זיך אָן אָרט אין אַ פרעמד לאַנד צוויי־

שען פרעמדע מענשען. לאַנגע יאָהרען זיינען די קינדער געווען פאַרלאָזען פון פאָטער. די פרעמדע האָבען זיי באַהאַנדעלט ווי קנעכט, ווי שקלאַפען, שווער מיט זיי געאַרבייט, וואָס אַמאָל מעהר לאַסטען אויף זיי אַרויפ־געלייגט, וואָס ווייניגער פרייהייט זיי געגעבען, עס איז געקומען דערצו, אַז מען האָט שוין די קינדער ניט פאַרגונען דאָס שטיקעל ברויט וואָס זיי עסען, און דאָס ביסעל לופט וואָס זיי שעפען.

זיינען אַמאָל די קינדער צוזאַמענגעקומען זיך צו באַראַטען ווי אַזוי צו פאַרלייכטערען די גרויסע נויט און ליידען אין וועלכער זיי געפינען זיך, דער ערשטער האָט באַהויפטעט, אַז צוליעב דעם וואָס דער פאָטער האָט זיי פון זיך פאַרטריבען, אינטערעסירט זיך ניט מעהר מיט זייערע ליידען, דאַרפען זיי איהם אין גאַנצען פאַרלאָזען, איבעררייסען אפילו די דינע שוואַכע פעדים, וואָס בינדען זיי נאָך מיט איהם צוזאַמען... דער צווייטער ברודער, אַ מעהר היציגער און ענערגישער, האָט זיך אַרויס־געזאָגט, אַז מען זאָל אַנווענדען געוואַלד מיטלען. מיט דער הילף פון העק און אייזענס זאָלען זיי אויפברעכען די טירען און פענסטער פון'ם פאָטער'ס הויז, און זיך אַריינכאַפּען דאָרטען איבער געוואַלט און פאַר־נעהמען דעם אַלטען פלאַץ ביים פאָטער'ס טיש. באַשיידען איז געווען די מיינונג פון דריטען ברודער. ער האָט געראַטען, אַז מען זאָל ליידען און וואַרטען אין דער פרעמד ביז דער פאָטער וועט זיי צוריקרופען. זיי דאַרפען נאָר — לויט זיין מיינונג — פון צייט צו צייט זיך ווענדען צו איהם מיט בקשות. זיפצען פאַר איהם, קרעכצען פאַר איהם, ביז ער וועט זיך מרחם זיין אויף זיי.

אויף די אַלע פלענער האָט אָבער דער פערטער ברודער ניט מסכים געווען, זיין פאָרשלאַג איז געווען, דאָס זיי זאָלען זיך משתדל זיין אַריינ־צוקומען אין פאָטער'ס לאַנד, פון וועלכען זיי זיינען פאַרטריבען געוואָרען, און אַזוי ווי דורך זייער אַוועקגעהן איז אַלעס חרוב און פאַרנאַכלעסיגט געוואָרען, זאָלען זיי זעהן מיט אַלע קרעפטען די חורבות צוריק אויפ־בויען, די פעלדער צו פאַרזייען, די וועגען אויסצובעסערען און צוריק ברענגען אין אָרדנונג די הינטערשטעליג־געבליבענע ווירטשאַפט, און אַז דער פאָטער וועט זעהן, אַז זיינע קינדער זיינען איצט דורכגעדרונגען מיט אַ פעסטען ווילען אַלעס ווידער גוט צו מאַכען, און באַמיהען זיך,

ניט מיט ווערטער, נאָר מיט טהאַטען זיך צוריק מקרב צו זיין צו איהם, וועט ער אויסשטרעקען זיין האַנד און זיי צוריק נעהמען צו זיין הויז און זיי געבען אַן אָרט ביי זיין טיש ווי פריהער.

אַט, אַזעלכע פיער ברידער געפינען זיך איצט אין אונזער מחנה! איינער שרייט אַסימילאַציע... דער צווייטער שלאָגט פאָר, אַז מיר זאָלען זיך מיט שטורעם אַריינרייסען אין אונזער אַלט פאָטערלאַנד. דער דריטער הייסט קרעכצען און זיפצען און בעטען איהם „ולירושלים עירך ברחמים תשוב״. דער פערטער הייסט צוגרייטען דאָס לאַנד אָהן פאָלק, פאַר׳ן פאָלק אָהן לאַנד... איצט איז די פראַגע, וועמעס עצה איז די בעסטע?



# דער פאַרברעכערישער אַנטלויפען פון דער אידישער פאַרגאַנגענהייט

זיצענדיג זומער אויף דער וועראַנדע אין די „מאונטיינס״ און באַטראַכטענדיג דעם עולם ארום, האָב איך איצט דערזעהן די „דעפּרעסיע״ אין איהר ריכטיגען געשטאַלט, „פנה זיוה, פנה הדרה״ — אוועק איז די לוסטיגקייט, די לעבעדיגקייט, די שעהנקייט, דער גלאַנץ און די שטאָלצקייט פון אַמאָל. אָנשטאָט צו ריידען פון „סטייל״ און דרעסעס, זיצען איצט ווייבער און מען רעדט פון דעם מאַן, פון די קינדער און פון זייער היים. און אָנשטאָט צו שפּילען פינאָקל און פויקער, זיצען איצט די בעלי־בתים און מען פאַרברענגט די צייט אין דיסקוסיעס, אין וכוחים, וועגען גלות, וועגען אידישע צרות, וועגען ארץ ישראל און נאָך אַזעלכע זאַכען. עפּעס אַזוי ווי ישראל וואָלט זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף און אויסגעפונען אַז די גאַנצע אילומינאַציע איז בלויז געווען אַ חלום און ער געפינט זיך גאָר אין דעם זעלבען אַלטען צימער און אין דעם זעלבען האַרטען בעט.

***

# דר. י. ל. שניצער

הויך שטעהען די בערג און קוקען אין דער וועלט אַריין, שטיינערנע ריעזען האָבען זיך געראַנגעלט, געיאָגט זיך איינער נאָך דעם צווייטען, געוואָרפען זיך מיט ווילדען כח איינער געגען אַנדערען אין די אָרעמס און פלוצלונג זיינען זיי געוואָרען פאַרגליווערט, געבליבען שטעהן פאַר־טראַכט און פאַרצויבערט און שטעהען שוין אַזוי טויזענדער יאָהרען. דער וואַלד האָט זיך שטילערהייט פאַר'גנב'עט, אַרויפגעקראָכען ביסלאַכ־ווייז אויף זייערע קערפּערס, באַדעקט מיט זיין אונרוהיגען שוועבענדען קלייד זייערע ריפּען און דערצעהלט זיי וואונדער־סודות מיט זיין שטילער כשוף־שפּראַך.

הויך שטעהען די בערג מיט זייערע שטיינערנע שטערענס, זיי שוויי־גען און טראַכטען אַן אייביגען טיפען געדאַנק, און מיט זיי האָב איך, דער ילוד אשה, גענומען מיט־טראַכטען. און וואָס קען אַזאַ איד ווי איך טראַכטען? די דאגת הפרנסה האָב איך אין דער היים איבערגעלאָזען. האָב איך גענומען טראַכטען פון אונזערע אַמאָליגע בערג, פון די הרי יהודה וירושלים, ווי שעהן און פּראַכטפאָל אונזער לאַנד האָט געמוזט זיין, אַז אונזערע חכמים, אונזערע דאָקטוירים האָבען איהר בילד, און איהר אָנדענקונג אונז מיטגעגעבען אַלס הייל־מיטעל אויפ'ן וועג. „אם אשכחך ירושלים תשכח ימיני" — אויב איך וועל פאַרגעסען אָן דיר, ירושלים, זאָל איך פאַרגעסען מיין רעכטע האַנד. „תדבק לשוני לחכי אם לא אזכרכי" — מיין צונג זאָל צוגעוואַקסען ווערען צום גומען אויב איך וועל דיר שטענדיג ניט דערמאָנען, און יאָהרען לאַנג האָט טאַקע דער רעצעפּט געהיילט די וואונדען פון דעם אונגליקליכען וואַנדערער, די האָפנונג פון אומקעהרען זיך צוריק אַהיים האָט איהם געגעבען מוט און קרעפטען צו שטעהן אויף זיינע אייגענע פיס, האַלטען זיינע קינדער לעבען זיך, ניט לאָזען זיי פאַרפרעמדט ווערען, ווי פיעלע אַנדערע נאַציאָנען זיינען פאַרפרעמדט געוואָרען.

שפּעטער אָבער האָט ישראל גענומען פאַרלירען דעם צוטרוי צו זיינע אַלטע דאָקטוירים, און אַז מען פאַרלירט דעם צוטרויען צו די גע־לערענטע דאָקטוירים, ווערט יעדע באַבע אַ דאָקטאָר און יעדע נאַריש־קייט — אַ הייל־מיטעל. די קינדער האָבען זיך גענומען ביסלעכווייז אָפּ־רייסען פון איהם און צוטיילען זיך אין פארשיעדענע פּאַרטייען און יעדע

# מענש און תורה

פּאַרטיי האָט גענומען זוכען אַזאַ מין רעצעפּט וואָס זאָל פּאַסען בלויז פאַר איהר אַליין, אַ מיטעל וואָס זאָל ווירקען בלויז אויף אידהרע אייגענע אָנזיכטען און באַגריפען.

די רייכע אידען האָבען זיך אַרומגעזעהן אַז זיי קענען האָבען זעהר אַ גליקליכע „געגענוואַרט", נאָר די „פאַרגאַנגענהייט" שטעהט זיי אין וועג. די פאַרגאַנגענהייט דערמאָנט זיי אַז זיי זיינען אויך צווישען די עלענדע און פאַרשטויסענע. און דאָס קענען זיי ניט איבערטראָגען. האָבען זיי באַשלאָסען אינגאַנצען צו פאַרגעסען די פאַרגאַנגענהייט. מען האָט אַרויסגעוואָרפען דעם זכר פון ציון פון זייער סדור'ל, אויסגעמעקט פון דאַוועגען דעם גאַנצען אָנדענק פון ירושלים. אָט דעם הייל־מיטעל האָבען אונזערע רייכע אידען אויסגעפונען און עס אַ נאָמען געגעבען „רעפאָרם". דער רעצעפּט לערנט ניט צו דענקען, ניט צו בענקען נאָך פאַרצייטיגע גליקען און אויך ניט צו זוכען קיין שפּעטערע גליקען, נאָר לעבען מיט דער געגענוואַרט.

דער פּראָלעטאַריער, דער אַרבייטער און די קליינע געשעפטסלייטע, וועלכע האָבען געמוזט קעמפען טאָג־טעגליך פאַר זייער ביסען ברויט, האָט דער רעפאָרם־מיטעל ניט געקענט באַפרידיגען, ווייל זיי האָבען קיין „געגענוואַרט" ניט געהאַט. דהיינט אַז קיין פאַרגאַנגענהייט ניט און קיין געגענוואַרט אויך ניט, האָבען זיי גענומען זוכען אַ צוקונפט — אַ צוקונפט וואָס זאָל אַלעמען צופרידענשטעלען, אַ רעצעפּט איבערצואַרבייטען די אָרדנונג פון אונזער וועלטעל און צוזאַמענגיסען אַלע נאַציאָנען אין איין פורעם. אַלע מענשען פון פאַרשידענע קלאַסען וועלען זיך אַוועקזעצען ביי נאַטור'ס רייך־געדעקטען טיש און עסען מיט גרויס דרך־ארץ. די פאַר עזות־פּנים'ער וועלען שוין מעהר ניט אַראָפּכאַפּען פון אויבען די פעטע, אָדער פון אונטען די געדיכטע און איבערלאָזען פאַר דער מאַסע אַביסעל שיטערע וואַסערדיגע זופּ.

אַ דריטער קלאַס איז נאָך געבליבען כלומר'שט ביי דעם אַלטען רעצעפּט, מען שטאָלצירט מיט דער פאַרגאַנגענהייט, מען קרעכצט אויף דער געגענוואַרט, און מען זוכט „גימטריאות" פאַר דער צוקונפט. דער רעצעפּט איז דאָ אָנגעשריבען אין יעדען סדור. דריי מאָל אין טאָג

# דר. י. ל. שניצער

נעהמט מען איין די מעדיצין. מען דבק'עט זיך, מען מאַכט צו די אויגען און מען זאָגט צו רפואה. און דערביי בלייבט עס.

דאָס דערמאָנט מיך די מעשה מיט יענעם „חולה": אַ גרויסער דאָק־טאָר, אַ מומחה וואָס האָט געהאַט אַ נאָמען אין דער וועלט, האָט אַמאָל באַזוכט אַ קראַנקען מאַן און איהם פאַרשריבען אַ רעצעפּט און איהם געהייסען, אַז ער זאָל עס פריהער גוט איינקאַכען און נאָכדעם עס טרינ־קען דריי מאָל טעגליך; אַז ער וועט פאָלגען זיין פאַרשריפט, וועט ער זיכער געזונד ווערען.

דער קראַנקער האָט געהאַט גרויס צוטרויען צום דאָקטאָר און האָט מיט דער גרעסטער פּינקטליכקייט אָפּגעהיט דעם דאָקטאָרס פאַרשריפט. ער האָט פריהער עס געקאָכט און נאָכדעם געטרונקען פון דעם דריי מאָל טעגליך, אָבער קיין הילף איז ניט געקומען. האָט ער גענומען פאַרלירען די האָפנונג און אויך דעם צוטרויען צום דאָקטאָר און מיט דעם איז אויך זיין לעצטע ביסעל געזונד שוואַכער געוואָרען. די גלידער פון קערפּער האָבען לאַנגזאַם אָנגעפאַנגען אָפּצושטאַרבען, דאָס האַרץ — שוואַכער צו קלאַפּען און צייטענווייז האָט זיך איהם גענומען דאַכטען אַז עס שטעלט זיך אין גאַנצען אָפּ. ער האָט אָנגעפאַנגען חלש'ן, די משפחה איז צוזאַמענגעלאָפען און אָנגעפאַנגען דעם חולה צו מינטערען און צו וועקען. ער עפענט ווייל־ווייז די אויגען, אָטעמט שווער און פאַלט ווידער אין אָנמאַכט. די משפחה האָט גענומען פאַרדאַמען דעם דאָקטאָר און שרייען, אַז ער איז אַ קאַליקע, אַ בטלן, ער קען קיין דיאַגנאָזע ניט מאַכען און פאַרשטעהט קיין מעדיצין ניט. מען האָט זיך געווענדעט צו מכשפים, צו טאָטערס און צו נאָך אַזעלכע באַבסקע דאָק־טוירים, אָבער שלעכט! עס איז ניטאָ קיין הילף.

צווישען די פאַרזאַמעלטע האָט זיך גראַד געפונען אַ פאַרשטענדי־גער יונגערמאַן, איז ער צוגעגאַנגען צום קראַנקען און איהם גענומען פרעגען:

„זאָגט מיר נאָר פעטערל, האָט איהר ריכטיג גענומען די מעדיצין וואָס דער דאָקטאָר האָט אייך פאַרשריבען?"

„געוויס, מיין זוהן, געוויס! — האָט דער קראַנקער איהם גע־ענטפערט — איך האָב גענומען דעם רעצעפּט און איהם אַריינגעלייגט

# מענש און תורה

אין אַ טעפּעלע און עס גוט איינגעקאָכט, נאָכדעם האָב איך געטרונקען פון דעם וואַסער דריי מאָל טעגליך. אויף מאָרגען האָב איך דעם פּאַפּירעל וואָס ער האָט מיר געגעבען אויסגעטריקענט, און עס ווידער געקאָכט און געטרונקען דאָס וואַסער, אָבער די מעדיצין האָט מיר גאָר ניט געהאָלפען".

„ניין, פעטערעל! — האָט דער יונגערמאַן זיך אָפּגערופען, — איהר האָט דעם דאָקטאָר'ס פאָרשריפט ניט דורכגעפיהרט. איהר האָט געקאָכט אין אייער טעפּעלע אַ שטיקעל פּאַפּיר, אָבער ניט קיין מעדיצין. מיט דעם שטיקעל פּאַפּיר האָט איהר פריהער געדאַרפט געהן אין אַפּטייק און קריגען אַ געוויסע מעדיצין, די מעדיצין האָט איהר דאָס געדאַרפט קאָכען און טרינקען דריי מאָל טעגליך, דאַן וואָלט איהר שוין לאַנג געזונד געוואָרען".

אָט אין די מעשה'לע ליגט דער גאַנצער כאַראַקטער פון אידען, זיין טעות, זיין אירטהום און זיין פיהרונג אין קראַנקען לעבען, אין גלות.

די אַמאָליגע גרויסע דאָקטוירים אונזערע האָבען אונז פאַרשריבען אַ רעצעפּט אַן ציון ניט צו פאַרגעסען, אָבער אונזערע קראַנקען־וועכטערס, אונזערע רבנים, אונזערע מנהיגים, אונזערע פיהרערס האָבען דעם רעצעפּט פון אונזערע דאָקטוירים ניט ריכטיג דורכגעפיהרט. אמת, מען האָט דעם זכר פון ציון אויפגעשריבען און אָפּגעדרוקט אין אַלע סדורים און מען שאָקעלט זיך איבער דעם דריי מאָל אַ טאָג, אָבער דאָס איז ניט די ריכטיגע מעדיצין. די ריכטיגע מעדיצין האָט מען די גאַנצע צייט ניט פּרובירט.

דערמאָנען ציון הייסט — אַז מען זאָל זי האַלטען אין זינען און זוכען שטרעבען ווי אזוי זי צוריקצוקריגען, ווי אזוי זי צוריק צו געווינען, אָבער ניט קאָכען דאָס פּאַפּירעל אין אַ טעפּעלע און טרינקען דאָס וואַסער דריי מאָל אַ טאָג.

דר. י. ל. שניצער

# קינדער — דער העכסטער גליק אינ׳ם מענשליכען לעבען

בעט מיך א פריינד, אַז איך זאָל זעהן איבערצורעדען מיט זיין ווייב, אַז זי זאָל זעהן נאָכגעבען זיין וואונש און איהם מזכה זיין מיט א קינד. זיי זיינען שוין 10 יאָהר פאַרהייראַט, און ער איז, גאָט צו דאַנקען, זעהר גוט אָפּ, אָבער זיין לעבען איז זעהר טרויעריג צוליב דעם וואָס זיין ווייב וויל קיין קינדער ניט האָבען. זי האָט זיך איינגעשאפט א הינטעל — און באהאנדעלט עס מיט דער גרעסטער ליבע און צערטליכקייט, בעת זיין האַרץ געהט אויס פון בענקעניש נאָך א קינד.

האָב איך דעם מאַן געענטפערט, אז רעדען מיט זיין ווייב וועגען דעם פּאַסט ניט פאַר מיר, נאָר איך וועל שרייבען איבער דער טעמא — „וועגען הייראַטען און קינדער האָבען״.

הייראַטען:

א סך מאַטעריאַליסטישע מענשען רעכענען אז דאָס גאַנצע לעבען באַ־שטעהט פון דאָלארס און סענטען, פון איינגאהמע און אויסגאבען — און אַלעס איז ביי זיי א מסחר. זיי האָבען מורא צו הייראַטען, ווייל זיי האלטען עס פאר א שלעכטען „אינוועסטמענט״. מען נעהמט אריין א שותף אין געשעפט, אַהן קאַפּיטאַל און מען טיילט זיך מיט איהם די פּראָפיטען.

דער דענקענדער מענש אָבער באַגרייפט גאַנץ אנדערש די וועלט און דאָס לעבען. דאָלארס און סענטען זיינען ביי זיי ניט קיין מאכלים וואָס ברענגען גליק און צופרידענהייט אין לעבען. „לא טוב היות אדם לבדו״ — האָט אונז די תורה אָנגעזאָגט, עס איז ניט גוט פאר א מענשען צו זיין עלענד און אליין, אָהן א קאָמפּאַניאָן, אָהן א חבר, אָהן א פריינד און אָהן הערצליכער סימפּאַטיע.

מיליאָנען דאָלארס קענען ניט קויפען דאָס געטליכע געפיהל וואָס א מאַן האָט ווען ער ארבייט פאר א ווייב מיט קינדער.

טויזענדער מענער וואָלטען געווען שיכורים און געמבלערס, ווען ניט דער געדאנק אז זיי האָבען א ווייב מיט קינדער צו ערנעהרען. דער יאָך

# מענש און תורה

פון א פאַמיליע מאַכט אויך פון די אָרעמע ארבייטער קליינע ביזנעסלייט, און פון קליינע ביזנעסלייט גרויסע פאַבריקאַנטען.

ווייב און קינדער זיינען פאר׳ן מאַן א שטענדיגע באַגייסטערונג. ער פיהלט אז ער לעבט פאר עפעס, ער האָט פאַר וואָס צו שטרעבען, ער וויל זעהן גליקליך זיין ווייב און קינדער, און דאָס מאַכט איהם ניט בלויז פאַר א גוטען מאַן און א געטרייען פאָטער אין הויז, נאָר אויך פאר א פיינעם מענ־שען אין גאַס און אין געזעלשאַפט.

דער קרעמער פאַרגיפטעט אונז מיט זיינע פעלשונגען, דער דאָקטאָר נאַרט אונז מיט זיין מיטלייד, די נידעריגע מענשען חנפה׳נען אונז כדי עפעס וואָס צו באַקומען, די הויכגעשטעלטע מענער פאַרשפּרעכען אונז מיט זייערע ליפּען שוץ און פּראָטעקציע און פאַרגעסען באַלד זייער צוזאָג. אין קאָנגרעס הערען מיר זעהר פיעל פּאַטריאָטישע ווערטער אָבער זעהר װעניג גוטע האַנדלונגען. אָבער אין דעם פאַמיליען־לעבען געפינען מיר אימער א גרינעם בליהענדען אָאזיס, וואו אין דעם גראָז זיינען קיין שלאַנגען ניט פאַרבאָרגען, קיין דערנער וואקסען דאָרטען ניט, די שאַרפע נאָדלען פון ביען שטעכען דאָרטען ניט, און דער הימעל איז תמיד ריין פון וואָלקענס, די דאָזיגע אָאזע איז די נשמה פון דער פרוי!

קינדער האָבען:

מאַנכע עגאָאיסטישע פרויען, איבערהויפּט אין דעם רייכערען עלעמענט, ווילען קיין קינדער ניט האָבען. קינדער, זאָגען זיי, איז א פּלאָג, אן אָפּקו־מעניש און א שטערונג צו זייער פאַרגעניגען. זיי ווילען בלייבען אימער יונג און אָנציהענד, געהן וואוהין מען וויל, און פארברענגען וויפיעל דאָס האַרץ געלוסט. קינדער אָבער זיינען א שטערונג צו די אַלע זאַכען, קינדער האַלטען די מאַמען אין הויז צוגעבונדען, דעריבער טויג עס ניט.

אמת, פאר א קורצער צייט פליהט טאקע ארום די זומער־פויגעלע איבער די בלומען בייטען און לאָבט זיך מיט דעם זיסען האָניג. אָבער לאַנג קען דער פאַרגעניגען ניט אָנהאַלטען, עס רוקט זיך אונטער דער גרויזאַמער ווינטער, דער שרעקליכער עלטער, דאן הויבט מען ערשט אָן צו פיהלען ווי עלענד מען איז... א היים מיינט ניט א פּלאַץ וואָס איז באַפּוצט מיט רייכע מעבעל, מיט טייערע דיוואנען, און וואו מען באָדט זיך אין לוקסוס... א היים, א הייליגע ריכטיגע היים איז דאָרט, וואו איהר פיהלט אז איהר

## דר. י. ל. שניצער

לעבט ניט אומזיסט אויף דער וועלט, איהר האָט אייער הייליגע מיסיע דורכגעפיהרט און געלאָזען א קינד, אייער נאָמען צו פאַראייביגען.

און דאָס קען אויך זיין דער מיינונג פון דער גמרא: „רבי יהושע בן לוי לא אזל לבי אבלא אלא למאן דאזל בלא בנים" — רבי יהושע בו לוי פלעגט נאָך קיין נפטר ניט טרויערען סיידען נאָך דעם יעניגען וועלכער איז אוועק פון דער וועלט אָהן קינדער, ווייל רבי יהושע בן לוי האָט געהאַלטען, אַז דער צוועק פון מענשענס לעבען באַשטעהט אויף צוויי זאַכען, צו גע־ניסען פון לעבען, און אויפצושטעלען א דור אויף דער וועלט. דער מענש וואָס האָט געטאָן זיין פליכט, ער האָט געלעבט ווי א מענש, און האָט איבערגעלאָזען קינדער, אויף איהם דאַרף מען ניט טרויערען, ער איז פון דער וועלט ניט אָפּגעשטאָרבען, ער לעבט אין זיינע קינדער, קלאָגען דאַרף מען נאָר אויף דעם יעניגען וואָס האָט קיין קינדער ניט געלאָזען. אמת, ער האָט טאַקע גענאָסען פון לעבען, אבער ער איז טויט, אָפּגעשטאָרבען אויף אייביג, עס איז ניטאָ ווער עס זאָל אפילו זיין נאָמען דערמאָנען. אָט אויף אַזאַ מענשען פלעגט רבי יהושע בן לוי טרויערען.

דערביי האָב איך נאָך דערצעהלט די מעשה מיט יענע פּאָרעל:

א באַריהמטער קינדער־דאָקטאָר קריגט איין טאָג א טעלעפאָן, אז ער זאָל קומען זעהר שנעל ווי מעגליך צו א געפעהרליכען חולה אין ריווערסייד דרייוו. ביי דער טהיר פון רייכען פּאַלאַץ האָט שוין דער בעל הבית פון הויז געוואַרט אויף איהם און א זאָג געטאָן: „גוט, דאָקטאָר וואָס איהר זייט געקומען! פיליכט וועט איהר זיין דער גוטער שליח און העלפען אונזער אָרעמען אלפרעד."

ווען זיי זיינען אריינגעקומען אין קראנקען צימער, איז די הויז־פרוי געלאָפען דעם דאָקטאָר אַנטקעגען און מיט טרעהרען אין די אויגען איהם געבעטען אז ער זאָל זעהן צו ראַטעווען זייער אָרעמען אלפרעד. ווען דער דאָקטאָר איז צוגעקומען נעהענטער צום בעט, האָט ער א שפּרונג געטהאָן און אויסגעשריען: „וואָס? צו א מאלפּע האָט איהר מיך גערופען?"

„דאָס איז אונזער קינד, דאָקטאָר — האָט די פרוי געיאָמערט — ווען איהר וואָלט געוואוסט ווי ליעב און טייער ער איז אונז, וואָלט איהר אנדערש גערעדט. מיר האָבען שוין גערופען צו איהם כמעט אלע טהיער־ערצטע

פון ניו־יאָרק, אָבער קיינער פון זיי האָט גאָרנישט אויפגעטהאָן פאר איהם, האָבען מיר גערעכענט אז א מאָנקי איז א מענשליכער וועזען".

מאָלפּעס זיינען אויך אונזערע אבות געווען — האָט דער מאָן אונטער־געכאפּט. דעריבער האָבען מיר געשיקט נאָך אייך, דאָקטאָר! פון געלד איז קיין רעדע ניט וויפיעל איהר וועט בעטען אזוי פיעל וועלען מיר באצאָהלען, אבי ראַטעוועט אונזער אלפרעד".

„פאַר קורירען מאלפּעס נעהם איך קיין געלד ניט — האָט דער דאָק־טאָר איהם געענטפערט, נאָר אז איהר וועט מיר געבען צוויי הונדערט דאָלאר פאַר דעם „קינדער סאַניטאריום" מיט וועלכען איך בין פאַרבונדען, דאַן וועל איך אייער מאַלפּע אונטערזוכען".

דער מאַן האָט גלייך דערלאַנגט דעם דאָקטאָר די פאַרלאַנגטע סומע.

„איהר פאַרשטעהט, מיינע פריינדע" — האָט דער דאָקטאָר מיט א שמייכעל באַמערקט — מיט די פאַר הונדערט דאָלאר וועלען מיר קענען אוועקשיקען אין קאַנטרי עטליכע אָרעמע קינדער, וועלכע האָבען זיך, נעביך, ניט ערצויגען אין אַזאַ רייכטום ווי אייער אַלפרעד."

ווען דער דאָקטאָר האָט אונטערזוכט דעם חולה, האָט ער זיך געווענ־דעט צו דאָס פּאָר פאָלק:

„ניטאָ וואָס צו מאַכען!... שווינדזוכט אין זעהר א שווערער פאָרם... און אפשר גאָר א ראַק... א קענסער!..."

„אוי, אוי, אוי! — האָט די פרוי געיאָמערט — מיין ארעמער אלפרעד! מיין אָרעמער אלפרעד!"

„גלויבט מיר, ליבע פרוי, אז איך וואָס זעה אלע טאָג ביי מיר אין שפּיטאָל הונדערטער קינדער וואָס בעסערע אומשטענדען וואָלט זיי געקענט פאַרלענגערען דאָס לעבען... האָב פון גאַנצען האַרצען מיטלייד אויף אייער אלפערד. האָט איהר קינדער?"

„ניין, דאָקטאָר, מיר האָבען קיין קינדער ניט געהאט" — האָט די פרוי שלוכצענדיג געענטפערט.

„געוועהנליך איז איצט שוין פאַרפאַלען! איהר זייט שוין צו אַלט! האָט דער דאָקטאָר צו זיי געזאָגט, אָבער ווען איהר וואָלט געווען יונג וואָלט איך צו אייך געזאָגט: געדענקט — איהר שמייסט אוועק דאָס שעהנסטע,

## דר. י. ל. שניצער

דאָס בעסטע, דאָס ערהאַבענסטע פון אייער לעבען, ווי גליקליך וואָלט איהר איצטביידע געווען ווען איהר וואָלט געהאַט א פּאָר קינדערלעך ארום זיך... א גן עדן וואָלט אייער היים געבען, און איצט?״

# מצא אשה מצא טוב

מען האָט געבראַכט אין סינג־סינג א אידישען ארעסטאַנט, וועלכער האָט אויף מיר געמאַכט זעהר א טיפען איינדרוק, נאָך זיין האַלטונג נאָך און נאָך זיין באַנעהמען זיך, האָב איך געזעהן אז מ׳האָט דאָ ניט צו טהאָן מיט א געוועהנליכען פאַרברעכער, נאָר נאָכקוקענדיג זיין רעקאָרד האָב איך אויסגעפונען אז ער איז געשיקט געוואָרען אהער פאר א „דאָבעל ברעסטיגען״ פאַרברעכען, פאר טראָגען וואָפען, און פאר אנגריף צו מאָרדען.

ווען איך האָב זיך מיט איהם פאַנאַנדערגערעדט, האָט ער מיר די פאָל־גענדע געשיכטע דערצעהלט.

א צירונג הענדלער איז ער געווען, און האָט זעהר גוטע געשעפטען געמאַכט. מיט צוועלף יאָהר צוריק האָט ער חתונה געהאַט מיט אן אָרעמער מיידעל און די הייראַט איז באַשאָנקען געוואָרען מיט דריי קינדער.

זיין פרוי האָט ליעב געהאַט צו געהן שעהן געקליידעט און טראָגען ברי־ליאַנטען, און אזוי ווי ער האָט זי זעהר ליעב געהאַט און קיין געלד האָט אויך ניט געפעהלט, האָט ער איהר געגעבען אלץ וואָס איהר האַרץ האָט נאָר פאַרלאַנגט. זיינען אָבער געקומען שלעכטע צייטען און זיין געשעפט האָט גענומען ארונטערגעהן, ער האָט זיך געוואָרפען אהין און אהער, אָבער עס איז אלץ ניט געגאַנגען. ער האָט באַנקראָטירט, און איז געבליבען אן אָרעמאַן און דאָ האָט זיך אָנגעפאַנגען א גאַנצע סדרה צרות פאַר איהם פון זיין ווייב. די בריליאַנטען זיינען אוועק, קיין נייע קליידער האָט ער איהר אויך ניט געקענט מאַכען און זיין ווייב איז געווען פון יענע פרויען וואָס האָבען זייער פאַרטיגען פּזמון: „הענג און ברענג! גנב׳ע, גזל און רויב, אבי גיב געלד!״

# מענש און תורה

ער איז אוועק ארבייטען אלס קלוירק אין א ציערונג געשעפט, אבער די שכירות איז פאר זיין ווייב ניט גענוג געווען, זי האָט געריסען פון איהם שטיקער, זיין הויז איז געוואָרען א ריכטיגער גיהנום, ער האָט אָבער אלעס ארונטערגעשלונגען און געשוויגען.

צווישען זיינע אמאָליגע באַקאַנטע איז געווען איינער א רייכער צוריק־געצויגענער ציערונג הענדלער אין די פופציגער יאָהרען, וועלכער האָט גע־האָט א נאָמען אלס גרויסער לעבע יונג. און אזוי ווי זיין ווייב איז געווען שעהן, יונג און אנציהענד, איז ער געוואָרען א גאַנצער שמעלקע מיט איהר, מען האָט אָנגעפאנגען געהן צוזאַמען אין טעאטער, אין דער אָפּערא און אין נאָך אזעלכע פארגעניגענס פלעצער, זי פלעגט קומען אהיים 4 אדער 5 אזייגער אין דער פריה און נאָכדעם שלאָפען א גאנצען טאָג, די קינדער זיינען געווארען פארנאכלעסיגט און זיין הארץ פלעגט צושפרונגען ווערען פון אייפערזוכט.

איין טאָג, ווען ער איז געקומען פון דער ארבייט אהיים, האָט ער געפונען ווי זיינע קינדערלאך זיינען געזעסען צוגעטוליעט איינער צום צווייטען אזוי ווי דריי בלודנע שעפסעלאך און האָבען געוויינט. אויף זיין פראַגע: „וואו איז די מאַמע?” האָבען זיי איהם געענטפערט, אז די מאמע האָט צוזאַמענגעפּאקט איהרע זאכען און איז אוועק; זי איז אוועק מיט איהר געליבטען און איהם איבערגעלאָזען די קינדער.

א לאַנגע צייט איז ער ארומגעגאַנגען אזוי ווי א צומישטער, ענדליך אָבער איז ער געקומען צו זיך און האָט גענומען באַגרייפען וואָס מיט איהם האָט פּאַסירט. ער האָט זיין ווייב פאַרקלאָגט אויף א גט און דעם פאר־פיהרער אויף 15 טויזענד דאלאר שאדענערזאץ, און ער האָט ביידע זאַכען געוואונען: אי דעם גט און אי די שאדענערזאץ. ער האָט אָבער פון דאָס געלד א סענט ניט געוואָלט געניסען, ער האָט גענומען דאָס גאַנצע געלד און עס אוועקגעלעגט אין „טראָסט” פאַר זיינע קינדער.

אין דערזעלבער צייט האָט אויך דעם פארפיהרער'ס ווייב איהם פאר־קלאָגט אויף א גט, זעהענדיג אז די געשיכטע פיהרט שוין אביסעל צו־ווייט, האָט ער זיך מיט זיין ווייב איבערגעבעטען און די געליבטע משלח געווען.

ניט האָבענדיג וואו זיך אַהינצוטהאָן, איז זי צוריקגעקומען צום מאַן און גענומען וויינען, בעטען, אז ער זאָל אויף איהר רחמנות האָבען, זי וועט

# דר. י. ל. שניצער

שוין זיין גוט און פרום, געטריי און איבערגעבען, אבי ער זאָל זי אין הויז צוריק ארייננעהמען. זיין האַרץ איז צוגאַנגען געוואָרען פון מיטלייד. אמת זי האָט טאַקע געזינדיגט, שווער געזינדיגט געגען איהם, אָבער זי איז דאָך די מאַמע פון זיינע קינדער. קורץ, ער האָט זי צוריק אין הויז אריינגענומען. זיי האָבען זיך ארויסגעצויגען אין א פרעמדער געגענד וואו מען קען זיי ניט, און האָבען געגומען לעבען צוזאַמען ניט אלס מאַן און פרוי, נאָר אלס צוויי גוטע פריינד. ער האָט זיך אויפגעפיהרט געגען איהר ווי א פאָלשטענדיגער עהרענמאַן, ער האָט די גאַנצע צייט קיין איינציג מאָל ניט דערמאָנט די־רעקט, אדער אינדירעקט די פאַרגאַנגענהייט. און מיט דער צייט, קען זיין, וואָלט ער צוריק חתונה געהאַט מיט איהר, ווייל ער האָט זי זעהר שטאַרק געליעבט, אָבער ווי עס קוקט אויס, איז זיין ווייב געוועזען פון די פערזאָנען וועלכע האָבען ניט געקענט לעבען און ליידען, ווייל אין א פּאָר מאָנאַטען ארום האָט זי זיך פאַרגיפטעט.

שמערץ, וועהטאָג, פּיין, פארצווייפלונג און ראַכע האָבען אָנגעפילט זיין האַרץ, ער מוז נעהמען ראַכע פון איהר פאַרפיהרער, טויטען איהם אזוי ווי ער האָט זי געטויטעט. ער האָט געקויפט א רעוואָלווער און האָט אויף איהם געשאָסען, ער האָט איהם אָבער בלויז פאַרוואונדעט, דערפאַר זיצט ער דאָ איצט אין סינג־סינג.

אויסהערענדיג זיין געשיכטע, האָב איך זיך דערמאָנט אָן א גמרא: „במערבא כי נתיב אתתא אמרו ליה הכי מצא? או מוצא?" — אין מערבא, אז איינער פלעגט נעהמען א ווייב פלעגט מען איהם פרעגען וועלכען פּסוק, ברודערעל, האָסטו אריינגעכאַפּט, דעם „מצא אשה מצא טוב", אז דו האָסט געפונען א פרוי, האָסטו געפונען גוטעס. אָדער דעם פּסוק „ומוצא אני את האשה מר ממות" — און איך געפין אז די פרוי איז נאָך ביטערער ווי דער טויט?

אַמאָליגע צייטען, אז איינער פלעגט נעהמען א פרוי, האָט ער געוואוסט אַז ער האָט א חבר אין לעבען. אין לייד און אין פרייד זיינען מאַן און פרוי געווען איינס, זי האָט ניט געוואוסט פון קיין טענץ, פון קיין בעלער, פון קיין ברידזש פּארטיס, פון קיין פויקער פּארטיעס, „מצא" — ער האָט אימער געפונען די עקרת הבית, די ווירטהין צו הויז, און זי האָט אויפגעפּאַסט אויף איהם מיט די קינדער. איצט אָבער איז גאָר אין גאַנצען אנדערש,

## מענש און תורה

„מוצא" — מען דאַרף די איצטיגע פרוי געפינען. וואו איז די מאַמע? אוועק צו א טאַנץ? וואו איז די מאַמע? אוועק צו א ברידזש פּאַרטי! „ומוצא אני את האשה" — די פרוי וואָס מען דאַרף אַלע טאָג געפינען, איז „מר ממות" — ביטערער ווי דער טויט!

# דער צדיק און בעל תשובה

די גמרא זאָגט אונז: „במקום שבעלי תשובה עומדים צדיקים גמורים אין יכולין לעמוד". דאָרטען וואו אַ בעל תשובה שטעהט, קען קיין צדיק ניט שטעהן, דאָס הייסט, אַז אַ בעל תשובה שטעהט דעריבער העכער ווי אַ צדיק, וואו איז די לאָגיק? שטעלט אייך פאָר אַ איד אַ צדיק וואָס זיצט טאָג און נאַכט על התורה ועל העבודה, אַ גאָטס-פאָרכטי־גער מענש וואָס איז אָפּגעהיט אויף יעדען טריט און שריט, איז פון איהם מאַכט מען ניט אַזאַ פאַראַד, נאָר אַז עס קומט אַ געוועזענער חטאת, וואָס האָט אָפּגעטהאָן אַלע נידערטרעכטיגע זאַכען אין דער וועלט, נאָר ער האָט זיך אַ קלאַפּ געטהאָן אין האַרצען און אַ זאָג געטהאָן: „אשמנו, בגדנו, גזלנו", האָט ער זיך שוין איינגעקויפט אין יחוס און געוואָרען מעהר מחותן מיט'ן רבונו של עולם ווי דער צדיק וואָס האָט פאַרבראַכט זיין גאַנצען לעבען אין צדקות און אין יראת שמים, וואו איז דער יושר?

אלס ענטפער אויף דער קשיא קען מען דערצעהלען די מעשה מיט יענע צוויי מלכים:

אין צוויי מדינות האָבען געקעניגט צוויי מלכים, איינער האָט באַ־קומען זיין מלוכה בירושה פון זיין פאָטער, וועלכער איז געווען זעהר אַ גרויסער העלד און אַ מוטהיגער קעמפפער, ער האָט אַ סך לענדער אונטערטעהניג געמאַכט, און האָט דערמיט זיין קעניגרייך פאַרגרעסערט, כדי זיין זוהן זאָל האָבען אַ נאָמען אַלס גרויסער מלך.

דער צווייטער מלך אָבער איז געבוירען געוואָרען ביי אָרימע פּראָסטע

עלטערען, נאָר דורך זיין גרויס גבורה און העלדענטהאַט האָט ער זיך אַרויפגעאַרבעט אַז דאָס לאַנד האָט איהם געמאַכט פאַר אַ מלך.

ווען עס פלעגט פאָרקומען עפּעס אַ שטיקעל סכסוך צווישען זייערע אונטערטהאַנען, אָדער צווישען אַנדערע לענדער, פלעגט דער מלך וואָס האָט אַלעס באַקומען בירושה אומגעהן זעהר צוטראָגען, קיין קעמפּפער איז ער ניט געווען, ער האָט אין זיין לעבען קיינמאָל קיין שווערד ניט געהאַלטען, פלעגט ער אַלץ מורא האָבען טאָמער, פאַרלירט ער זיין מלוכה. דער אַנדערער אָבער וואָס איז מיט זיין אייגענע גבורה געוואָרען מלך, האָט פאַר קיין אויפשטאַנד קיין מורא ניט געהאַט, ווייל ער איז געווען אַ העלד און איז געוואוינט געוואָרען צו קעמפּפען.

דער גרעסטער צדיק וואָס האָט ביז איצט ניט געוואוסט וואָס זינד הייסט, איז נאָך אלץ מיט זיך ניט זיכער, ער איז פרום, ווייל ער האָט ניט געהאַט קיין נסיון בייצושטעהן. ער ווייס ניט וואָס קאַמפּף איז, ער זיצט זיך אין זיין חדר מיוחד און האָט קיין אומגאַנג און קיין באַריהרונג ניט מיט דער וועלט. אָבער דער געוועזענער חטאת, ווייס וואָס זינד איז. ער האָט אַלעס מיטגעמאַכט, אַלעס געגאָסען און האָט באַקעמפּפט דעם יצר הרע און געוואָרען אַ בעל תשובה. מיט אַזאַ מענשען איז דער אויבערשטער זיכער, אַז ער וועט שוין בלייבען ביי זיין פרומקייט. דעריבער שטעהט דער בעל תשובה העכער ווי דער צדיק.



# דער סוף פון ניט־אידעאַלען הייראַטען (זווגים)

דאַנטע זאָגט אונז, אַז דאָס גרעסטע וואונדער אין דער וועלט איז דעם מענשען׳ס נשמה, און דאָס האָב איך אויסגעפונען ווען איך האָב באַזוכט דעם „נומער 853622״.

געקומען איז ער אין אַמעריקא אַלס קינד, געגאַנגען דאָ אין סקול און אין חדר, חתונה געהאַט מיט אַן אָרעמער מיידעל, און זיך געלעבט רוהיג און צופרידען. ער איז געווען אָנגעשטעלט אַלס בוכהאַלטער ביי

# מענש און תורה

אַ גרויסע פירמע און האָט פּאַרדיענט 50 דאָלער אַ וואָך. קיין קינדער האָבען זיי נישט געהאַט און זיי האָבען אויך ניט געבענקט נאָך דעם; ערשטענס, האָט זיין פרוי קיין קינדער ניט געגליכען און צווייטענס, איז שווער אויסצוקומען היינטיגע צייטען מיט אַ פאַמיליע מיט 50 דאָלאר אַ וואָך. אָבער ווי עס קוקט אויס, איז די פירמע פון איהם ניט אַזוי שטאַרק צופרידען געווען ווייל נאָך אַ קליינעם איבעררייד, וואָס ער האָט געהאַט מיט זיין בעל־הבית, האָט ער איהם אַוועקגעשיקט. דעם אָרעמען מענשען האָט דאָס ווי אַ דונער געטראָפען. ער איז אומגעלאָפען פון איין פלאַץ צום צווייטען זוכען אַרבייט, אָבער עס האָט זיך ניט געמאַכט און ניט קענענדיג טהאָן עפּעס אַנדערש איז ער אומגעגאַנגען זעהר שטאַרק פאַרצווייפעלט.

איין טאָג האָט ער ערפאַהרען אַז דעם בוכהאַלטער, וועמען די פירמע האָט צוגענומען, האָט מען ענטזאַגט און די שטעלע איז ווידער אָפען, האָט זיין ווייב באַשלאָסען צו געהן צום בעל־הבית און אויסבעטען ביי איהם דעם פלאַץ פאַר איהר מאַן. עס איז אפילו געווען אַן אונ־אנגענעהמע שטיקעל ארבייט, אָבער וואָס קען מען טהאָן, און קיין אַנדער שטעלע מאַכט זיך ניט? קורץ, זי איז אַוועק צום בעל־הבית בעטען פאַר איהם די שטעלע און זי האָט עס אויך געקראָגען.

דעם מאַנ'ס פרייד איז ניט געווען צו באַשרייבען, און נאָך מעהר איבערראַשט איז ער געוואָרען, ווען אין אַ פּאָר מאָנאַטען אַרום האָט דער בעל־הבית איהם ערקלעהרט, אַז ער קען זיך מעהר נוצליך מאַכען פאַר דער פירמע, ווען ער וועט אַרומפאָהרען אַלס רייזענדער אַגענט. אויסער זיין שטענדיגען געהאַלט וועט ער נאָך קריגען אַ געוויסען פּראָצענט פון די ביזנעס וואָס ער וועט מאַכען. דער מאַן האָט זיך אַנגעכאַפּט אַן דעם און האָט גענומען אַרומפאָהרען איבער דער מדינה. זיין געהאַלט איז שוין איצט באַשטאַנען פון איבער הונדערט דאָלאר אַ וואָך. זיין פרוי האָט גענומען אַ וואוינונג אין אַ רייכער געגענד, אויסגעמעבלירט מיט טייערען מעבעל. זי האָט זיך געקויפט טייערע קליידער מיט קאָסטבאַרע ציערונג, און דעם מאַנ'ס האַרץ האָט געקוואָלען פון נחת. די פּאָר טעג וואָס ער פלעגט פאַרברענגען אין דער היים, פלעגט ער רופען „גן־עדן טעג".

## דר. י. ל. שניצער

מיט צוויי יאָהר צוריק איז זיין בעל־הבית געשטאָרבען און האָט אין זיין צוואה אָפּגעזאָגט 20 טויזענט דאָלאר אויף זיין ווייב. די יורשים האָבען אָנגעפאַנגען אַ פּראָצעס און ביים פּראָצעס איז אַרויסגעוויזען געוואָרען אַז זיין בעל הבית האָט געהאַלטען זיין פרוי פאַר זיין מעטרעסע, און אין אַ בעזויפענעם צושטאַנד האָט איהם זיין ווייב בעאיינפלוסט, ער זאָל אָפּזאָגען איהר אַ ירושה.

זיין ווייב האָט דעם פּראָצעס פארלאָרען, און האָט זיך מודה געווען פאר איהם אַז זי האָט די גאַנצע צייט איהם בעטראָגען. און אין זיין קאָפּ האָבען זיך גענומען באַמבלען נקמה־געדאַנקען. ער מוז ראַכע נעהמען פון איהר. אָבער וואָס פאַר אַ ראַכע זאָל ער נעהמען? ערמאָרדען זי? ניין. דאָס איז ניט גרויס גענוג! אַ מאָמענטליכער שמערץ און אַלעס איז פאַראיבער! ער מוז אויסקלערען פאַר איהר אַ שטראָף וואָס זאָל איר פּלאָגען און מאַטערען יעדע שטונדע אין טאָג ביז די ענדע פון איר לעבען.

צופעליגערוויזע לעזט ער אין אַ צייטונג, אַז אין דער לעצטער צייט איז דער האַנדעל מיט פרויען זעהר שטאַרק געוואָרען. מען פאַרנאַרט אומשולדיגע פרויען און מען פארקויפט זיי אין אונמאָראַלישע הייזער. אַ געדאַנק האָט אין זיין מוח אויפגעבליצט, ער האָט די ריכטיגע שטראָף פאַר איהר! ער האָט אויפגעזוכט אַ שקלאַפען־הענדלער און איהם דערצעהלט וואָס ער וויל טהאָן און יענער האָט זיך אָנגעכאַפּט אָן דעם. עפּעס אַ קלייניגקייט, ער קריגט אַ יונגע שעהנע פרויענצימער און נאָך אָהן געלד דערצו. מען האָט אָפּגעמאַכט אַז דער מאַן זאָל זי ברענגען אין אַ געוויסען הויז אין ניו דזשוירזי, דאָרטען וועט מען שוין זעהן, אַז זיין וואונש זאָל ערפילט ווערען.

און אזוי איז געווען. ער האָט זי מיטגענומען כלומר'שט מיט אַ תירוץ אַז ער פאָהרט באַזוכען זיינעם אַ פריינד, אָבער ווען זי האָט זיך דערוואוסט וואָס פאַר אַ שיקזאַל זי ערוואַרטעט, האָט זי גענומען מאַכען קולות און געוואַלדען. זי איז געפאַלען צו זיינע פיס און געוויינט און געבעטען, אַז ער זאָל רחמנות האָבען אויף איהר. אָבער איהרע טרעה־רען האָבען אויף איהם קיין שום ווירקונג ניט געמאַכט. ער איז אַוועק און זי האָט ער דאָרטען געלאָזען.

# מענש און תורה

ווי אַזוי זי האָט זיך פון דאָרטען בעפרייט, ווייס ער נאָך עד היום ניט. ער ווייס נאָר, אַז מען האָט איהם אַרעסטירט און זיין ווייב איז אויפגעטראָטען געגען איהם אין געריכט פאַר פאַרקויפען זי צו שאַנדע, און איצט זיצט ער אין פריזאָן דערפאַר.

„אָבער די לאַנגע שלאָפלאָזע נעכט פון פריזאָן האָבען מיין משוגעת אַביסעל אָפגעקיהלט — האָט ער צו מיר טרויעריג אַ זאָג געטהאָן — און איך האָב אָנגעפאַנגען איינצוזעהן ווי ווילד און נידעריג איך האָב געהאַנדעלט געגען איהר. מיר זיינען פון אָנפאַנג אָן קיין גלייכע פאָר ניט געווען. מיר האָבען זיך גאַנץ ווייניג וואָס געקענט פאַר דער חתונה. די אויסערליכקייט האָט אַביסעל אָפּעלירט צו אונז. אָבער אויף דער אי־נערליכקייט פון אונזערע כאַראַקטערע, אויף דעם האָבען מיר ניט געקוקט. ווען איך וואָלט אימשטאַנד געווען צו געבען איהר אַביסעל מעהר לוקסוס, וואָלט זי פילייכט אַזאַ שריט ניט געמאַכט".

הערענדיג זיינע ווערטער, האָב איך זיך דערמאָנט אָן אַ גמרא: רב יוחנן כי מטי להאי קרא בכי" — ווען רב יוחנן איז געקומען צו דעם פסוק פון דער תורה, האָט ער געוויינט, „והיה כי תמצאן אותו רעות רבות וצרות" — אַז עס וועט זיך איהם טרעפען זעהר פיעל שלעכטס און צרות, „עבד שרבו ממציא לו רעות וצרות תקנה יש לו?" — אַ קנעכט וועמען דער בעל־הבית טיילט אויס אַזוי פיעל צרות און פיין, וואָס פאַר אַ תקנה קען ער האָבען צו פאַרבעסערען זיין לעבען? „מאי רעות וצרות", וואָס פאַר שלעכטס און צרות האָט רב יוחנן געמיינט? רב אמר רעות שנעשו צרות זו לזו כגון זיבורא ועקרבא". רב זאָגט: שלעכטעס און צרות וואָס מען טהוט זיך איינער דעם צווייטען אַזוי ווי צוויי שרצים. „ושמואל אמר זה הממציא מעות לעני בשעת דחקו" — שמואל זאָגט: דער וואָס גיט געלד אַן אָרעמאַן ווען איהם איז שלעכט.

אַמאָליגע צייטען, ווען מאַן און פרוי האָבען זיך געדאַרפט פאַר־אייניגען, פלעגט מען פריהער גוט חוקר ודורש זיין פון וואָס פאר אַ הויז זיי קומען. וואָס פאַר אַן ערציהונג זיי האָבען געקראָגען ביי זייערע עלטערען. אָבער אין דעם „מעלטינג־פאָט", וואָס מיר רופען אַמעריקא, איז מען גאַנץ ווייט אַוועק פון די אַלע זאַכען. דאָ שפּיעלט דאָס אויג די הויפּט ראָלע, אַ קוק, אַ בליאַסק, אַ ברען און אַ חתונה! נאָכדעם הויבט

# דר. י. ל. שניצער

מען זיך ערשט אָן אַרומצוזעהן אין וואָס פאַר אַ בלאָטע מען איז ארייַנ־געפאַלען. אַ שוואַך מענשעלע קריגט אַ ווייב אַ קאָזאַק. זי ווערט דער בעל־הבית און ער — איהר שקלאַף. אַ נאַאיווע אונשולדיגע מיידעל קריגט אַ מאַן אַ שאַרלאַטאַן, אַ טיראַן, וואָס הערשט אויף איהר מיט די שרעקליכסטע גרויזאַמקייטען. אַט אויף אַזעלכע פאַמיליענלעבענס האָט רב יוחנן געקלאָגט: פערשקלאַפטע מענער, פערשקלאַפטע פרויען, וואָס זייער הערשער פארביטערט זיי דאָס לעבען מיט אַלערליי צרות און יסורים וואָס פאַר אַ תקנה קענען אזעלכע פאַמיליענלעבענס האָבען?

„מאי צרות ורעות" — וועלכע צרות מיינט רב יוחנן? רב זאָגט: מען טהוט זיך צו'להכעיס איינער דעם צווייטען, און מען הרג'עט זיך אַרום שטענדיג אַזוי ווי צוויי מיאוסע, עקעלהאַפטע שרצים. שמואל אָבער געהט נאָך וויטער. ער ריהרט אָן דעם עקאָנאָמישען צושטאַנד. „הממציא מעות לעני בשעת דחקו" — גאַנץ אָפט טרעפט זיך, אַז דער מאַן ברענגט ניט גענוג וויפיעל די פרוי דאַרף האָבען... געהט די פרוי זיך משתדל זיין פאַר איהם ביי זיין בעל הבית, און דער בעל הבית ווערט פלוצים אַ פילאַנטראָפּ און העלפט דעם מאַן אין נויט אַזוי ווי נומער „853622" איז געהאָלפען געוואָרען.

דעם מאַנ'ס משוגענע ווילדע ראַכע דערמאָנט מיך אָן אַן אַלטע „לעגענדע":

זיבען יאָהר זיינען אַוועקגעלאָפען זינט נבוכדנצר, דער קעניג פון בבל האָט פאַרלוירען זיין מענשליכע געשטאַלט און איז פערוואַנדעלט געוואָרען אין אַ חיה. ער איז די אַלע יאָהרען געבליבען אַ שטומע באַ־שעפעניש, וואָס פלעגט אַרומקריכען אויף אַלע פיער, געגעסען גראָז און געלעבט צוזאַמען מיט אַנדערע פיער־פיסיגע ברואים אין דעם קעניג־ליכען וואַלד. אין אַ געוויסען אָווענט, נאָך די זיבען יאָהר, האָט ער פלוצלונג צוריקגעקראָגען זיין מענשליכען פנים און געוואונען זיין מענשליכע שפּראַך. זיין ערשטער שריט איז געווען אויפצוזוכען זיין שני למלך, נעמן, און האָט צו איהם אַזוי געזאָגט:

„ווי דו זעהסט, בין איך צוריק געקומען צו מיין מענשליכע קראַפט. איך בין ווידער דער אַלמעכטיגער הערשער פון בבל, און מיין ערשטער באַפעהל וואָלט איצט געדאַרפט זיין דיך צו טויטען, ווייל דו האָסט געלעבט

## מענש און תורה

אין זינדיגער ליעבע מיט מיין ווייב׳ די קעניגען. קענסטו זיך פאַר־שטעלען די יסורים וואָס איך האָב דורכגעליטען צוזעהענדיג ווי מיין ווייב געניסט די ליעבע פון אַן אַנדערען? איך האָב מיט מיינע אויגען גע־זעהן ווי מיין ווייב איז געלעגען אין דיינע אָרעמס און דו האָסט זיך געשפּיעלט מיט איהר אלבאַסטער־ווייסען קערפּער. איך פלעג שרייען פאַר וועהטאָג, אָבער מיין געשריי האָט זיך געטראָגען ווי דער ברום פון אַ חיה וואָס האָט איבערגעשראָקען די שעפּסען, אָבער ניט איך. איהר האָטביידע פערדיענט דעם טויט. אָבער דו ביזט אַ מאַן, נעמן, און ליבע און ליידענשאַפט איז אַ מאַנ׳ס פּריווילעגיע. דיר מוז איך פאַרצייהען, אָבער זי מוז שטאַרבען! זי האָט געוואָלט ליבע, טאָ זאָל זי עס האָבען מיט אַ פולער מאָס! דו זאָלסט זי היינט ביינאַכט איבערגעבען צו מיינע סאָלדאַטען מיט אַ באַפעהל, אַז זיי זאָלען זי אַזוי שטאַרק ליעבען ווי דו האָסט איהר געליעבט!״

און נאָך קיינמאָל האָבען די סאָלדאַטען אין דער קאַזאַרמע ניט אויס־געפירט אַזוי פּינקטליך דעם באַפעהל פון זייער האַר און קעניג ווי אין יענער נאַכט. די קעניגען איז פאַרקושט געוואָרען צום טויט.



## די יאַגעניש נאָך רייכקייט

איך קריג אַ בריוו פון מיינעם אַ לאַנדסמאַן, וועלכער איז מיט אַ פּאָר יאָהר צוריק זעהר רייך געווען, אַז איך זאָל איהם באַזוכען. „איך וואָלט געוויס געפאָהרען צו אייך זיך דורכריידען אביסעל — שרייבט ער מיר — נאָר איהר פאַרשטעהט דאָך אליין אַז פון אַ משוגעים הויז איז שווער זיך ארויסצורייסען״.

אַ גרויסער סוחר איז ער געווען, אַ איד אַ משכיל, אַ בן תורה, געהאַט אַ גוט האַרץ און איז זעהר טאָלעראַנט געווען. „עס איז זעהר אַ שעהנע וועלטעל״ — פלעגט ער זאָגען — „מען דאַרף נאָר האָבן שכל ווי אַזוי אַרומצוגעהן אין איהר״. און אַזוי ווי ער האָט גערעכענט, אַז ער האָט שכל, דערפאַר האָט ער אָנגעווענדעט זיין גאַנצען שאַרפזין געלט צו

מאַכען און עס איז איהם געלונגען. ער האָט געפיהרט זעהר אַ רייך הויז. די קינדער געגעבען די בעסטע ערציהונג און גאַנץ אָפט אויך אַרויסגעהאָלפען אַ פריינד, אָדער אזוי אַ נויט־באַדערפטיגען ווען ער האָט זיך געווענדעט צו איהם. „יעדער האָט מיך ליעב" — פלעגט ער זאָגען — „און דערפאַר בין איך גליקליך, איבערגליקליך".

אָט אַזוי זיינען געגאַנגען וואָכען, חדשים און יאָהרען. די קינדער האָבען אויסגעשטודירט, חתונה געהאַט, אָבער דעם טאַטענ'ס קעשענע איז אימער געווען אָפען פאַר זיי און טאַקע פאַרוואָס ניט? ער איז דאָך עפּעס אַ טאַטע! אָבער דאָס רעדעלע האָט זיך אַ דרעה געטהאָן. ער האָט ספּעקולירט און אלעס פאַרלאָרען. אָבער אלס עהרליכער באַנקראָטירטער, האָט ער אָנגעגעבען אין די „עסעטס" אַלע זיינע הייזער און אויך אַלע אַנדערע זאַכען וואָס ער האָט אָנגעזאַמעלט פון פריהער, מען האָט אַלעס פון איהם צוגענומען, אָבער ניט זיין מוט. ער האָט זיך אויסגעגליטשט, האָבען אָבער וועניג אַנדערע זיך אויסגעגליטשט? זיינע קינדער, וועלכע זיינען רייך, וועלען איהם געוויס העלפען זיך ווידער אויף זיינע פיס צו שטעלען. די פרעמדע, וועמען ער האָט גרויסע טובות געטהאָן, וועלען ניט שטעהן פון ווייטען, ער וועט ווידער אָנפאַנגען צו טהאָן ביזנעס.

אָבער ער האָט פאַרגעסען אָן דעם אַלטען אידישען שפּריכוואָרט: „אַז עס פאַלען די רעדער, פאַלט אויך דער גאַנצער וואָגען". זיין פרוי האָט איהם ניט געוואָלט מוחל זיין פאַרוואָס ער האָט ניט איבערגעשרי־בען די הייזער אויף איהר נאָמען. זיינע קינדער האָבען איהם ערקלעהרט אַז ער איז אַן אַלטער נאַר, און זיינע בעקאַנטע האָבען איהם פּשוט ניט דערקענט.

איז דאָס מעגליך? האָט ער זיך געפרעגט, און זיך געריבען די אויגען, איז דאָס טאַקע די ווירקליכקייט? שטומערהייט פלעגט ער זיצען און זיך איינהערען צו דער קריטיק פון זיין פאַמיליע: אַלטער פערד, אַלטער נאַר, אַלטער „איזי־מאַרק"! און ווער קריטיקירט איהם? זיין פאַמיליע! די פאַמיליע, פאַר וועמען ער האָט זיין לעבען אַוועקגעלייגט. און אין זיין מח פלעגען זיך נעהמען פּלאָנטערען ווערטער: „די פאַמיליע... די הייליגקייט פון דער פאַמיליע... די פּוסטקייט פון דער פאַמיליע". אוי, עס ווילט זיך שרייען! שרייען אַזוי הויך אַז די גאַנצע וועלט זאָל

# מענש און תורה

הערען זיינע קולות. אַט זיצען זיי און שטעכען איהם מיט שאַרפע מעסערס. און ווער זיינען זיי? זיינע אייגענע, זיינע ליעבע זיין אייגען בלוט און פלייש!

„פלייש״ יאָ, דאָס איז דער ריכטיגער וואָרט דערפאַר! ער האָט דורכגעמאַכט אַ לעבען פון יאָגעניש, פון אַמביציע, פון קלעטערען און וואָס האָט ער אָנגעזאַמעלט? אַ יאַטקע מיט פלייש! אָפּגעפרעסענע זיהן און זעלבסטצופרידענע טעכטער. פלייש, אַ גאַנצע יאַטקע מיט פלייש!

וואָלט ער געווען אַביסעל אינגער וואָלט ער אַנטלאָפען פון דער יאַטקע. אָבער ער איז שוין אין די זעכציגער יאָהרען. וואוהין קען ער איצט געהן?

אום צו שטילען זיין נערוועזען צושטאַנד, האָט ער גענומען מאַכען אַ שנעפּסעל, און דאָס, ווי געוועהנליך, האָט זיין לאַגע נאָך פיעל ערגער געמאַכט, די ווייב האָט געשריען אַז זי וועט מעהר מיט אַ שיכור ניט וואוינען. די קינדער האָבען זיך גענומען שעהמען מיט איהם. די פריינד און בעקאַנטע האָבען געלאַכט פון איהם און ערקלעהרט: קיין וואונ־דער ניט וואָס ער האָט פאַרלאָרען אַזאַ פאַרמעגען. אַ משוגע׳נער שיכור!

זיין הויז־דאָקטאָר האָט זיי געראַטהען, מען זאָל איהם אוועקשיקען אין אַ סאַנאַטאָריום פאַר נערווען־קראַנקע, אָבער מען האָט פאַרלאַנגט 50 דאָלאַר אַ וואָך. איז ביי דער פאַמיליע געבליבען, אַז מען זאָל איהם אַוועקשיקען אין אַן אַנשטאַלט פאַר האַלבע משוגעים און מען צאָהלט פאַר איהם 5 דאָלאַר אַ וואָך.

אויסהערענדיג זיין לעבענס־טראַגעדיע האָב איך זיך דערמאָנט אָן אַ גמרא אין שבת: „מי שהחשיך לו בדרך נותן כיסו לנכרי״ — ווען איינעם איז פינסטער געוואָרען אין מיטען וועג, גיט ער דעם בייטעל געלד זיינעם צו אַ פרעמדען, „ואם אין עמו מניחו על החמור״ — און אַז קיינער איז ניטאָ מיט איהם, לעגט ער דאָס אַוועק אויף׳ן אייזעל. „הגיע לחצר החיצונה נוטל את הכלים הניטלין בשבת״ — ווען ער האָט דערגרייכט דעם אויסווייניגסטען חצר, נעמט ער נאָר מיט די נויטיגסטע כלים וואָס ער דאַרף האָבען אויף שבת.

# דר. י. ל. שניצער

נאַרישע מענשעלעך האָבען מיר אויף אונזער וועלטעל. מען לויפט, מען פליהט, מען האַנדעלט, מען וואַנדעלט, מען האָרעוועט, מען בושעוועט און מען מאַכט געלט. ער אַליין האָט קיין צייט ניט הנאה צו האָבען דערפון, ער דאַרף בלויז זאַמלען, זאַמלען, זאַמלען און זאַמלען, ווער געניסט פון זיין פּראַצע? די ווייב מיט די קינדער! זיי לעבען אין לוקסוס, אין פאַרגעניגען און דער טאַטע, דער שוטה קלייבט נחת דערפון. ווייל ער דענקט אז ער איז ארומגערינגעלט מיט אַ געטרייער, פאַרטגעשריטענער און געבילדעטער פאַמיליע. ווען פאַנגט ער אָן צודערפיהלען זיין נאַרישקייט? „מי שהחשיך לו בדרך" — אַז עס איז געוואָרען אַביסעל פינסטערלאַך אין מיטען וועג. ער האָט געמאַכט אַ ספּעקולאַציע און עס האָט זיך ניט איינגעגעבען. ערשט דאַן דערוויסט ער זיך אַז „נותן כיסו לנכרי" — אַז ער האָט אַוועקגעגעבען זיין גאַנצע האָרעוואַניע, זיין געזונט און זיין לעבען צו פרעמדע. „ואם אין עמו" — און אפילו ווען זיינע קינדער זיינען שוין ניטאָ מעהר ביי איהם, ער האָט זיי שוין פאַרזאָרגט און אויסגעגעבען, געפינט ער אָבער איצט אויס אַז „מניחו על החמור" — ער האָט אַוועקגעלייגט זיין גאַנץ לעבען אויף אייזלען און גראָבע יונגען. און אפילו ווען ער האָט שוין זיין געלט ניט פאַרלאָרען, נאָר „הגיע לחצר החיצונה" — אַז עס קומט צו דעם אויסווייניגסטען חצר, ווען מען דאַרף נעהמען אַבשיעד פון דער וועלטעל, געפינט ער דאַן אויס, אַז פון דאָס גאַנצע עשירות זיינע „נוטל את הכלים הניטלין בשבת" — נעהמט ער בלויז מיט אַ פּאָר כלים׳לאַך, צובראָכענע שערבלאַך און אַ פּאָר לייווענטענע בגדים צו „רוהען", שבת צו מאַכען.

דאָס דערמאָנט מיר די מעשה מיט יענעם אָרימאַן: אין א שטעטעל זיינען געווען צוויי קרעטשמעס, איינע האָט געהאַלטען אַן איידעלער מענש מיט אַ גוט האַרץ און די אַנדערע האָט געהאַלטען אַ שלעכטער מענש און זעהר אַ קאַרגער. איז געקומען אַן אָרימאַן אין שטעטעל און איז גראַדע אַריינגעפאַלען צום שלעכטען קרעטשמער און בעט איהם אַז ער זאָל איהם געבען עפּעס עסען און איהם לאָזען איבערשלאָפען. זאָגט צו איהם דער קרעטשמער: „איך וועל דיר געבען עסען און דו קענסט ביי מיר אויך שלאָפען, אָבער דו מוזט טהאָן דערפאַר אַביסעל אַרבייט".

# מענש און תורה

דער אָרימאַן איז צופרידען געווען און האָט געטהאָן אַלע אַרבייט וואָס מען האָט איהם געהייסען.

ווען ער האָט זיין אַרבייט געענדיגט, זאָגט צו איהם דער קרעטש־מער: „איצט געה אריין אין קרעטשמע און שטעל זיך אוועק ביי דער טיהר. איך האָב דאָרטען אָנגעזאָגט אַז מען זאָל דיר געבען אַ גוטע וועטשערע און אַ בעט צו שלאָפען". דער אָרעמאַן האָט געמיינט אַז יענע קרעטשמע געהערט אויך צו דעם זעלבען מאַן, איז ער אוועק אַהין, דאָרטען האָט מען איהם קיין פראַגעס ניט געשטעלט, מען האָט איהם געגעבען עסען און טרינקען מיט א ברייטער האַנט און א וויכען געלעגער צו שלאָפען. אויף מאָרגען איז דער אָרעמאַן געקומען צום שלעכטען קרעטש־מער און האָט איהם זעהר געדאַנקט פאַר'ן עסען און פאַר דעם שעהנעם נאַכטלעגער וואָס ער האָט איהם געגעבען. האָט דער קרעטשמער צו איהם געזאָגט: „אויב דו ווילסט, קענסטו ביי מיר ווייטער פאַרבלייבען ארבייטען און דו וועסט קריגען עסען און שלאָפען". דעם אָרימאַן איז דאָס געפעהלען געוואָרען. ער האָט געאַרבייט פאַר'ן שלעכטען, און געגעסען און געשלאָפען ביי דעם גוטען.. אין אַ פאַר טעג אַרום האָט זיך דער אָרעמאַן צורעדט מיט אַ מאַן פון שטעטעל, האָט יענער זיך צו איהם אָפּגערופען: „דו אַרבייסט פאַר'ן טייפעל און עסטו עסען ביי אַ מלאך. ווען דו וואָלסט אָבער לכתחילה געגאַנגען גלייך צום גוטען קרעטשמער, וואָלסטו ניט געדאַרפט אַרבייטען פאַר'ן שוואַרץ יאָהר אומזיסט און אומנישט".

אַ מענש יאָגט זיך איבער זיינע כחות, ווערט פאַרשוואַרצט אַרבייטענ־דיג און זאַמעלט געלט. פאַר וועמען? פאַר זיין פאַמיליע! שפּעטער אָבער געפינט ער אויס אַז ער האָט זיין גאַנץ לעבען געאַרבייט פאַר'ן טייפעל.

## דר. י. ל. שניצער

# אויף דער זון קען מען קוקן בלויז פון ווייט

דערצעהלט מיר אַ איד, אַז ער געהט אום די לעצטע צייט זעהר צוטראָגען און ענטוישט. זיינע אַ קרובה האָט חתונה געהאַט מיט אַ מאַן וועלכער האָט זעהר אַ גרויסען נאָמען אַלס ליטעראַט, דענקער און פילאָזאָף. ווען ער האָט זיך אָבער לעצטענס מיט איהר באַגעגענט, האָט זי איהם גענומען דערצעהלען געשיכטעס פון דעם פילאָזאָף, אַז עס האָט זיך איהם אַוועקגעשטעלט די האָר קאַפּויר. ער קען זיך גאָרנישט פאָרשטעלען, אַז אַזאַ מאַן מיט אַזאַ רעפּוטאַציע זאָל באַזיצען אַזעלכע שוואַכקייטען, „אם בארזים נפלה שלהבת מה יעשו אזובי הקיר?" — אויב אַזאַ צעדערבוים טהוט אַזעלכע זאַכען, וואָס זאָל שוין טאָן דער איינפאַכער מענש, דער מאָך פון דער וואַנט.

ווען ער האָט געענדיגט, האָב איך זיך צו איהם אָפּגערופען:

מיין פריינד, איך ווער ניט אַנטוישט פון אַזעלכע זאַכען. קאַנט זאָגט: די מענשען וואָלטען אַנטלאָפען איינער פון צווייטען, ווען יעדער וואָלט דעם אַנדערען דורך און דורך געזעהן, דער גליק איז וואָס מעהר ווי אַ העלפט פון אַלעס איז פאַרבאָרגען פון אונז. אלא ניט, וואָלט געוועזען זעהר אַן עקעלהאַפטע געזעלשאַפט.

טויזענדער און טויזענדער ביכער און צייטונגען ווערען טאָג טעגליך געדרוקט, די מאָדערנע דרוק־מאַשינען אַרבייטען ווי טייוואָלים און גיבען אַרויס מיליאָנען צייטונגען וועלכע דערצעהלען אונז, דאַכט זיך, אַלעס וואָס קומט פאָר אויף דעם ערד־קוגעל, מען לאָזט די מינדסטע זאַך ניט דורך.

אָבער דאָס איז אַ טעות, פון די זאַכען וואָס מען דערצעהלט ניט וואָלט געקענט זיין אַ סך מעהר ביכער און צייטונגען ווי פון אַלעס וואָס מען דערצעהלט אונז יאָ.

יעדער שרייבער וואָלט געקענט אָנשרייבען גאַנצע ביכער פון זאַכען און פאַסירונגען, וואָס ווערען פאַרשוויגען און באַגראָבען, אָבער דערביי וואָלט ער זיך אליין געמוזט אַרויסשטעלען אויפ'ן שאַנדע־קלאָץ.

# מענש און תורה

די וועלט דענקט וועגן גרויסע מענשען ווי וועגן מלאָכים, אַז זיי שוועבען אַרום אין די הויכע וועלטען און חבר'ן זיך מיט דער זון, מיט דער לבנה און מיט די שטערען, און זיי האָבען גאָרנישט צו טאָן מיט אונזער ערדישען נאַרישען וועלטעל. ווערט אָבער מיט זיי אַביסעלע נעהענטער בעקאַנט, וועט איהר אויסגעפינען, אַז אַ מענש איז אַ מענש, געמאַכט געוואָרען פון בלוט און פלייש און באַזיצט דעמזעלבען יצר הרע, מיט דעם זעלבען יצר טוב ווי אַלע מענשען. ווייל קיין ערדישער מענש קען די נאַטור און דאָס לעבען ניט איבערמאַכען.

די לעגענדע דערצעהלט וועגען דעם גרויסען דענקער סאָקראַטעס, אַז ווען ער האָט געהאַלטען ביים שטאַרבען האָט ער צוגערופען צו זיך זיינע תלמידים און האָט צו זיי געזאָגט: „איך געה שטאַרבען, און איך וויל קומען אויף יענער וועלט מיט אַ ריינער נשמה און מיט א ריינעם געוויסען, בעט איך אייך, אַז איהר זאָלט זעהן צו באַצאָהלען מיין שוסטער די פאָר פּרוטות וואָס איך בין איהם שולדיג געבליבען". די תלמידים זיינען אַרויס אין גאַס און האָבען צופּויקט איבעראַל די גרויסקייט פון דעם פילאָזאָף, אַז פאַר'ן טויט האָט ער אין זינען געהאַט צו באַצאָהלען דעם שוסטער די פאָר פּרוטות כדי ער זאָל קומען אויף יענער וועלט מיט אַ ריינער נשמה און מיט אַ ריינעם געוויסען.

ווען די נייעס איז אָנגעקומען צו זיין ווייב האָט זי זיך זעהר שטאַרק צולאַכט און זיך אָפּגערופען: „איך ווער ניט נתפּעל פון זיין גרויסקייט, זיין מוח קען טאַקע זיין אויפ'ן הימעל, אָבער אַליין איז ער אויף דער ערד גלייך מיט אלע מענשעלאך וואָס האָבען ליעב „אונטערצובלאָפען". ווען ער זאָגט צו מיר, אַז איך זאָל באַצאָהלען דעם שוסטער די פאָר פּרוטות, וואָס ער איז איהם שולדיג געבליבען, וואָלט איך צו איהם געזאָגט: „וואָס האָסטו זיך עפּעס גראדע דערמאָהנט אָן דעם שוסטער, מיין טייערער בלאָפער! דו ביזט, דאַכט זיך, אין די שענקען אַ סך אַ סך מעהר שולדיג געבליבען".

די גרויסע מענשען, די דענקערס, די פילאָזאָפען אונזערע, זיינען ווי די שטערען אין הימעל, מיר זעהען זיי פון דערווייטענס און מיר באַוואונדערען זיי ווי זיי שיינען, קוים אָבער זאָל מען זיי ערפאָרשען און

## דר. י. ל. שניצער

אויסגעפינען וואָס אויף די שטערען טוט זיך, אַזוי מוז דאָס וואונדערלי־כע פאַרשווינדען.

סאָקראַטעס׳עס ווייב איז געשטאַנען צו נאָהענט לעבען דעם צעדער־בוים, דאַריבער האָט זי נאָר געקענט זעהן בלויז די שוואַרצע צורונצעל־טע קאָרע פון זיין שטאַם. די וועלט אָבער איז געשטאַנען אַביסעל וויי־טער אַוועק פון איהם, האָבען זיי געקענט זעהן די ריכטיגע שעהנקייט פון דעם בוים ווי ער צושפרייט זיינע פראַכטפאָלע צווייגען רונד און אַרום.



# א שעהנער מחותן מוז געבען שעהנע מתנות

פרעגט מיך אַ איד:

אונזערע חכמים זאָגען: אַז אברהם אָבינו האָט מקיים געווען אַלע מצוות פון דער תורה נאָך איידער זי איז געגעבען געוואָרען, אפילו עירוב תבשילין האָט ער אויך אָפּגעהיט, פרעגט זיך די פראַגע: ערשטענס, אויב אברהם איז געווען אַזאַ גרויסער זהיר במצוות, וואַרום האָט ער גע־וואַרט מיט מצות מילה ביז דער אויבערשטער וועט איהם הייסען? עירוב תבשילין האָט ער יאָ אָפּגעהיט און וועגען מילה, וואָס דאָס איז די גרעס־טע מצוה פון דער תורה, האָט ער זיך ניט וויסענדיג געמאַכט? און צווייטענס, ווי אַזוי האָט זיך דער אויבערשטער געקענט באַריהמען מיט אַזאַ אידען, וואָס איז ביז 99 יאָהר קיין גע׳מל׳טער ניט געווען?

אויף זיין ערשטע קשיא, וואַרום אברהם האָט זיך אַליין נישט גע־כאַפּט מקיים צו זיין מצות מילה, האָב איך איהם געוויזען אַז אונזערע חכמים האָבען שוין דאָס פאַרענטפערט. זיי זאָגען, אַז אויף אַ זאַך וואָס עס איז אויף דעם ניטאָ קיין בפירוש׳ער געבאָט, איז דאָס ניט קיין מצוה נאָר אַן איסור. ווייל „אין אָדם רשאי לחבול את עצמו״ — אַ מענש טאָר ניט שעדיגען זיין קערפּער.

אויף זיין צווייטער קשיא, וואַרום דער אויבערשטער האָט זיך גע־גרויסט מיט אַזאַ אידען, האָב איך איהם דערצעהלט די מעשה מיט יענע מחותנים:

# מענש און תורה

עס זיינען געווען אַמאָל צוויי גוטע פריינד, וועלכע האָבען געוואוינט אין צוויי באַזונדערע שטעט. זייער פריינדשאַפט איז געווען אַן אויסערגעוועהנליכע, עס פלעגט ניט אַוועקגעהן אַ וואָך צייט וואו מען פלעגט זיך ניט שרייבען איינער צום צווייטען לאהובי־בריוועלעך, און נאָך זיך שיקען מתנות אויך דערצו.

די ביידע גוטע פריינד האָבען קיינמאָל ניט אויסגערעכענט ווער עס שיקט אַ גרעסערע מתנה און ווער אַ קלענערע, ווייל עס איז ניט געווען אַזוי די ווערטה פון דער מתנה ווי דער צייכען פון פריינדשאַפט וואָס איינער האָט דעם צווייטען אַרויסגעוויזען.

מיט יאָהרען שפּעטער איז ביי איין פריינד אונטערגעוואַקסען אַ זוהן און ביי דעם צווייטען אַ טאָכטער, האָבען זיי באַשלאָסען זיך משדך צו זיין צווישען זיך. מען האָט צוזאַמענגעפיהרט דעם חתן מיט דער כלה, און זיי זיינען זיך געפעלען געוואָרען און מען האָט געמאכט א תנאים.

דער עולם האָט גערעכענט אַז איצט וועט די פריינדשאַפט צווישען די ביידע גוטע פריינד נאָך פיעל שטאַרקער ווערען, ווייל צו דער אַלטער פריינדשאַפט איז איצט צוגעקומען אַ באַנד פון מחותנים׳שאַפט, צום סוף אָבער האָט זיך אויסגעלאָזען פונקט קאַפויר, גלייך נאָך די תנאים האָבען זיך די מחותנים גענומען אַרומרייסען און אַרומקריגען, און צוליעב וואָס ? צוליעב די מתנות. דעם חתן׳ס פאָטער האָט געשריען אז דער כלה׳ס פאָטער האָט אביסעל צוגעקאַרגט מיט די מתנות וואָס ער האָט געגעבען דעם חתן, און דער כלה׳ס פאָטער איז געווען אומצופרידען מיט די מתנות וואָס דער חתן האָט דער כלה געגעבען.

האָט איינער גראַדע אַ פרעג געטאָן: „ווי קומט עס, וואָס איידער זיי זיינען געוואָרען מחותנים זיינען זיי זעהר צופרידען געווען מיט די מתנות וואָס זיי פלעגען זיך איינער דעם צווייטען שיקען און איצט קריגט מען זיך אַרום איבער די מתנות״?

— וואָס פאַרשטעהסטו דאָ ניט ? — האָט אַ צווייטער איהם געענטפערט — פריהער זיינען זיי בלויז געווען גוטע פריינד, זיי זיינען ניט מחויב געווען צו געבען איינער דעם צווייטען מתנות. איז וואָס איינער האָט געגעבען, איז געווען גוט, איצט אָבער זיינען זיי געוואָרען מחותנים

# דר. י. ל. שניצער

און אויף מחותנים ליגט אַ חוב צו געבען מתנות, און אויף דעם וואָס מען מוז, איז מען זעהר „פּריטיקלע״, דעריבער קריגען זיי זיך אַרום.

פאַר מתן תורה איז אונזער פאָטער אברהם ניט מחויב געווען צו געבען דעם אויבערשטען אַ מתנה, און אויב ער האָט איהם יאָ געגעבען, איז דאָס געווען בלויז אַ צייכען פון פריינדשאַפט, דאַריבער האָט דער אויבערשטער ניט מקפיד געווען צו האָבען אומגאַנג מיט אַברהם׳ען אפילו ווען ער האָט מצות מילה ניט מקיים געווען. שפּעטער אָבער ווען דער אויבערשטער האָט אונז געגעבען א תורה און איז געוואָרען מיט אונז אַ מחותן, איז ער געוואָרען אַ מקפיד און פאַרלאַנגט, אַז די מתנות זאָלען זיין ריכטיגע און גוטע, ווי עס פּאַסט פאַר אַ שעהנעם מחותן.



# דער פאַרלאַנג אויסצוזעהן שעהן

די גמרא זאָגט: „יאה עניותא לישראל״, אָרעמקייט איז אַ צירונג פאַר אידען, ווייל אָרעמקייט פאַרבינדט זיי מעהר צוזאַמען, אָרעמקייט האַלט זיי מעהר צונויפגעקניפּט, און דאָס האָב איך אויסגעפונען ווען איך האָב אַ קוק געטאָן אויף די ווערענדעס פון די אידישע האָטעלען. מיט אייניגע יאָהר צוריק האָט די שטעטעל ביים ים אויסגעקוקט „כסכה בכרם״ ווי אַ פאַרלאָזענעביידעל אין אַ ווייגגאָרטען. דער עולם איז געלאָפען אין די ווייטע הויכע אריסטאָקראַטישע מקומות, און די רוי־מער (איטאַליענער) האָבען פארנומען די אידישע פּאָזיציעס... איצט אָבער נאָכ׳ן חורבן האָט זיך ישראל גענומען קעהרען צוריק צו זיין פאַרלאָזענעם לאַגער, צו די אַלטע באַנגעלאָס... די לופט איז ווידער אָנגעפילט מיט דיסקוסיעס, מען זיצט און מען דעבאַטירט איבער נאַציאָ־נאַליזם, סענטעריזם, טעמפּעליזם, ראַדיקאַליזם און מאָנקעניזם. מאַנכע זיצען מיט צייטונגען אין די הענט און קוקען איבער די סטאָק־עקס־טשיינזעס פיידזש, עס איז ביי זיי געוואָרען אַ געוואוינהייט צו געהן אַלע טאָג אויף קבר אָבות... מאַנכע זיצען און שפּיעלען פּינאָקעל אַ פּעני אַ

# מענש און תורה

הונדערט, און גיבען נעביך אַ זיפץ און זאָגען: „זאת נחמתי בעניי״, דאָס איז מיין טרייסט אין נויט. מאַנכע ווידער זיצען שטילערהייט פאַר־קלעהרט און הערען זיך איין צו דער כישוף׳דיגער שפּראַך פון ים, די כוואַליעס פּליעסקענען זיך אונרוהיג און וואַרפען זיך אויפ׳ן ברעג, די זון ציהט אויס איבער׳ן ים אַ נעץ פון פּליטערלאַך, און זי שימערט אַרום און אַרום, אַן אָפּשפּיגלונג פון מענשליכען לעבען, קליינע כוואַליעס, גרויסע כוואַליעס, אָבער זיי הערען ניט אויף צו וואַרפען!...

זיצענדיג איין טאָג מיט אַ קאָמפּאַניע אידען אויפ׳ן וועראַנדע פון האָטעל און דיסקוטירענדיג אונזער רוזוועלט׳ס אויפטועכצען, האָבען מיר דערזעהן ווי עס איז פאַרביי געגאַנגען אַ מיידעל געקליידעט האַלב־נודיסטיש, פון איהרע לייכטע סאַנדאַלען האָבען ארויסגעקוקט די נעגעל פון די פיס־פינגער געמאַניקיורט און רויט געפאַרבט ווי די פינגער־נעגעל פון איהרע הענט און ווי די באַקען און די ליפּען, האָט זיך אָפּגערופען איינער פון דער געזעלשאַפט:

עס איז אַ גרויסער פאַרברעכען פון אונזער רעגירונג פאַרוואָס זי לאָזט צו די פרויען זיך אַזוי פּוצען און פאַרבען. שטעלט זיך פאָר ווען אַ צירונג־הענדלער זאָל אייך פאַרקויפען מעש פאַר גאָלד, אָדער אַ מע־בעל הענדלער זאָל אייך פאַרקויפען פּראָסטע פוירניטשור פאַר מאַהאָגאַני, וואָלטען זייביידע באַטראַכט געוואָרען פאַר שווינדלער און באַטריגער און וואָלטען געוויס באַשטראָפט געוואָרען דערפאַר. און דאָ געהען אום פרויען פראַנק און פריי און האַלטען אין איין באַשווינדלען די מענער, מען פאַרבט זיך, מען פּוידערט זיך, מען פאַרגלעט די לעכער און די קנייטשען פון פּנים, מען באָבט און מען בלײטשט די האָר, כדי מענער זאָלען זיך אין זיי פאַרליבען און חתונה האָבען. נו, פרעג איך אייך, איז דאָס ניט דער גרעסטער שווינדעל אין דער וועלט?

די מענער געוויינליך האָבען דעם מאַן גערעכט געגעבען אָבער די פרויען האָבען זיך אויף דעם מאַן אַרויפגעכאַפּט און איהם געוואָלט צו־רייסען. זעהענדיג, אַז די דעבאַטע ווערט אַביסעלע צו היציג האָב איך גענומען דאָס וואָרט און דעם מאַן ערקלערט: אַז דער פּוץ ביי דער פרוי איז ניט קיין לוקסוס, נאָר אַ נויטווענדיגקייט!

## דר. י. ל. שניצער

אַ פרוי וויל אויסזעהן שעהן ניט ווייל זי זוכט צו נאַרען דערמיט דעם מאַן, נאָר ווייל דער פאַרלאַנג צו שעהנקייט געהערט צו איהר נאַטור, אַ פרוי וועט זיך פוצען אפילו זי זאָל עס ניט וועלען.

די „זי" ביי די פאַוועס טוט זיך אָן אַלע פריהלינג אַ נייע פעדערען קלייד פון די פראַכפולסטע רעגענבויגענדיגע פאַרבען וואָס דער „ער" פאַרמאָגט עס קיינמאָל ניט, ביי די מעהרסטע פויגלען און חיות האָבען די „זי'ען" באַשטימטע צייטען ווען זיי זעהען אויס שעהנער, און זיינען באַזונדערס אויפמערקזאַם אויף זייער פוץ, אויף דעם אויסערליכען געשטאַלט!

זיי מיינען ניט צו באַשווינדלען דעם „ער", נאָר דאָס איז דער אינסטינקט וואָס די נאַטור האָט איינגעפלאַנצט ביי אַלע באַשעפענישען, אַז די „זי" זאָל וועלען זיין שעהן און אָנציהענד.

דעם מאַן האָט די נאַטור געגעבען רויע, גראָבע גוואַלדטהאַטען, און ווען ער זוכט ליבע ביי אַ פרוי, פאָדערט ער עס!... אַ פרוי אָבער קען ניט פאָדערען, זי וועט קיינמאָל ניט קומען צו אַ מאַן נאָך ליעבע, דעריבער האָט איהר די נאַטור געגעבען דעם אינסטינקט זיך צו פוצען אום צוצוציהען צו זיך דעם מאַן, אַז ער זאָל איהר אָנבאָטען די ליבע וואָס זי קען ניט בעטען ביי איהם.

זאָגאָר ביי די ווילדע פעלקער וועלכע שטעהען אויף דער נידעריגסטער מדרגה פון אַנטוויקלונג, זיי געהען אין גאַנצען נאַקעט, און עס פעהלט זיי יעדער באַגריף פון אונזער מאָראַל, אָבער זייערע פרויען פאַרבען זייער לייב, טראָגען פעדערען און שטיינדלאך אין זייערע האָר, און זוכען אויך געפעלען צו ווערען, ווייל דאָס איז די נאַטור פון די פרוי.

פרויען מאָדע, פרויען פאַרב, אָדער פרויען פוץ איז ניט קיין נייע ערשיינונג, דאָס איז שוין אַזוי אַלט כמעט ווי די מענשהייט, א באַווייז דערצו האָבען מיר אין פרשה כי תצא. משה זאָגט אָן די אידען: אַז דו וועסט פאַנגען אַ שעהנע פרויענצימער און דו וועסט זיך איינליבען אין איהר, „והבאתה אל תוך ביתך" זאָלסטו איהר ברענגען צו זיך אהיים, „וגלחה את ראשה", און זי זאָל אָפּגאָלען איהרע האָר, „ועשתה את צפרניה", זי זאָל לאָזען וואַקסען איהרע נעגעל, ניט מאַניקיורען זיי

„והסירה את שמלת שביה מעליה״ און זי זאָל אויסטאָן איהר שעהנע נאַ־ציאָנאַלע קלייד, דאַן וועסטו זעהן אין ווען דו האָסט זיך פאַרליבט, צי אין איהר פאַרפוצטען קערפער, אָדער אין איהר נשמה.

נאָך שפּעטער געפינען מיר ביי „איזבל״ קעניג אחאַב׳ס וייב ווען זי האָט געוואָלט געפעלען ווערען „יהוא בן יהושפט״, „ותשם בפוך עיניה״, זי האָט זיך אָנגעפאַרבט די אויגען, „ותיטב את ראשה״ און זי האָט זיך צורעכט געמאַכט איהרע הערלאָך. דאָס באוויזט, אז אפילו אין די אַלטע, אַלטע צייטען האָבען זיך שוין פרויען אויך באַנוצט מיט פוץ!...



# א ווירקונג פון שלעכטער סביבה

פרעגט מיך אַ איד אַן עצה:

ער האָט אין דער אַלטער היים זעהר פיל צרות זיך אָנגעליטען ביי זיינע פאַנאַטישע פרומע עלטערן, זיי האָבען אַלערליי אַכזריות׳דיגע מיטלען אָנגעווענדעט איהם פרום צו מאַכען, דערפאַר אָבער ווען ער איז געקומען אין אַמעריקע האָט ער זיך מיט אידישקייט אָפּגערעכענט, דאָס האָט ביי איהם אין הויז ניט געטאָרט אַריינקומען, ער האָט זיינע קינדער ערצויגען אָהן שום וועלכע רעליגיאָן, זיי זיינען אַמעריקאַנער, און דאָס אַלעס!

איצט האָט זיך זיין טאָכטער איינגעליבט אין אַ פרומען אָרטאָדאָק־סישען יונגענמאַן, ער ליבט איהר אויך זעהר שטאַרק, נאָר ער, דאָס הייסט דער פאָטער, האָט זעהר שטאַרק מורא פאַר דעם בחור׳ס פרומ־קייט, ער וויל פאַרהיטען זיין טאָכטער פון דעם שיקזאַל וואָס ער האָט יונגערהייט געליטען ביי זיינע עלטערן, איז ער דאָס געקומען מיך פרע־גען אַן עצה ווי אזוי ער זאָל האַנדלען.

ווען ער האָט געענדיגט האָב איך זיך צו איהם אָפּגערופען:

„איהר האָט ניט וואָס מורא צו האָבען מיין פריינד, אַ יונגערמאַן וואָס קומט אַריין ביי אייך אין הויז און זעהט צו אייער פידרונג... און וואָס פאַר אַ שעהנע זיסע ערציהונג אייער טאָכטער האָט געקראָגען...

# דר. י. ל. שניצער

און דאָך וויל ער מיט איהר חתונה האָבען, איז אַ סימן אַז זיין פרומ־קייט איז קיין שמעק טאַבאַק ניט ווערטה!... און דערביי האָב איך איהם דערצעהלט די מעשה מיט יענער גרושה״:

צום „ראדזינער רבי'ן״ איז געקומען אַ יונגע גרושה פרעגען אַן עצה, אַזוי ווי זי האָט געשריבען תנאים מיט אַ בחור וועלכער איז נאָך ניט אינגאַנצען באַפרייט געוואָרען פון מיליטער דינסט, ער האָט געקראָ־גען אַ גרינעם בילעט, ווייס זי ניט וואָס צו טאָן. צי זאָל זי איבערוואַר־טען ביז ער וועט אין גאַנצען באַפרייט ווערען, אָדער זי זאָל איצט מיט איהם חתונה האָבען, ווען זי האָט איצט מיט איהם חתונה האָט זי ווידער מורא, אַז טאָמער נעמט מען איהם צו איבער אַ יאָהר צו מי־ליטער און אזוי ווי ס'האָלט ביי מלחמה, קען זי נאָך בלייבען א וויסטע עגונה. דער רבי האָט ניט לאַנג געטראַכט און האָט איהר געהייסען שטעלען גלייך אַ חופה, מען וועט איהם צו מיליטער ניט נעהמען, אויף מיין אחריות!...

ווען די פרוי איז אוועקגעגאנגען האָט דער רבי זיך געווענדעט צו זיינע חסידים:

איהר זאָלט ניט דענקען מיינע פריינד, אַז איך האָב דאָ געהאַנדלעט מיט רוח הקודש. ניין, דאָ איז א גאַנץ פשוט'ע זאַך! פאַרוואָס האָט מען געגעבען דעם בחור אַ גרינעם בילעט? ווייל ער איז נעביך אַ חלוש, אַ שוואַכער, האָט די קאָמיסיע באַשלאָסען אָפּצוואַרטען אַ יאָהר צייט, טאָמער וועט ער שטאַרקער ווערען און ווי קומט עפּעס ווידער, אַז אַזאַ יונגע ווייבעל זאָל שוין זיין אַ גרושה?... איז עס מסתמא דערפאַר, ווייל זי איז זעהר אַ גרויסע מרשעת... איז דעריבער קען זי גאַנץ דרייסט מיט איהם חתונה האָבען, אויב ער איז איצט א חלוש וועט ער לעבענ־דיג מיט איהר אַ יאָהר צייט געוויס ניט פעהיג זיין צו מיליטער־דינסט!...

## מענש און תורה

# די מורא פאַר מי יחיה

רעדט זיך אויס פאַר מיר אַ פרוי איהר שווער ביטער האַרץ:

מיט 12 יאָהר צוריק האָט זי חתונה געהאַט מיט אַ מאַן אויס ליבע. איהרע עלטערן, וועלכע זיינען געווען פיל פראַקטישער פון איהר, האָבען דעם שידוך ניט געוואָלט. פון קליינע באַאָבאַכטונגען האָבען זיי צוזאַמענגעשטעלט אַ גאַנצען רייסטער פון פעהלערען און האָבען איהר אויפגעוויזען אז ער איז ניט דער פאַסענדער מאַן פאַר איהר, אָבער זי האָט זיך צו איהרע עלטערענס ווערטער ניט צוגעהערט. אָהן זייער צושטימונג איז זי מיט איהר געליבטען אַוועק צו אַ רעוורענד און ער האָט זיי געגעבען חופה וקדושין.

נאָך דער חתונה האָט זי זיך ערשט גענומען אַרומזעהן ווי מיאוס זי איז אַריינגעפאַלען. איהר מאַן געהט גראַדע גאַנץ גוט. ער האָט אַן איינגעפונדעוועטען געשעפט, וואָס ברענגט איהם אַריין יעהרליך זעהר אַ שעהנעם פראָפיט, אָבער צו זיין קאַרגשאַפט איז גאָר קיין גלייכען ניטאָ. ער גיט אין הויז נאָר בלויז די נשמה צו דערהאַלטען. פון יעדען סענט מוז זי איהם אָפּגעבען דין וחשבון וואו זי האָט עס אַהינגעטאָן.

דריי קינדער האָט זי מיט איהם אויף דער וועלט געבראַכט און זיי מוטשען זיך גלייך מיט איהר. ער געהט שטענדיג אום פאַר'דאגה'ט און אָנגעבלאָזען, ניט ער לאַכט אַליין און ניט ער לאָזט אַן אַנדערען אַ פרעהליך פנים ווייזען, און אז זי רעדט זיך אַמאָל מיט איהם פאַנאַנדער און ערקלעהרט איהם ווי גליקליך זיי וואָלטען געקענט לעבען ווען ער וואַרפט אַוועק אַביסעל זיינע קמצנות, ווערט ער אויפגערעגט און גיט אַ זאָג: „דער וואָס גרייט זיך ניט אָן ערב שבת דער האָט ניט אויף שבת. אויף די עלטערע יאָהרען וועסטו ערשט פאַרשטעהן וואָס פאַר אַ מין חכם איך בין". דאָס הייסט, ער האָט מורא פאַר'ן „מי יחיה", טאָמער, טאָמער לעבט ער לאַנג און וועט שפּעטער ניט האָבען, קאַרגט ער דעריבער פון זיך און פון זיין פאַמיליע. ניט ער לעבט אַליין און ניט ער לאָזט אַנדערע לעבען.

# דר. י. ל. שניצער

הערענדיג איהר געשיכטע האָב איך איהר ערקלעהרט, אז זי איז ניט די ערשטע און אויך ניט די לעצטע וואָס פאַלט אריין ביי אַזאַ מין בריאה אין די הענט, און איך האָב איהר דערצעהלט די מעשה פון דעם „טרעפּער" און די מאלפּע".

דער טרעפּער וואָס פאַנגט חיות מוז זיין זעהר געניט אין זיין פאַך, ער מוז אויך קענען די נאַטור פון די פאַרשידענע חיות, ווייל זיי דערשמעקען די פאַסטקע פאַר מיילען ווייט און מיידען איהר אויס. ביי געוויסע מינים באַשעפענישען איז דער אינסטינקט פון זעלבסטשוץ אזוי ענטוויקעלט, אז מען קען זיי קיינמאָל ניט פאַרנאַרען אין דער פאַסטקע. זיי זיינען קלוג און פאָרזיכטיג. די נאַרישסטע באַשעפעניש וואָס לאָזט זיך זעהר גרינג כאַפּען אין פאַסטקע איז די מאַלפּע. דער אַפריקאַנישער טרעפּער נעהמט א קאָקוס־נוס, בויערט אויס א לאָך, שניידט ארויס דאָס גאַנצע אינגעווייד און פילט אָן די פוסטקייט מיט רייז, וואָס ביי די מאַלפּעס איז דאָס זעהר א געשמאַקער ביסען, נאכהער באַפעסטיגט ער דעם קאָקוס־נוס מיט א קייט צו דער ערד.

די מאַלפּע דערשמעקט די רייז, שטעקט זי אריין איהר מאלפּישע האַנט אין דעם ענגען לאָך פון דעם קאָקוס־נוס, נעהמט אָן א פולען הויפען מיט רייז, איהר האַנט ווערט צוזאַמענגעלעגט אין א פויסט און זי קען מעהר די האַנט צוריק ניט ארויסציהען, אוועקטראָגען ווידער מיט זיך דעם קאָקוס־נוס קען זי אויך ניט, ווייל די צוגעשמידטע קייט לאָזט ניט.

געפינט זיך נעביך אונזער מאַלפּע אין א שווערער דילעמא, אין א גרויסער פאַרלעגענהייט. ווען זי וואָלט געעפענט דעם פויסט און אָבגעלאָזען די רייז וואָלט זי זעהר לייכט געקענט איהר האַנט ארויסציהען פון פאַסטקע און זיך ראַטעווען, אָבער אַ מאַלפּע איז ניט אזא גרויסער בעל שכל, פונקט ווי מאַנכע מענשען... זי קלערט נאָר וועגען די רייז און ניט וועגען עפּעס אַנדערש: שטעהט זי און לאָזט ניט אָב דאָס ביסעל רייז ביז דער טרעפּער קומט און נעהמט זי געפאַנגען.

א נאַרישע באַשעפעניש איז די מאַלפּע! זי גיט אוועק איהר פרייהייט פאַר אַביסעל רייז!

אָבער ניט קליגער זיינען אויך מאַנכע מענשליכע יחסנים! זיי האַלטען פאַרקוועטשט אין פויסט דאָס ביסעל רייז, די פאַר דאָלאר — און קענען

זיך ניט שיידען מיט זיי. זיי זעהען ניט אז דאָס געלט איז א פאסטקע וואו זיי פאַרלירען מיט דעם זייער אייגענע פרייהייט, און אויך די ליבע פון זייערע פרויען און קינדער. א ווייב קען מיט אַזאַ מאַלפּע ניט לעבען, און קינדער קענען אַזאַ טאַטען ניט רעספּעקטירען. אמת, ער האָט טאקע דאָס ביסעל רייז אין פויסט, אָבער זיין לעבען איז ניטאָ וואָס מקנא צו זיין.

# נייע און אַלטע רבנים

אין פרשה שופטים שטעהט: אַז איהר וועט קומען אין אייער לאַנד און איהר וועט וועלען האָבען א קעניג, „שום תשים עליך מלך", מעגט איהר זיך מאַכען א קעניג, נאָר ער מוז נאָכקומען די געזעצע וועלכע די תורה לעגט פאר איהם פאָר. אָבער ווען דאָס פאָלק איז געקומען צו שמואל הנביא און צו איהם געזאָגט: „הנה אתה זקנת" דו ביזט שוין אלט, „שימה עלינו מלך ככל הגוים", גיב אונז א קעניג אזוי ווי ביי אלע פעלקער, „וירע הדבר בעיני שמואל", האָט דאָס שמואל׳ן זעהר שטאַרק פאַרדראָסען, אז גאָט האָט איהם געמוזט טרייסטען מיט די ווערטער: „לא אותך מאסו", ניט דיך האָבען זיי פאַרמיאוס׳ט, „כי אם אותי מאסו", נאָר מיך האָבען זיי מיט דעם פאַר׳מיאוס׳ט!... פרעגט זיך די פראגע: משה רבנו האָט געגעבען דאָס רעכט די אידען צו ערוועהלען א קעניג, טאָ וואָס האָט זיך דאָ שמואל אזוי שטאַרק באליידיגט אז דאָס פאָלק האָט פון איהם פאַרלאַנגט א מלך?

אלס ענטפער אויף דער קשיא קען מען דערצעהלען די מעשה מיט די חברה פועלי־צדק אנשי פופקעוויץ.

מיט צוואַנציג יאָהר צוריק האָט די פופקעוויצער חברה גערופען א מיטינג פון אלע לאַנדסלייטע און האָבען געשריען: „נעשה לנו שם בארץ", לאָמיר זיך אויך מאכען א נאָמען אויף דער וועלט און אויפנעהמען א גייס־טיגען פיהרער פאר אונזער קהלה, און ווער איז נאָך מעהר פאַסענד פאר די שטעלע ווי אונזער היימישער פופקעוויצער רב? ער איז זעהר א גרויסער למדן, א גוטער דרשן און א געוואלדיגער ירא שמים, ער איז דער ריכטיגער פאַר די פופקעוויצער צאן קדשים.

# דר. י. ל. שניצער

און אזוי איז געווען. דער עולם האָט זיך גענומען צו די קעשענעס, מען האָט צוזאמענגעקליבען א שעהנע פּאַר הונדערט דאלאר, אראָבגעבראכט דעם רב מיט זיין פאַמיליע, און „והעיר שושן צהלה ושמחה״, די פופקעוויצער לאַנדסלייט זיינען אין זיבעטען הימעל!... עפּעס א קלייניגקייט, זיי האָבען איצט לעבען זיך זייער רב, זייער צדיק, וועלכער באגייסטערט זיי מיט זיינע דרשות און מיט זיין הנהגה, זיי האָבען איצט נאָכגעטאָן דעם אלטען פּרינץ דניאל און איינגעריכטעט א פענסטערעל אין גלות־צימער, אין מזרח־זייט, וואו זייער היים ליגט, דער רב האָט זיי פארבונדען מיט זייער אלטער היים, מיט די זיסע עראינערונגען פון זייערע קינדער־יאָהרען.

ויהי היום דאַרף זיך אָבער טרעפען, אז די מעמבערס פון דער פופּ־קעוויצער חברה זיינען וואָל סטריט מאגנאטען געוואָרען... זייגען זיי געקומען צו זייער רב, רב שמואל, און האָבען צו איהם א זאָג געטאָן, „הנה אתה זקנת״, דו ביזט צו אלטמאָדיש פאר אונז, מיר דארפען איצט האָבען א גייסטיגען פיהרער „ככל הגוים״, אָט אזוי ווי די אלע פּאָרטגעשריטענע טעמפּעלס און סענטערס האָבען, א ראבי וואָס זאָל אונז דערלאַנגען א קוואטש אין ענגליש, א ראבי וואָס זאָל פראַווען פאר אונז די עבודה אין א יוניפאָרם. א שוואַרצער מאַנטעל מיט ברייטע ארבעל. „וירע הדבר בעיני שמואל״, האָט דאָס רב שמואל'ן זעהר שטאַרק פאַרדראָסען, סטייטש, איך האָב אָבגע־ארבייט מיין גאַנצען לעבען אויף תורה, נעכט ניט געשלאָפען, טעג ניט דערעסען, ביז איך האָב מיין סמיכה באַקומען, צום סוף בייט מען מיך איצט אויס אויף א טענצער און א שפּרינגער. מען בייט אויס מיין שולחן־ערוך אויף בבא מעשות און מיינע פוסקים אויף פוסטע פראַזען!

זוכט איהם דער אויבערשטער צו טרייסטען און זאָגט צו איהם: ניין, רב שמואל, ניט דיך האָבען זיי פאר'מיאוס'ט, נאָר מיך. מיך האָבען זיי פאַר'מיאוס'ט! זיי זוכען מיט דיר צו שיסען מיך. האָב אָבער געדולד, מיין פריינד, זיי וועלען דעם ענגלישען טענצער אויך לאנג ניט האַלטען. די מי־ליאָנען וואָס זיי באזיצען איז בלויז אויף פּאַפּיר. נאָך א וויילינקע און זיי וועלען דעם ענגלישען רעדנער אויך ניט האָבען פון וואַנען צו צאָהלען!

## מענש און תורה

# פּעסימיזם און אָפּטימיזם

די טעאָריע, אז אלע מענשען זיינען באַשאַפען געוואָרען גלייך, הינקט אביסעל אונטער. איך דענק, אז קיין צוויי גלייכע מענשען זיינען גאָר אויף דער וועלט ניטאָ!

אָט קען איך, צום ביישפּיל, אַ מאַן, וועלכער ווייסט ניט פון קיין דאגות הפּרנסה. ער האָט א גוטע פרוי און שעהנע עדעלע קינדער, ער וואָלט געקענט לעבען גליקליך און צופרידען ווען ער זאָל נאָר וועלען, אָבער ער געהט שטענדיג ארום פארזאָרגט און פארטרויערט, און אז מען רעדט זיך אַמאָל מיט איהם פאנאנדער, וועט ער אייך זאָגען: „וואָס האָב איך דאָ פרעהליך צו זיין? וואָס איז דאָ אזוי מיט מיר די שמחה? די גאנצע וועלט איז קיין שמעק טאבאק ניט ווערטה. פון דער מינוט אָן וואָס מען ווערט געבוירען ביז דער סעקונדע ווען מען לעגט ארויף שערבלאך אויף די אויגען, טרינקט מען זיך אָן מיט צרות און מיט וועהטאָגען. אָדער מען איז אליין קראַנק און אָרעם, אָדער מען זעהט ארום זיך קראנקע און אָרעמע פון וועלכע דאָס הארץ ווערט צוריסען.

אָדער ער גיט זיך א זאָג: אז די גאַנצע וועלט באשטעהט פון נאַרעריי, מען נאַרט זיך און יענעם און יענער נאַרט זיך און אייך, מען נאַרט זיך אָב אין אייגענע קינדער, מען נאַרט זיך אָב אין דער אייגענער ווייב, דער „גוט־מאָרגען" וואָס מען זאָגט אייך איז פאַלש, דער שמייכעל מיט וועלכען א באַקאַנטער באַגעגענט אייך איז א געמאכטער, אלץ איז געפעלשט און גע־קינצעלט.

אָדער איהר הערט פון איהם אַזאַ מין מענה־לשון: איהר לעזט אַמאָל פון גרויסע מענשען מיט וועלכע עס קאָכט א וועלט, עס ווילט זיך אייך אויך קריכען אויפ'ן באַרג, קלעטערען ביז'ן הימעל צו ווערען אזוי גרויס ווי יענער גרויסער, מען ברעכט זיך רוק און לענד ביז מען דערגרייכט צו קומען אהין און שטעהן צוזאַמען מיט די גדולים. נאָכדעם אָבער זעהט מען זיך אָרום, אַז עס איז ניט דאָס וואָס מען האָט געמיינט. פון די גדולים איז געוואָרען פליגען — קליינע, שלעכטע, פאַרדאָרבענע פליגען. אָט אזוי געפינט מען צרות, יסורים און פאַרדאָרבענהייט איבעראל אין הויז, אין

גאָס, אין שוהל, אין געריכט, וואו מען גיט א וואָרף אן אויג, זעהט מען קליינליכקייט און פאַרדאָרבענהייט. היינט טאָ וואָס איז דאָ אזוי די שמחה מיט׳ן מענשען?

קען איך ווידער אן אַנדער מענשען, וועלכער קוקט אויף דער וועלט שוין גאָר מיט אנדערע אויגען.

ער זעהט פאַר זיך א שעהנע ליכטיגע וועלט, א לעבען וואָס איז זיס און פול מיט פאַרגעניגען, א שעהנע זון, ברילייאַנטענע שטערען, פראַכט־פולע בלומען. אלץ איז געשאפען פון דער נאַטור צו פארזיסען דעם מענ־שען׳ס לעבען, ווען דער מענש ווערט געבוירען, ווערט ער באלד אויפגע־נומען מיט פרייד און מיט פריינדליכקייט. און אפילו ווען ער שטארבט, באגלייט איהם הארציגע סימפאטיע פון פריינד און באקאנטע. דאָס ווייזט ווי וויט מענשען זיינען נאָבעל, גוט און פריינדליך איינער צום צווייטען.

ווען איינער איז קראַנק, קומען איהם פריינד מבקר חולה זיין, ווען איינער איז אָרעם, געפינען זיך גוטע מענשען וואָס העלפען איהם אין זיין נויט, וואָס מעהר ער באַטראַכט די שעהנע וועלט אלץ ליבער און ליבער ווערט איהם די מענשהייט. אזוי פיעל מיליאָנען מענשען אויף דער וועלט און אזוי ווייניג פאַרדאָרבענע צווישען זיי!... מען קען זיי אויף די פינגער איבערצעהלען, און דאָס ביסעל שלעכטע וואָס זיינען פאַראַן זיינען שולדיג אין דעם זייערע פינסטערע ביטערע אומשטענדען, היינט ווי אזוי זאָל מען ניט זיין פרעהליך, אז מען זעהט אזוי פיעל פריינדליכקייט און גוטהער־ציגקייט אויף יעדען טריט און שריט!

צוויי מענשען, און דאָך איז זייער קוק אויפ׳ן לעבען אין גאנצען פאַר־שידען. זיי זיינען וויט איינער פון צווייטען אזוי ווי מזרח פון מערב.

און דאָס, קען זיין, האָט אונזער תורה געמיינט אין פרשה עקב מיט די צוויי אויסדריקע: „כי תאמר בלבבך" און „אל תאמר בלבבך", צוויי אויפפאַסונגען אויפ׳ן לעבען וואָס זיינען א קאָנטראַסט איינער מיט׳ן אנדערען.

מיט׳ן „כי תאמר בלבבך" וואָרענט אונז משה געגען דעם פעסימיסט וואָס זעהט אלעס שווארץ, געגען דעם פייגלינג וואָס האלט זיך אין איין שרעקען און שרייט: „איכה אוכל להורישם" — ווי אזוי קענען מיר, צום ביישפיעל קריגען ארץ ישראל, אז מיר זיינען א מינאָריטעט און נאָך זעהר שוואַך דערצו?

## מענש און תורה

דער „אל תאמר בלבבך" ווידער וואָרענט אונז משה געגען דעם אָפּטי־מיסט, וועלכער שרייט אימער „צדקתי". ער גיט צו, אז ס'איז א שעהנע וועלט, א פיינע וועלט, א פּראכטפולע וועלט, אָבער „בצדקתי" — איך, כאצקעל בין דער גרעסטער חכם! איך הערשעל בין דער גרויסער געשעפטסמאן, „כחי ועצם ידי עשה לי את החיל הזה" — מיינע קענטעניסע און מיינע געשעפטס־פעהיגקייטען האָבען מיך צו דער שטופע געבראכט! ניין, ברודערקע! זיי ניט פון די „כי תאמר" לייט און זיי אויך ניט פון די „אל תאמר" לייט, ווארום אזוי ווי עס איז שלעכט צו זיין א צו גרויסער פעסימיסט, אזוי איז אויך שלעכט צו זיין א גרויסער אָפּטימיסט, ווייל וואָס צופיעל איז אומ־געזונט.



# א פערד־הענדלער, אָבער אַן עהרליכער איד

ווי מיר ווייסען, האָבען די אידען געשוואָרען „אם אשכחך ירושלים תשכח ימיני" — אויב איך וועל פאַרגעסען אָן דיר, ירושלים, זאָל איך פאַרגעסען מיין רעכטע האנד", פרעגט זיך די פראגע: ווי אזוי קומט עס וואָס א סך, א סך אידען סיי רייכע און סיי פרומע זאָלען פאַרגעסען די שבועה וואָס זיי האָבען אמאָל געשוואָרען?

אלס ענטפער אויף דער קשיא קען מען דערצעהלען די מעשה מיט יענעם פערד־הענדלער:

אין די קליינע שטעדטלאך איז דער אָקסען־הענדלער א גאַנצער מיוחס, מען האַלט איהם פאַר א שעהנעם מענשען און מען גיט איהם אָב א סך כבוד, בעת דעם פערד־הענדלער האַלט מען פאַר זעהר א גרויסען שייגעץ, פאַר זעהר א גרויסען יונגאַטש, קיין אנשטענדיגער בעל הבית פלעגט מיט איהם קיין שום געשעפטען ניט האָבען.

איז אַמאָל געקומען יאסקע דער פערד־הענדלער צו דעם גביר פון שטעדטעל מיט א טענה: „זאָגט מיר נאָר, רב שלמה, מיט וואָס בין איך ערגער פון חיים דעם אָקסען־הענדלער? איהם באָרגט איהר יאָ געלד אויף מסחר און מיר ניט, מיט וואָס איז ער מעהר בעל בטוח ווי איך?"

## דר. י. ל. שניצער

„וואָס פאַרלאַנגסטו, יאָסעל?“ — האָט דער גביר איהם א פרעג געטאָן:
„איך וויל, אַז איהר זאָלט מיר באָרגען צוויי הונדערט רובעל ביז איבער׳ן יאריד, אויף מאָרגען נאָכ׳ן יאַריד וועל איך אייך אומקעהרען צוריק אייער געלד מיט׳ן פּראָצענט און נאָך מיט א גרויסען יישר כח דערצו“.

דער גביר האָט א טראַכט געטהאָן, אז יאָסקע האָט רעכט: מסחר איז מסחר, פארוואָס זאָל ער טאָקע איינעם יאָ באָרגען און דעם צווייטען ניט? ביידע זיינען אידען, און ביידע דארפען לעבען. איז ער געגאַנגען און האָט דערלאַנגט יאָסקען די צוויי הונדערט רובעל און איהם נאָך צוגעוואונשען, אז דער אויבערשטער זאָל איהם מצליח זיין.

ווען עס איז געקומען די צייט צו באצאָהלען דעם חוב, איז אין קול ואין עונה, ניטאָ קיין יאָסקע און ניטאָ קיין געלד. איז דער גביר אריבער־געגאַנגען צו יאָסקען אין הויז און איהם געפרעגט, פארוואָס ער באצאָהלט איהם ניט זיינע צוויי הונדערט רובעל? יאָסקע אָבער האָט געלייקענט שטיין אוןביין, אַז ער ווייסט גאָרניט פון וואָס צו זאָגען, ער האָט קיינמאָל פון איהם קיין געלד ניט געליהען. דער גביר איז שרעקליך אין כעס געוואָרען. ער איז אוועקגעלאָפען צום רב און איהם דערצעהלט די גאנצע געשיכטע און פאַרלאַנגט פון איהם, אז ער זאָל געבען יאָסקען א שבועה. יאָסקע איז דאָך עפּעס א איד, און א איד וועט דאָך ניט שווערען פאַלש.

דער רב האָט געשיקט נאָך יאָסקען, און יאָסקע האָט אָבגעשוואָרען ביי א ספר תורה, אז ער ווייסט ניט פון וואָס צו זאָגען, ער האָט פון גביר קיין געלד ניט גענומען.

ווען דער גביר איז ארויס פון רב׳ס הויז, איז יאָסקע איהם נאָכגעלאָפען און איהם דערלאנגט זיינע צוויי הונדערט רובעל און נאָך מיט׳ן פּראָצענט אויך. דער גביר איז געבליבען שטעהן ערשטוינט, ער האָט זיינע אייגענע אויגען ניט געגלויבט.

„וואָס קוקט איהר מיך אזוי אָן?“ — האָט יאָסקע צו איהם א זאָג געטהאָן — איך האָב אייך געוואָלט ווייזען, אז א פערד־הענדלער סטראַשעט מען ניט מיט קיין שבועה! איך לאָז זיך אויס פון אייער שבועה! — אָבער אַן עהרליכער מאַן בין איך! איך וועל קיין פרעמדע געלד ניט פארלאַנגען!“

# פירער און העלדען

איך בין געגאַנגען מקבל פּנים זיין א לאַנדסמאַן — א רייכען, פרומען אידען, וועלכער איז געפאָהרען אויף א וויזיט אין ארץ ישראל. עס האָט זיך געוואָלט הערען עפּעס א גרוס פון דער „אלטער מאַמען" ווי זי פאַר־ברענגט דאָרטען איצט איהר צייט צווישען איהרע מאָדערנע קינדער. אָבער, ליידער, האָב איך קיין נחת פון מיין לאנדסמאנ׳ס גרוס ניט געהאט, ווייל ער האָט בלויז געקוקט אויף די זאַכען וואָס האָבען זיין געשמאַק צופרידענ־געשטעלט. פון דער שטאָדט ירושלים קען ער זיך גאָרניט אָפּלויבען, איבער־הויפּט איז ער זעהר ענטציקט געוואָרען פון דעם הייליגען שבת. דאָרטען, זאָגט ער, פיהלט מען ווי די נשמה יתרה שוועבט אין דער לופטען און שפּרייט הייליגקייט אין יעדער ווינקעלע. ער איז אויך זעהר באַגייסטערט געוואָרען פון די קברים פון אונזערע אבות, נביאים, תנאים, גבורים, קדושים, ווי אויך פון די קברים פון די שפּעטערדיגע אידען וועלכע זיינען געקומען אין ארץ ישראל זייער לעצטען אָטעם אויסצוהויכען. און ווען ער איז צור־ריקגעקומען אהיים, איז זיין ערשטע אויפגאבע געווען צוצושטעלען א נייעם פּאַראַגראַף אין זיין צוואה: אז נאָך הונדערט און צוואנציג יאָהר זאָל מען זיינע ביינער אויך אין ארץ ישראל אריבערשיקען.

אויף אונזערע חלוצים און חלוצות פון ארץ ישראל איז ער זעהר אָנגע־שטויסען. אמת טאקע, זיי בויען דאָס לאַנד און זיי זיינען זיך מוסר נפש פאַר דעם, אָבער וואָס איז די פּעולה פון די אלע זיבען גליקען, אז זיי האַלטען ניט פון קיין אידישקייט? וואָס פאר א קיום קען האָבען א בנין, אז דאָס הארץ דער פונדאַמענט איז פאַרפוילט? און דערביי האָט ער גענומען זעהר שטאַרק קריטיקירען די מזרחיסטען ווארום זיי געהען האַנד אין האַנד מיט די ציוניסטען.

ווען ער האָט געענדיגט זיין באַריכט, האָב איך איהם געוויזען דאָס וואָס דער מדרש זאָגט אין פּרשה מסעי אויף דעם פּסוק: „זאת הארץ אשר תפול לכם בנחלה" — דאָס איז דאָס לאַנד וואָס וועט אריינפאַלען צו אייך בירושה, „מלמד שהראה הקב"ה למשה דור דור ודורשיו, דור דור ושופטיו, הראה לו שמשון הגבור מדן וברק בן אבינועם מנפתלי"—דער

# דר. י. ל. שניצער

אויבערשטער האָט געוויזען משה׳ן די צוקינפטיגע אידישע פירער, שופטים און מנהיגים, ער האָט איהם געוויזען שמשון הגבור פון שבט דן און ברק בן אבינועם פון שבט נפתלי. פרעגט זיך די פראַגע: דאַכט זיך, מיר אידען האָבען געהאט אזעלכע גרויסע מעכטיגע קעניגע און ערהאבענע מנהיגים און פירערס, איז זייערע פערזענליכקייטען האָט ער פאר משה׳ן ניט פאָר־געשטעלט, און וועמען האָט ער איהם געוויזען? שמשון הגבור פון שבט דן און ברק בן אבינועם פון שבט נפתלי. פאַרוואָס גראָד די צוויי יאָ און די איבעריגע ניט?

נאָר דער תירוץ איז: אז דער אויבערשטער האָט געוואָלט ווייזען משה׳ן דעם אונטערשיד פון צוויי פירערס. נעהם, צום ביישפיל, שמשון הגבור, דאַכט זיך, ניט אַזאַ פרומער איד געווען. „הלך אחר עיניו״ — זאָגען אויף איהם אונזערע חכמים. ער איז נאָכגעגאַנגען נאָך זיינע אויגען. וואָס זיין אויג האָט דערזעהן, דאָס האָט ער געמוזט קריגען, האָט ער דער־זעהן א שעהנע דלילה ביי די פלשתים, האָט ניט געהאָלפען טאַטע־מאַמעס פראָטעסט, און ער האָט מיט איהר חתונה געהאט, דאָך אָבער איז ביי איהם דער אידישער כבוד זעהר טייער געווען. ער איז געווען א שופט מיט מסירת נפש, אימער איינגעשטעלט זיין לעבען אין געפאַהר פאר זיינע ברי־דער ביז דעם לעצטען מאָמענט. „תמות נפשי עם פלשתים״ — ראַכע פון די אידישע אונטערדריקער מיט מיין לעבען צוזאַמען! — זיינען זיינע לעצטע ווערטער געווען.

איצט גיב א קוק משה אויף „ברק בן אבינועם!״ א צאַצקעדיגער איד, א צדיק תמים, א תלמיד פון יהושע בן נון. אָבער איינשטעלען זיין לעבען פאַר׳ן פאָלק, דאָס איז לא מיט אן אונטערשלאק! ער זאָגט צו דבורה הנביאה: „אם תלכי עמי והלכתי ואם לא תלכי עמי לא אלך״ — אַז דו וועסט געהן מיט מיר, וועל איך געהן און אויב דו וועסט ניט געהן מיט מיר געה איך אויך ניט. אָט האָסטו משה א בילד פון צוויי אידישע פירער און אורטייל פאר זיך אליין זייער גרויסקייט.

ברק דער צדיק וועט ניט זשאלעווען קיין קרעכץ ביי „ולירושלים עירך״. ער וועט מנדר זיין א זיפץ ביי „ותחזינה עינינו״, אָבער אויסטרי־קענען זומפען, אויסרייסען דערנער, מאַכען וועגען און שאָסעען, פאַרוואַנדלען זאַמד מדבר אין אָאזיסען, אין קולטור צענטערען, אויסלעגען גערטנער און

## מענש און תורה

פאַרפלאַנצען פאַרשידענע פרוכטען מיט מיליאָנען בוימער, און נאָך אזעלכע מסירות־נפש׳דיגע ארבייט — דאָס טהוט ניט ברק בן אבינועם! ער שלעפּט זיך נאָר נאָך דבורה׳ן. אז זי וועט געהן וועט ער אויך געהן.

איצט באַטראַכט שמשון הגבור! דאַכט זיך, ניט אַזאַ צאַצקעדיגער איד. „הלך אחר עיניו״ — א לייכטזיניגער לעבע־יונג. דאָך אָבער זעה ווי ער איז זיך מוסר נפש פאר זיין פאָלק און פאר זיין אידעאל! איהם האַלט ניט צוריק קיין היץ, קיין קעלט, קיין הונגער, קיין נויט, קיין פּייכטקייט, קיין נאַסקייט, קיין פיבער, קיין קראנקהייט און קיין טויט. איצט אורטייל, משה, פאַר זיך אליין און גיב דיין מיינונג וועלכער מנהיג שטעהט ביי דיר העכער.



## אָרטאָדאָקסען און רעפאָרמער

פרעגט מיך א איד א קשיא: ער קען מיט זיין שכל ניט פארשטעהן ווארום די אָרטאָדאָקסען זיינען אזוי אין כעס אויף די רעפאָרמער? ווען די אָרטאָדאָקסען וואָלטען געזוכט צוצופּאַסען דעם עולם אזעלכע קליידער נאָך דער צייט און נאָך דער מאָדע נאָך און די רעפאָרמער זוכען דעם עולם נאָך מעהר צו רעפאָרמירען, וואָלט געווען זעהר א גרויסע עוולה. סטייטש, מיר גיבען אייך אזעלכע שעהנע מאָדישע קליידער, צום סוף געהט איהר זוכען נאָך מעהר מאָדערנע? אָבער ווי מיר וויסען, האָבען די אָרטאָדאָקסען פאַר אונז גאָרנישט געענדערט, זיי דערלאַנגען אונז די זעלבע דרשות ווי מיט הונדערט יאָהר צוריק... נו, פרעג איך אייך: איז עפּעס א וואונדער וואָס דער עולם האָט אָנגעוואָרען דעם אפעטיט צו די אלטמאָדישע בגדים? געה טהו אָן אין צוואַנציגסטען יאָהרהונדערט א קאַפּאָטע וואָס איז פיער מאָל אזוי גרויס, לאַנג און ברייט.

אלס ענטפער אויף זיין קשיא האָב איך איהם דערצעהלט די מעשה מיט יענעם חולה:

א גרויסער גביר האָט פלוצלונג אָנגעהויבען קריינקען. פון טאָג צו

## דר. י. ל. שניצער

טאָג איז ער אלץ שוואַכער און שוואַכער געוואָרען ביז ער האָט זיך געמוזט אין גאַנצען אוועקלעגען אין בעט.

בעת ער איז געלעגען אין בעט, האָט קיינער ניט באַמערקט — ניט ער און ניט זיינע הויז־מענשען — ווי ער איז געוואָרען ביסלעכווייז איינגעצויגען און איינגעדאַרט, נאָר ווען ער איז אביסעל בעסער געוואָרען און זיך אויפ־געהויבען פון בעט, איז ער צוגעגאנגען צו זיין קליידער אלמער און זיך געוואָלט אָנטאָן א גאַרניטור, איז איהם פינסטער געוואָרען פאַר די אויגען, ווערכען גאַרניטור ער האָט אָנגעטאָן האָט אלץ ניט געפּאַסט, עס איז פיער אָדער פינף מאָל אזוי ברייט געוואָרען אויף איהם, האָט ער געשיקט רופען צו זיך זיין שניידער און גענומען שרייען אויף איהם: זעה, וואָס פאַר קליידער דו האָסט מיר געמאכט! מען קען זיי דאָך גאָרניט אָנטאָן! ווי א זאַק הענגט יעדער גאַרניטור אויף מיר — האָט דער שניידער איהם געענטפערט: „ביין, מיין פריינד, עס איז ניט מיין שולד. מיינע בגדים וואָס איך האָב פאר אייך גענעהט זיינען געווען פון דער בעסטער און פון דער מאָדערנסטער סחורה. און עס איז געלעגען אויף אייך ווי אויסגעגאָסען, נאָר די צרה איז, מיין פריינד, וואָס איהר זייט איינגעדאַרט געוואָרען. זוכט אביסעלע מעהר צו זיך צו קומען. פילט אויס אביסעלע מעהר אייערע גלידער, דאן וועט איהר זעהן ווי די קליידער וועלען אייך פּאסען!״

ווען אונזערע חכמים, אונזערע געלעהרטע וואָלטען געזעהן אז דער שולד ליגט אין זיי, זיי האָבען אונז ניט קיין גוטע קליידער אויפגענעהט, וואָלטען זיי אונז געוויס אנדערע בגדים געמאכט. ווייל „יש ביד בית־דין לעקור דבר מן התורה״ — אונזערע רבנים האָבען א מאַכט איבערצואַנדערשען אפילו א דין פון דער תורה, נאָר זיי זעהן אז די בגדים זיינען זעהר גוט געמאכט, פון דער בעסטער מאָדערנער סחורה, נאָר די צרה איז וואָס אונזער קערפּער איז אָפּגעצעהרט און איינגעדאַרט געוואָרען קערפּערליך און גייסטיג, ווארטען זיי און מוסר׳ן אונז אז מיר זאָלען אביסעלע מעהר צו זיך קומען, דאן וועלען די קליידער אויף אונז ריכטיג פּאַסען.

## מענש און תורה

# שעהנע רייד און פאַלשע געדאַנקען

ווי עס קוקט אויס, האָבען זיך אונזערע מנהיגי־הדור פאַרקוקט אויף דעם אַמאָליגען נאַרישען בלק בן צפור און מען זוכט מיט זיינע מעטאָדען ארויסצוטרייבען דעם קריזיס פון אונזערע גרעניצען.

דער אַמאָליגער בלק בן צפור האָט אויך געדענקט אז מיט א קללה, אָדער מיט אן אנדער באַבסקע רפואה וועט ער קענען צוריקהאַלטען דעם אויסגעהונגערטען, פאַרצווייפעלטען מדבר־פאָלק. האָט ער גערופען די זקני־מדין צו א קאָנפערענץ און עס איז ביי זיי געבליבען אראָבצוברענגען דעם אַלטען, בלינדען מכשף בלעם צו הילף, פיליכט וועט ער מיט זיין אנטי־סעמיטישען מויל עפעס וואָס קענען אויפטהאָן, פון געלד איז קיין רעדע ניט! בלק ווייס, אז שילטען אידען קאָסט א פאָר דאָלאר. די פראַקטיק האָבען מיר שוין אויך געהאט דאָ אין אמעריקא, אזוי גיך ווי אונזער פיעל־געליבטער „פאָרד" האָט אויפגעהערט צו געבען געלד... האָט זיך גלייך אָפּגעשטעלט די אַנטיסעמיטישע פראָפּאגאנדע דאָ אין לאַנד. און אז בלעם דער „פייקער" האָט דערשמעקט, אַז עס איז דאָ א פאָר דאָלאר צו מאַכען, האָט ער גענו־מען ארומפיהרען בלק׳ן פאַר דער נאָז. דאָ האָט ער איהם געבראכט אין קרית־חוצות און איהם געהייסען בויען זיבען מזבחות, דאָס האָט ער איהם געשלעפּט אין שדה־צפים און ביי ראש־הפעור, כדי צו פארציהען די צייט און קאָלעקטען דערווייל פון בלק׳ן א פאָר דאָלאר. אן אַלטער אנטיסעמי־טישער קונץ ווי צו מאַכען א פאָר דאָלאר פון א נאַרישען בלק!

***

מה טובו אהליך יעקב משכנתיך ישראל!

מיט די דאָזיגע פּאָעטישע ווערטער פאַנגט אָן דער אַמאָליגער בלעם צו רעדען. אויבערפלעכליך קוקט אויס אז בלעם איז באגייסטערט געוואָרען פון דער שעהנקייט און פון דער צניעות׳דיגקייט פון אידישען פאָלק, אז ער האָט אויסגעשריען: „אך, ווי שעהן זיינען דיינע געצעהלטען יעקב און ווי באשיידען און זיטליך זיינען דיינע וואוינונגען, ישראל!" קומט אָבער א גרויסער געלעהרטער און זאָגט, אז אין די ווערטער „מה־טובו" ליגט א

## דר. י. ל. שניצער

געפעהרליכע קללה אויפ׳ן אידישען פאָלק און ער באווייזט דאָס אויף דעם פאָלגענדען אופן:

אונזערע חכמים זאָגען: אז דער ערשטער בית המקדש איז חרוב געוואָרען, ווייל ער איז געשטאַנען בזכותו של אברהם (אין אברהמ׳ס זכות) און ווייל אברהם האָט זיין זוהן ישמעאל קיין ריכטיגע ערציהונג ניט געגעבען, דעריבער איז דער בית המקדש חרוב געוואָרען. דער צווייטער בית המקדש איז חרוב געוואָרען, ווייל ער איז געשטאַנען בזכותו של יצחק און יצחק האָט זיין זוהן עשו׳ן אויך קיין גוטע ערציהונג ניט געגעבען. דער דריטער בית המקדש, וואָס וועט שטעהן בזכותו של יעקב—און יעקב האָט אַלע זיינע קינדער געגעבען א ריכטיגע גוטע ערציהונג — דער וועט האָבען א קיום. דאָס חרוב מאַכען די ביידע בתי מדרשים, זאָגען אונזערע חכמים, איז געווען דאָס גרעסטע גליק פאַר אונז אידען, ווארום ווען ניט די בתי מקדשים, וואָלט דער אויבערשטער געמאכט, חס ושלום, א תל פון גאַנצען אידישען פאָלק. איצט אָבער האָט ער בלויז אויסגעלאָזען זיין כעס צו די האָלץ און די שטיינער: „שפך חמתו על העצים ועל האבנים״. קומט זיך צוגעהן בלעמ׳קע און גיט א זאָג: „מה־טובו״ ווי גוט וואָלט זיין, „אהליך״ אז דיינע ביידע געצעהלטען, די ביידע בתי מקדשים, זאָלען שטעהן „יעקב״, בזכותו של יעקב. דאן וועלען זיי דאָך ניט קענען חרוב ווערען. „משכנתיך״ וועט דער משכן זיין „ישראל״ — דאָס גאַנצע אידישע פאָלק, דאָס הייסט, אז דער אויבערשטער וועט אויסלאָזען זיין כעס צום גאַנצען אידישען פאָלק, דאַן וועלען זיי אונטערגעהן!



# ווען א חמור וויל ווערען א רעדנער

שטופט זיך א פּראָסטער אויפגעקומענער גביר, א „מעמבער״ פון א שוהל, און זוכט א דעה צו זאָגען אין כשרות, אין חנוך און אין נאָך אזעלכע גייסטיגע ענינים, און טאָמער וויל מען איהם אביסעל צוריקהאַלטען, גיט ער א געשריי: „ווי וואָגט איהר זיך צו שטעלען אנטקעגען מיר?״ דערמאָנט זיך נאָר וואָס איך האָב פאַר דער שוהל געטהאָן: פון דער ערשטער מינוט אָן וואָס זי האָט זיך געגרינדעט האָב איך הונדערטער אין

איהר אריינגעשטופּט. א פאַרמעגען קאָסט עס מיך אָפּ. צום סוף זאָל איך נאָך קיין דעה אויך ניט האָבען? איך פייף אויף אייערע לומדות! ביי מיר איז נאָר דער א מר בר רב אשי, וואָס גיט א פּאָר דאָלאַר אין דער קאַסע!"

פאר דעם סאָרט אידען פּאַסט זיך זעהר גוט יענע מעשה'לע מיט די אייזלען, וועלכע זיינען געקומען צום רבונו של עולם מיט א טענה און איהם געפרעגט: פאַרוואָס זיינען זיי עפּעס אנדערש פון די אלע חיות און בהמות וואָס ער האָט באַשאַפען? די חיות אין וואַלד שפּאַצירען זיך ארום פראַנק און פריי, עסען און טרינקען, האָבען הנאה פון דער וועלט און האָבען ניט אויף זיך קיין שום מושל און אויבער־האַר, און אפילו די הויז־בהמות, וועלכע האָבען יא אויף זיך א בעל הבית, דרעהען זיך ארום פוסט און פּאַס, פּאַשען זיך גאַנצע טעג אויפ'ן פעלד און ליגען זיך ביינאכט במנוחה אין א ווארע־מער שטאַל, נאָר אייזלען האָבען קיינמאָל קיין מנוחה ניט. „אויב אונז איז שוין יאָ באַשערט א גאַנצען לעבען צו האָרעווען, טאָ שענק אונז וועניגסטענס, טאַטע אין הימעל, אביסעל לשון, מיר זאָלען זיך קענען מיט'ן בעל הבית אביסעל אויס'טענה'ן און איהם ווייזען ווי שלעכט ער באַהאַנדעלט אונז".

„גוט! — האָט דער אויבערשטער זיי געענטפערט — אייער בקשה וועט ערפילט ווערען. איך וועל געבען איינעם פון אייך לשון און מיר וועלען זעהן וואָס ער וועט רעדען".

און די פּראָבע איז געמאַכט געוואָרען מיט בלעמ'ס אייזעל. בשעת בלעם האָט איהם דריי מאָל געשלאָגען, האָט דער אויבערשטער געעפענט זיין מויל און ער האָט אָנגעפאנגען צו רעדען. אָבער אָנשטאָט צו רעדען צו דער זאַך און ערקלעהרען בלעמ'ן, אז א מלאך פארשטעלט איהם דעם וועג, הויבט ער גאָר אָן צו דערצעהלען זיין יחוס: „הלא אנכי אתונך אשר רכבת עלי מעודך עד היום הזה" — איך בין דיין אייזעל וואָס דו האָסט גע־ריטען אויף מיר פון דיין יוגענד אָן ביז היינטיגען טאָג"...

האָט דער אויבערשטער א זאָג געטהאָן: „עס טהוט מיר לייד, חמור'ל! דו מוזט בלייבען ווי געוועזן. א פּראָסטע אומוויסענדיגע בריאה וואָס האַלט זיך אין איין יחס'נען מיט קערפּערליכע אויפטהועכצען, מוז בלייבען א שטו־מער אייזעל.

**דר. י. ל. שניצער**

# אַז מען בריט זיך אויפ׳ן הייסען, בלאָזט מען אויפ׳ן קאַלטען

זאָגט צו מיר אַ איד:

ווען דער אויבערשטער האָט געוואָלט געבען די אידען אַ לאַנד, האָט ער זיי דאָך געקענט געבען אַ שטיק לאַנד, וואו קיין אומה איז נאָך דאָרטען ניט געזעסען און זאָגען צו זיי: נאַט, קינדערלאך, אַ שטיק באָדען, בעאַר־בייט עס און ווערט אַ פאָלק מיט פעלקער גלייך! און ניט פיהרען זיי אין אזעלכע געגענדען וואו מען האָט געדאַרפט מלחמה האַלטען. ווייניג לעדיגער באָדען איז דאן געווען? ווארום האָט ער גראדע פאר זיי אויסגעזוכט אַ באַוואוינטע שטיק לאַנד?

אלס ענטפער אויף זיין פראגע האָב איך איהם דערצעהלט די מעשה מיט יענעם איידעם:

אַ רייכער מאן האָט חתונה געמאכט זיין טאָכטער מיט אַ מיוחס׳דיגען יונגענמאַן פון אַ פיינער משפחה, אבער אין אַ פּאָר וואָכען ארום נאָך דער חתונה האָט זיך ארויסגעוויזען, אז דער איידעם איז אַ שאַרלאַטאַן, אַ הולטיי, אַ קאָרטען־שפּילער און אַ טרינקער, ער פלעגט טאָג און נאכט זיצען אין שענק און פאַרברענגען דאָרטען מיט פארדאָרבענע חברים. זעהענדיג אין וואָס פאר אַן אונגליק זיין טאָכטער איז ארייניגעפאלען, האָט דער פאָטער זיך געלאָזט קאָסטען אַ סך געלד און איז מיט צרות פון דעם זיסען איידעם פּטור געוואָרען, ער האָט זיין טאָכטער געגעבען אַ גט.

מיט אַ פּאָר יאָהר שפּעטער האָט דער פאָטער געטהאָן מיט זיין טאָכטער אַן אנדער שידוך. דער צווייטער איידעם איז שוין געווען ניט קיין יחסן און ניט קיין געראָטענער, אַ פּראָסטער מענשעל אָהן שום וועלכע מעלות, דערפאַר אָבער האָט ער קיין חסרונות אויך ניט געהאט די טאָכטער האָט דעם מאַן זעהר ליעב באַקומען, פיל־לייכט נאָך צופיעל ליעב, ווייל יעדעס מאָל ווען ער פלעגט ארויסגעהן פון הויז פלעגט זי איהם אָנזאָגען, אַז ער זאָל זיך ניט זאמען און אין ערגעץ ניט געהן, און אז ער פלעגט אהיים קומען פלעגט זי איהם נעמען אויספרעגען וואו ער איז געווען, מיט וועמען ער האָט גערעדט און אין וועלכער געזעלשאפט ער האָט פאַרבראַכט. קורץ, זי פלעגט אָבנעמען פון איהם חשבון אויף יעדען טריט און שריט.

# מענש און תורה

דעם מאַן איז דאָס זעהר ניט געפעהלען געוואָרען, האָט ער זיך אמאָל באַקלאָגט פאר זיין שווער, אז ער קען שוין מעהר פון זיין ווייב ניט אויס־האַלטען, זי גיט איהם קיין רוהיגע מינוט ניט, ער מוז איהר אָבגעבען דין וחשבון אויף יעדען טריט און שריט וואָס ער מאכט. האָט דער שווער איהם געענטפערט: „דאָס ווייזט, אז מיין טאָכטער ליעבט דיך זעהר שטארק, נאָר דו ווייסט דאָך: אז מען בריהט זיך אָב מיט הייסען, בלאָזט מען אויף קאלטען. מיין טאָכטער האָט געהאט זעהר פיעל צרות פון איהר ערשטען מאַן, שרעקט זי זיך געביך, שטענדיג טאָמער, טאָמער וועסטו אויך ווערען אזוי ווי ער".

„איז דעריבער הייסט עס, דאַרף איך ליידען? — האָט דער איידעם זיך צו איהם אָנגערופען — איך מוז אייך זאָגען דעם אמת, אז איך בין זעהר שטאַרק פון דעם ניט צופרידען. ווען איך וואָלט געווען חתונה געהאט מיט א מיידעל וואָס האָט פון קיין שלעכטעס ניט געוואוסט, וואָלט איך איצט ניט געדאַרפט אזוי פיעל ליידען".

„דו האָסט א טעות, מיין זוהן! — האָט דער שווער איהם געענטפערט — ווען דו וואָלסט חתונה געהאט מיט א מיידעל וואָס האָט קיין צרות ניט געהאַט פון אַן אַנדער מאַן וואָלסטו געווען אן אומגליקליכער מענש, זי וואָלט דיך קיינמאָל ניט געליעבט. ערשטענס, ביזטו געווען אן אָרימאַן, אן אביון און נאָך א לא יוצלח דערצו און צווייטענס, ביזטו אן איינפאַכער מענשעל אָהן וועלכע מעלות א פרוי צו געפעלען, נאָר אזא טאָכטער ווי מיינע וואָס האָט שוין געזעהן די חסרונות פון אן אנדער מאַן קען ליעב האָבען אַזאַ מענשעל ווי דו. דעריבער דאַרפסטו זעהר שטאַרק צופרידען זיין מיט איהר".

ווען דער אויבערשטער וואָלט אונז געגעבען א ניי לאַנד, אויף וועלכען קיין אַנדער אומה האָט נאָך ניט געוואוינט, וואָלט דאָס לאַנד געפאָדערט פון אונז אזעלכע זאַכען, וועלכע מיר וואָלטען עס ניט געקענט געבען. אָבער אַז דער אויבערשטער האָט אונז געגעבען א לאַנד, אויף וועלכען עס האָבען פריהער געוואוינט שכורים, רויבער און רוצחים האָט זיך דאָס לאַנד זעהר געפרעהט מיט אונז, וויילֿ מיר זיינען פריי פון אלע חסרונות.

## דר. י. ל. שניצער

# אַנטיסעמיטיזם

א היסטאָריקער האָט אַמאָל געזאָגט: כדי צו שרייבען געשיכטע, מוז מען זיין א גרויסער קינסטלער, מען דאַרף קענען מאָהלען, פאַרבען, פוצען און ארויסברייגגען די פאַרטונקעלטע שטריכען אין א העלערען קאָליר.

שרייבען אָבער אידישע געשיכטע, דענק איך, דאַרף מען קיין גרויסער קינסטלער ניט זיין. ווי פאַרטונקעלט די שטריכען זיינען און ווי איינפאַך מען זאָל ניט שרייבען בלייבען זיי גענוג בולט און טיעף טראַגיש אָהן באַפּוצונגען און אָהן נייע קאָלירען.

ניט אלע ווייסען אז דעם צוואַנציגסטען טאָג אין סיון האָבען מיר יאָהר־צייט, נאָך אן עלילת דם וואָס גיט א שוידער אז מען דערמאָנט זיך נאָר אָן דעם.

דעם צוואַנציגסטען טאָג אין סיון אין יאָהר 1171 האָט זיך אָבגעשפּילט אַ שרעקליכע אידישע טראַגעדיע אין דעם שטעדטעל בלאָא אין פראַנקרייך, פיליכט דער בלוטיגסטער קאַפּיטעל פון דער אידישער געשיכטע זינט מיר האָבען אונזער לאַנד פארלאָרען.

א אידישער פורמאַן האָט געפיהרט זיין פערד אַנטרינקען ביים טייך. דער דינער פון דעם שטאָדטישען מעיאָר איז אויך געקומען מיט זיין פערד ביים טייך און זיין פערד האָט זיך פארנאַרעוועט, פאַר׳עקשנ׳ט און ניט געוואָלט טרינקען, איז דער דינער געוואָרען בייז, און האָט זיין כעס אויס־געלאָזען צום אידען. ער איז אוועק צום מעיאָר וועלכער איז געוועז א שונא ישראל און האָט איהם דערצעהלט אז ער האָט מיט זיינע אייגענע אויגען געזעהן ווי דער אידישער פורמאַן האָט אין טייך אריינגעוואָרפען א דערהרג׳עט קריסטליך קינד.

דער אנטיסעמיטישער מעיאָר האָט זיך אָנגעכאַפּט אָן דעם, ווייל ער האָט געהאַט אַ באַהאַלטענעם כעס אויף א אידישער פרוי מיט׳ן נאָמען פּולסעלינע, אין וועלכער דער פריץ פון שטעדטעל, גראַף טעאבאלד איז געוועזן שטערבליך פארליבט. האָט דער מעיאָר צוליב זיין שנאה צו איינער געזוכט אויסצוראָטען אלע אידען.

ער האָט זיין דינער׳ס בלוט־בלבול צוגעפּוצט און פאַרשאַרפט און עס

אוועקגעשיקט צום גראַף, וועלכער האָט זיך דערפרעהט מיט דער געלעגענהייט. ער איז געווען זעהר שטארק פאַראיינגט אין געלד, וועט ער איצט קענען אויספרעסען פון די אידען א סך אויסלייז־געלד. מען האָט די אלע 34 אידישע מענער און 17 פרויען פון שטעדטעל געשמידט אין קייטען און זיי אריינגעוואָרפען אין געפענגניש.

איין־איינציגע אידישע פרוי האָט ער געלאָזען פריי — זיין געליבטע פולסעלינע. אָבער דעם גראַפ׳ס וויב, איזאבעלא, וועלכע איז געווען ווילד פון אייפערזוכט אויף דער אידישער פרוי, האָט זיך פארבונדען מיט דעם מעיאָר און מען האָט באַוואַכט די אידישע פרוי זי זאָל זיך מיט׳ן גראַף ניט צוזאַמענטרעפען.

ווען די געפאַנגענע האָבען געזעהן אז זיי האָבען פון ערגעץ קיין הילף ניט צו ערוואַרטען, האָבען זיי אָנגעבאָטען דעם גראַף 200 פונט גאָלד פאַר זייער באַפרייאונג. דער גראַף האָט שוין איינגעוויליגט זיי פריי צו לאָזען, האָט זיך אָבער אריינגעמישט דער גלח פון שטעדטעל און האָט געפאָדערט „גערעכטיגקייט״: אויב די אידען האָבען געקוילעט א קריסטליך קינד פאַר פסח׳דיגע צוועקען, קומט זיי דער טויט.

מען האָט די געפאַנגענע אריינגעטריבען אין א הילצערנער הייזקע, ארום וועלכער מען האָט ארומגעלייגט פארשידענע צינד־שטאָפען, און דער גלח האָט צו די אידען אויסגערופען: „אום צו בלייבען לעבען האָט איהר נאָר איין מיטעל — און דאָס איז אונזער גלויבען אָנצונעמען. אלא ניט, וועט איהר אלע פאַרברענט ווערען״. אָבער די אידען האָבען דערפון ניט געוואָלט הערען, האָט מען דאָס הייזעל אונטערגעצונדען און 52 אידישע נפשות זיינען אומגעקומען אין די פלאַמען מיט א „שמע ישראל״ אויף זייערע ליפען. צווישען זיי איז אויך געווען פולסעלינע, דעם גראַפ׳ס אידישע פריינדין, זי איז אין די פלאַמען אריינגעשפרונגען און איז פארברענט געוואָרען מיט איהרע שוועסטער און ברידער צוגלייך.

ווען דער רבנו תם האָט דערהערט פון דער שרעקליכער שחיטה אין בלאָא האָט ער קריעה געריסען, שבעה געזעסען און האָט פאַנאַנדערגעשיקט בריעף צו אלע אידישע קהלות אין פראנקרייך, שפאַניען, איטאַליען און רייהלאַנד, אז אין דעם צוואַנציגסטען טאָג אין סיון זאָלען אידען פאַסטען, זאָגען סליחות און יאָהרצייט האַלטען נאָך די 52 קדושים וועלכע זיינען

אומגעקומען אויף קדוש השם. און מיט צוויי וואָכען שפּעטער איז, נעבעך, דער רבנו תם אליין געשטאָרבען פון א צובראָכען האַרץ. די הייליגע נשמה האָט ניט געקענט אריבערטראָגען דעם גרויסען אידישען אומגליק.

פון יענער צייט איז שוין זיבען הונדערט און זיבען און זעכציג יאָהר אוועק. יאָ, די אלטע אנטיסעמיטישע חיה האָט זיך שוין כלומרשט ציוויליזירט, נייע האָר האָט איהר פעל באַקומען, אָבער איהר נאַטור און איהר כונה האָט זי ניט געביטען. נאָר אנשטאָט צו געבען דעם אידען די אלטע ביטערע פּילען דערלאנגט מען איהם איצט איין מאַנכע לענדער א פּיל איינגעטונקט אין האָניג. מען גיט איהם פרייהייט, גלייכהייט, טיטולען און נאָך אזעלכע האָניג־טייגלעך, כדי ער זאָל זיך אסימילירען, ווייל זיי ווייסען, אז וואָס זיסער דער האָניג איז, אלץ גרעסער און גרעסער ווערט די אסימילאַציע.

און דאָס, קען זיין, האָבען אונזערע חכמים געמיינט מיט דעם וואָס זיי זאָגען אויף דעם פּסוק: „גער חית קנה" — שריי אָן אויף דער חיה פון די בוימלאך פון די שטעקלאך „אמר הקב"ה לגבריאל" — דער אויבערשטער האָט געזאָגט צום מלאך גבריאל: „גער בחיה" — שריי אָן אויף דער ווילדע חיה וואָס רופט זיך אנטיסעמיטיזם, „שכל מעשיה נכתבין בקולמוס אחד" — ווייל אלע איהרע טהאַטען ווערען געשריבען ווי מיט איין פּען, סיי די יעניגע וועלכע ווענדען אָן שוידערליכע מערדערייען געגען מיינע קינדער און סיי די יעניגע וועלכע גיבען זיי כלומרשט האָניג־לעקעכלאך צו עסען, האָבען איין כוונה: דעם אידען אונטערצוברענגען. די גוטע גזרות און די שלעכטע גזרות זיינען אזוי ווי מיט איין פּען געשריבען געוואָרען.

די פּראַקטיקע האָבען מיר געהאַט ווען דער ווערסאַילער פרידען איז געשלאָסען געוואָרען. אלעמען האָט מען חלקים׳לאך איינגעטיילט, דעם א גרעסערען חלק, דעם א קלענערען חלק, מען האָט קיינעם ניט פאַרפעהלט, דעם אידען אָבער האָט מען אויסען געלאָזען, עס האָט א בלישטש געטאָן אויף א ווײַלע א ליכטעל אין דער פאָרמע פון א באלפור דעקלאַראַציע און עס איז נאכהער צוריק פינסטער געוואָרען.

דאָס דערמאָנט מיך די מעשה מיט יענעם פרומען אידען:

א אידישער בעל הבית פון א קליינעם שטעדטעל איז אמאָל אויפגעשטאַנען שבת פאַרטאָג און האָט געוואָלט אין א ספר אריינקוקען, איז דאָך

# מענש און תורה

אָבער פינסטער און שבת טאָר מען קיין ליכט ניט אָנצינדען, איז ער געפאלען אויף אן איינפאַל: ער וועט געהן אויפוועקן זיין שכן איוואַן און איהם אריינערופען מאכען א שנאפס, פון א שנאַפּס וועט זיך איוואן קיינמאָל ניט אָפּזאָגען, און אז ער וועט שוין זיין ביי איהם אין הויז, וועט ער שוין געפינען א מיטעל ווי אזוי ער זאָל אָנצינדען פייער ניט געזאָגטערהייט.

און אזוי איז געווען! ער איז צוגעגאנגען צו איוואנ׳ס טהיר און האָט אָנגעקלאַפּט, און איהם געבעטען אז ער זאָל אריינקומען צו איהם מאכען א שנאַפּס, און ווי איוואַן האָט נאָר דערהערט א שנאַפּס, אזוי האָט ער זיך גלייך אָנגעטאָן און איז אריין צום אידען אין הויז.

דער איד האָט זיך כלומרשט געמאכט אז ער קען ניט געפינען אין דער פינסטער דאָס פלעשעל שנאפּס, איוואן האָט פאַרשטאַנען אז דער איד וויל אז ער זאָל מאַכען ליכטיג, האָט ער אָנגעריבען א שוועבעלע און אָנגעצונדען דעם לאָמפּ.

דער איד האָט זיך זעהר געפרעהט וואָס זיין פלאַן האָט זיך איינגעגעבען. אויס דאַנקבארקייט האָט ער אוועקגעשטעלט א פלעשעל שנאפּס אויפ׳ן טיש, ווי איינער זאָגט: טרינק וויפיעל דו ווילסט! און איוואן האָט זיך טאַקע ניט געלאָזען פיעל בעטען און גענומען מאַכען איין שנעפּסעל נאָך ד׳עם אנדערען.

ווען איוואן האָט זיך שוין גוט אָנגעשנאָשקעט, האָט ער זיך גאנץ פיין באַלעקט, אָבגעווישט די וואָנצעס, און איז צוגעגאנגען צום לאָמפּ און האָט איהם צוריק אויסגעלאָשען, און דער איד, נעביך, איז ווייטער געבליבען אין דער פינסטער.

מיר האָבען מיטגעמאַכט א וועלט־מלחמה, מען האָט זיך אָנגעטרונקען מיט׳ן בלוט פון אונזער יוגענד, און אויך מיט אונזער שווייס; אזוי לאַנג ווי דאָס פלעשעל איז נאָך געשטאַנען אויפ׳ן טיש און מען האָט געטרונקען, האָט מען אָנגעצונדען דעם לאָמפּ פון „דעמאָקראַסי״ און מיר האָבען געמיינט אַז עס וועט שוין זיין ליכטיג אין אונזערע ווינקעלאך, אבער ווי איוואן האָט אויסגעטרונקען דאָס פלעשעל, אזוי האָט ער צוריק דעם לאָמפּ פארלאָשען און מיר זיינען געבליבען זיצען אין דער פינסטער!

## דר. י. ל. שניצער

# מנחה לד׳

קרבנות, ברודער!

דער טאַטע, די מאַמע, דער זוהן, די טאָכטער — אַלע, אלע ברענגען איצט קרבנות. דער טאַטע, — אָנצוהאַלטען דעם אַלטען לוקסוסדיגען גלאַנץ; די מאַמע — איהרע אלטע בכבוד׳ע ברידזש־פּאַרטיס; דער זוהן — זיינע באָל־גיימס. נאָר ווי עס קומט צו גייסטיגע ענינים, אזוי פּרעפּעלט מען אריין דעם כהן גדול אין אויער, אז מען איז, נעביך, א „געבראָכענער מעמבער" און מען קומט אָפּ מיט שיהי־פּיהי. איינער גיט אביסעל קלייען, דער דריי־טער א פויגעלע — כאַטש נעהם און שיק זיי אריין א נדבה!

געפינען זיך איצט, גאָט צו דאַנקען, א סך לייט, וואָס זשאַלעווען ניט זייער פּערזענליכקייט אין זייערע אידישע אינסטיטוציעס. דאָס הייסט, זיי זיינען מנדר דעם „זיך" און זאָגען א דעה, אָבער קיין געלד גיבען זיי ניט. זאָגט אונזער תורה אין פּרשה ויקרא: „אדם כי יקריב מכם קרבן לד׳" — אויב איהר ווילט עפּעס שאַפען פאַר גאָט׳ס וועגען, א צדקה־אינסטי־טוציע, אָדער נאָך אזעלכע גייסטיגע זאכען, „תקריבו את קרבנכם" — מוזט איהר פריהער אייער אייגענעם קרבן מקריב זיין, אייער נדבה מוז זיין די ערשטע און אז איהר גיט שוין יאָ „מנחה לד׳" — א שטיקעל מתנה, „סלת יהיה קרבנו" — דאַרף עס זיין ווייסע מעהל, ברודערקע, און ניט קיין קלייען!

זוך ניט קיין תירוצים אויף ניט צו געבען קיין געלד וואָס די אינסטי־טוציע האָט צו גרויסע אויסגאבען און איהרע בעאמטע, איהרע רעדנער און איהרע פיהרער נעהמען געהאלט. ניין, ברודערקע, דו טאָרסט אזעלכע באמערקונגען ניט מאכען, ווייל אהרן מיט זיינע קינדער טוען די הייליגע ארבייט און זיי דארפען אויך א לעבען מאַכען. געוועהנליך, דו דארפסט אויפּפּאסען, אז זיי זאָלען ניט אראָפּנעהמען די סמעטענע, די ערשטע געלדער, נאָר „והנותרת מן המנחה יאכלו אהרן ובניו" — דאָס וואָס בלייבט איבער פון דעם הויפּט צוועק פאר וועלכען דער פאָנד איז געשאַפען געווארען זאָלען זיי נעהמען, אָבער ניט א כאַפּ טהאָן דעם גרעסטען חלק.

„אם הכהן המשיח יחטא" — אויב אייער רב זינדיגט, זאָלט איהר פריהער זעהן אויב עס איז ניט „לאשמת העם" — אייער שולד. ווען איהר

וואָלט איהם געגעבען אויף א לעבען צו מאַכען, וואָלט ער ניט געהאנדעלט מיט הכשרים׳לאך.

א מענש וואָס זאָגט אז ער גלויבט ניט אין גאָט, אָבער ער איז זעהר עהרליך אין האנדלען מיט מענשען, זאָלט איהר איהם ניט גלויבען, ווייל דער נסיון צו זיין עהרליך איז זעהר גרויס און דער עקאָנאָמישער קאַמף איז זעהר שווער. מענשען, וועלכע גלויבען אין גאָט און אין שטראָף אויף יענער וועלט, ווערען זעהר אָפט באזיעגט. א פשיטא שוין אזעלכער, וואָס לייקענט אין גאָט „וכחש בעמיתו" — וועט ער זיין חבר אויך באַטריגען און באשווינדלען. אַן אַלט שפּריכוואָרט: „שלעכט צו גאָט, שלעכט צו מענשען".

# די צווייערליי טאַטעס

א ראביי פון דער סאוט האָט געהאַלטען א רעדע אין זיין טשעפּעל איבער דעם צוריקפאַל פון רעליגיע ביי אידען, איבערהויפּט ביי די אידען וואָס האָבען אהער איינגעוואַנדערט פון דער אַלטער היים.

ער קען ניט פאַרשטעהן פאַרוואָס די אידישע רעליגיע איז דאָ געוואָרען שוואַכער אין אמעריקא. ווי מיר ווייסען, פאַרלירען געוויסע רעליגיעס זייערע אָנהענגער נאָר דאן ווען זיי ווערען צופיעל אויפגעקלערט, אָדער ווען זיי געפינען אן אנדער אמונה, וועלכע איז סימפּאטישער ווי זייערע. ביי אונז אָבער זיינען די צוויי סיבות ניטאָ. ניט מיר זיינען געוואָרען אויפגעקלערטער און ניט מיר האָבען קיין גרעסערע רעליגיע געפונען, טאָ פאַרוואָס זאָל אידישקייט ווערען פון יאָהר צו יאָהר אלץ שוואַכער און שוואַכער דאָ אין אמעריקא?

ווען איך קען זיך מיט דיזען ראביי אביסעל דורכרעדען, וואָלט איך איהם שוין דעם ריכטיגען תירוץ געגעבען. איך וואָלט איהם דערצעהלט די מעשה מיט יענע צוויי שכנים וועלכע האָבען געהאט צוויי בוימער אין זייער גאָרטען און מען האָט געדאַרפט די פרוכט ארונטערנעמען, איינער איז געווען א גרויסער פוילענצער און האָט ניט געוואָלט שווער ארבייטען, איז

# דר. י. ל. שניצער

ער געגאנגען און האָט דעם בוים אונטערגעהאקט און האָט ארומגעקליבען פון איהם די פרוכט. דער צווייטער אבער האָט געשאָקעלט און געשאָקעלט דעם בוים ביז די פרוכט זיינען ארונטערגעפאלען. דעם ערשטען איז טאקע די פרוכט זעהר גרינג אָנגעקומען, אָבער ער וועט שוין מעהר קיין פרות ניט האָבען פון בוים. דער צווייטער האָט טאָקע געביך, זעהר שווער און ביטער געארבייט, דערפאַר אָבער וועט ער יעדען יאָהר האָבען אלץ מעהר און מעהר פרוכט.

מיר האָבען צוויי־ערליי טאַטעס דאָ אין אמעריקא. איין טאַטע וואָס האָט נאָר האָלט דעם „זיך". ער וויל ניט שווער ארבייטען. האָקט ער אונטער דעם בוים צו „בר־מצוה" און שיקט דעם זוהן אוועק ארבייטען. אמת, דער טאַטע ווערט אביסעל געהאָלפען, דער זוהן ברענגט אריין א פּאָר דאָלער אין הויז, אבער דאָס בוימעלע וועט שוין מעהר קיין פרוכט ניט געבען. מען האָט איהם יונגערהייט אונטערגעהאקט. זיינע קינדער וועלען שוין פון אידישקייט מעהר גאָרנישט וויסען. א צווייטער טאַטע, פוצט דאָס בוימעלע מיט תורה און מיט דרך ארץ יאָהר איין און יאָהר אויס. אמת, מען דאַרף ארבייטען טאָקע זעהר שווער, מען דארף שאָקלען און שאָקלען דאָס בוימעלע ביז עס וועט פרוכט געבען, דערפאר אָבער איז ער פאַרזיכערט מיט פרוכט אויף די קומענדע יאָהרען. זיינע אייניקלאך און אור־אייניקלאך וועלען בליי־בען אידען.

דער טאַטע בערעל איז ניט געוואָרען קיין פילאָזאָף. דער טאַטע שמע־רעל האָט קיין סימפּאַטישערע רעליגיע ניט געפונען. ער קלעהרט גאָר גאַנץ ווייניג וועגען דעם. ער וויל נאָר געניסען די פרוכט פון זיינע בוימעלאך אָהן מיה און אָהן קאָפּ־דרעהעניש. דאָס איז אן אמעריקאנישע עגאָאיס־טישע „מאכערייקע" וואָס לעבט נאָר מיט דער געגענוואַרט. פאר דער צוקונפט אַרט זיי גאנץ ווייניג.

## מענש און תורה

# דער מענשליכער כח השגה

אין אונזערע 13 עקרים (הויפט לעהרע פון אונזער רעליגיע) שטעהט אויסדריקליך, אז מיר אידען מוזען גלויבען, אַז דער אויבערשטער האָט קיין גוף ניט, קיין פנים ניט, און נאָך אזעלכע מענשליכע פאָרמען. נאָר וואָס דען? ער איז „עלת כל העלות, סבת כל הסבות״ — ער איז געווען, ער איז און וועט זיין. נאָר מיר, מענשעלאך, מיט אונזער שוואכען פאַרשטאַנד האָבען קיין באגריף ניט און קיין השגה ניט אין וואָס פאר א פאָרם איהם פאָרצושטעלען. פרעגט זיך די פראגע: ווארום האָט משה רבנו, די נביאים און שפּעטער זאָגאר אונזערע חכמים איהם פאָרגעשטעלט אין די פאָרמע פון א מענשען? ער זיצט, ער געהט, ער לאכט, ער וויינט און נאָך אזעלכע אויסדריקע. וואָס האָט זיי געצוואונגען פאָרצושטעלען פאר אונז גאָט אין א מענשליכען פאָרם?

אלס ענטפער אויף דער קשיא קען מען דערצעהלען די מעשה מיט יענעם מושלם:

עס איז געווען אמאָל זעהר א גרויסער געלערענטער מאַן, א למדן, א מופלג און א בקי אין אלע זיבען חכמות. ער איז אויך געווען זעהר א גרויסער מנגן מיט א וואונדערבארע שטימע. ער האָט אויך געשפּילט אלע אינסטרומענטען אין דער וועלט, און צו די אלע מעלות, איז ער נאָך געווען א חכם און א גרויסער בעל־עצה. פון דער גאַנצער געגענד ארום פלעגען קומען מענשען זיך מיט איהם אן עצה האַלטען.

דאַרף זיך טרעפען, אז דער גרויסער געלערענטער האָט עפּעס אָנגע־הויבען ניט גוט צו פיהלען, האָבען די דאָקטוירים איהם געהייסען ענדערען דעם קלימאַט און זיך באזעצען אין א ווארימער געגענד, און דערביי האָבען זיי איהם רעקאָמענדירט א קליין, רוהיג שטילע שטעדטעלע, ערגעץ אין די בערג. דאָרטען וועט ער זעהר גיך צו־זיך קומען.

דער געלערענטער האָט געפאָלגט. ער האָט גענומען זיין פרוי מיט זיין הויזגעזינד און זיך באַזעצט אין יענעם קליינעם שטעדטעל. די איינ־וואוינער פון יענעם שטעדטעל זיינען געווען פּראָסטע בעלי־מלאכות, און ווי דער שטייגער איז, ווען עס קומט אָן א נייער מענש, פרעגט מען איהם

ערשטענס: „מה שמך״, ווי רופט מען איך? און נאָך דעם פרעגט מען: מיט וואָס באַשעפטיגט איהר זיך? האָט דער געלערענטער זיי געענטפערט: „איך בין א רופא, איך קען זעהר גוט שטעלען באנקעס״.

„איך פארשטעה ניט, מיין מאַן!״ — האָט די ווייב געזאָגט — דו ביזט אַזאַ למדן און אַזאַ קענער אין שפּראכען, אין מוזיק, און אין אלע 7 חכמות, האָסטו דוקא אויסגעקליבען זיך אָנצוגעבען מיט אַזאַ קליינליכע פּראָפעסיע, וואָס איז פאר אזא מענשען ווי דו גאָר קיין כבוד ניט״.

„איך וועל דיר זאָגען, מיין ווייב״ — האָט דער געלערענטער איהר געענטפערט — די איינוואוינער פון שטעדטעל זיינען קליינע מענשעלאך מיט גאַנץ קליינע השגות. אז איך וועל זיי זאָגען מיינע גרויסע מעלות, וועלען זיי גאָר ניט פארשטעהן ווי דאָס צו שעצען. זיי וועלען קוקען אויף מיר ווי אויף אן איבעריגען מענשען, וואָס ברענגט גאָר קיין נוצען ניט אויף דער וועלט. אָבער א רופא, וואָס קען שטעלען באנקעס איז ביי זיי, לויט זייער השגה, א וויכטיגער מענש און זיי וועלען האָבען דרך ארץ פאר מיר״.

די געוועזענע שקלאַפען פון מצרים און זאָגאר שוין די מענשען פון די שפּעטערדיגע דורות האָבען קיין השגה ניט געהאט צו פארשטעהן די שעהנע, ריכטיגע גאָטהייט. פאר זיי האָט מען געדארפט פאָרשטעלען גאָט אין דער פאָרם פון א מענשען. אָבער וואָס ציוויליזירטער מיר ווערען, אלץ מעהר הויבען מיר אָן צו פאַרשטעהן די גרויסקייט און די ערהאבענקייט פון דער גאָטהייט און דער וואָס פארשטעהט נאָך אלץ ניט, איז א סימן, אז זיין מאַרך איז נאָך ניט גוט ענטוויקעלט דאָס צו פאַרשטעהן.



# רייכקייט און פאַרדאַרבענקייט

דער מדרש זאָגט אונז: „משאמר הקב״ה תדשא הארץ דשא נזדעזעו שמים וארץ מיד העמיד רגלי יוסף כנגדם״ — ווען דער אויבערשטער האָט א זאָג געטהאָן אז די ערד זאָל ארויסגעבען גראָז און געוויקסען, האָבען הימעל און ערד אָנגעפאנגען צו ציטערען, האָט דער אויבערשטער אוועק־

## מענש און תורה

געשטעלט פאר זיי יוספ׳ס פיס, זיינען זיי רוהיגער געוואָרען. פרעגט זיך די פראגע: וואָס האָבען זיי זיך דאָ אזוי דערשראָקען? און וואָס האָט זיי יוספ׳ס פיס בארוהיגט? נאָר ווען מיר זאָלען גוט דורכשטודירען די לעצטע פאַסירונגען פון נאָך דער מלחמה, וועלען מיר געפינען אַן ענטפער צו דער פראָגע.

ווען די מלחמה האָט זיך געענדיגט, איז דער עולם מיעד געוואָרען פון די פראַזען־שיסער, פון די וואר־בונגען, פון די פּאַטריאָטישע רעדעס, פון די העצערייען און אַטאַקעס. די ערפאַהרונג וואָס ער האָט געהאט פון ווילסאָנ׳ס מלחמה אידעאליזם, מיט דער געבלאָפטער מלחמה פראָפּאגאנדע, האָט איהם אויסגעניכטערט פון זיין פּאַטריאָטישער שכרות. דאָס לאנד האָט דערפיהלט אז דאָס לעבען איז סאַי ווי אָהן א תכלית און עס מאכט ניט אויס וואָס איינער טהוט, און ווי איינער לעבט. איז אוועק א טאנץ און אַ הוליאנקע וואָס עס האָט אָנגעהאלטען אַן ערך פון 10 יאָהר.

דעם ערשטען סיגנאל האָט געגעבען דער „יונגער דור״. ער האָט דורכ־געבראָכען אלע צאַמען פון טראַדיציע, מאָראל און מאַנירען און האָט גענומען טהאָן וואָס זיין האַרץ גלוסט. יונגע מיידלאך און יונגע ווייבלאך האָבען זיך גענומען פארבען די באַקען און די ליפּען האָבען אויך אָנגע־פאַנגען צו רויכערען און צו טרינקען. די קליידער זיינען פון יאָהר צו יאָהר אלץ קירצער און קירצער געוואָרען, דער קאָרסעט, דאָס אונטערקליידעל און די אַרבעל זיינען אינגאנצען פאַרשוואונדען געוואָרען. וואָס נאַקעטער א מיידעל איז געגאנגען, אלץ מעהר איז זי געווען אין דער מאָדע. די מאָראַלע באגריפען פון די פריהערדיגע דורות זיינען אויסגעלאכט געוואָרען, און די „לייכטע מאָראל״ האָט פארנומען איהר פלאץ. דער סאָרט מאָראל האָט זיך גענומען אָבשפּיגלען אין די אמוזירונגס פּלעצער, אין די „מואוויס״, אין די „ספּיקאיזיס״, אין די ביליגע זשורנאלען און אויך אין דער פּרעסע בכלל. די צייטונגען פּלעגען אויפכאפּען יעדע מיאוסע געשלעכטליכע פּאַסי־רונג און געמאכט פון דעם א גאנצע סענזאציע.

דעם עולם האָט אויך ניט געאַרט וואָס עס קומט פאָר מיט זיינע ער־וועהלטע בעאמטע, מיט זיין רעגירונג, מיט זיין לאנד. א קליקע „גרעפטערס״ און נידעריגע פּאָליטישענס האָבען פאַרשאַכערט די רעגירונגס אויל רעזערוועז צו א גרופּע אויל מאַגנאַטען. אַזאַ סקאַנדאַל וואָלט אין נאָרמאלע צייטען

# דר. י. ל. שניצער

אויפגעטרייסעלט דאָס גאַנצע לאַנד, אָבער ניט דאָן! ווייל דער עולם איז געווען צופיל פאַרטהאָן אין אַנדערע זאַכען, מען האָט געזוכט סענזאַציעס, „טרילס" און ביליגע אויפרעגונגען. עס פאַרשטעהט זיך שוין ממילא, אַז פון אַזעלכע אויפפיהרונגען איז „פאַרברעכען" אויך דערהויבען געוואָרען צו אַן אָרגאַניזירטער „פּראָפעסיע". „גענגסטערס" און „רעקעטירס" האָבען פאַרפלייצט דאָס גאַנצע לאַנד. און דער פונדאַמענט פון די אַלע ערשיינונגען איז געווען „פּראָספּעריטי". די גוטע צייטען האָבען פאַרטומעלט אַלעמען די מוחות און זיי האָבען ניט געוואוסט אויף וואָס פאַר אַ וועלט זיי געפינען זיך. דאָס האָט אַזוי לאַנג אָנגעהאַלטען ביז עס איז געקומען דער קראַך אין וואָל סטריט.

פון דעם קראַך האָט זיך דער עולם אויפגעכאַפּט און גענומען זיך אויס־ניכטערען, דער ווילדער טאַנץ האָט זיך מיט אַמאָל אָבגעשטעלט. די שטימונג האָט זיך ווי דורך אַ כישוף געביטען, עס האָבען זיך גענומען צוריק אומ־קעהרען די אַלטע באַגריפען און די אַלטע באַציהונגען. מיידלאַך און יונגע ווייבלאַך זיינען געוואָרען מעהר פאַרזיכטיג און פיעל שטילער. די קליידלאַך האָבען גענומען ביסלעכווייז וואַקסען. דער קאָרסעט האָט זיך ווידער גענומען באַווייזען. די „מואוויס" און די טעאַטערע האָבען אויפגעהערט זיך צו יאָגען נאָך „געשלעכט פּיעסען". די צייטונגען זיינען אויך אַנשטענדיגער געוואָרען און דער עולם האָט זיך אָנגעהויבען אינטערעסירען מעהר מיט ערנסטע פראַגען: מיט פראַגען פון אינדוסטריע און פּאָליטיק. קורץ, דער קריזיס האָט זיי צוריקגעבראַכט צו באַוואוסטזיין און זיי האָבען אָנגעהויבען צו פיהרען אַ מעהר נאָרמאַלען לעבען.

אָט דאָס קען זיין איז די פּסיכאָלאָגיע פון מדרש!

ווען דער אויבערשטער האָט געזאָגט צו דער ערד אַז זי זאָל ארויסגעבען פאַרשידענע גראָזען, געוויקסען, פעלדער, גערטנער, פרוכט און נאָך אַזעלכע גוטע מאכלים, כדי דער מענש זאָל האָבען אַלערליי פאַרגעניגענס, האָבען הימעל און ערד אָנגעפאַנגען ציטערען, ווייל זיי האָבען געוואוסט אַז קוים באַקומט דער מענש צופיל פאַרגעניגען, אַזוי ווערט ער משוגע פון וואויל־טאָג און פאַנגט אָן פיהרען אַן אָבנאָרמאַלען לעבען. האָט דער אויבערשטער פאַר זיי אוועקגעשטעלט יוסף'ס פּיס און צו זיי געזאָגט: „גיט אַ קוק! אָט די פּיס וועלען אַמאָל פאַרטראָגען ווערען אין מצרים און פון אַן אָרעמען

## מענש און תורה

עלענדען אינגעל וועט ווערען דער רייכסטער מאַן אין לאַנד איז דאָך וועט ער אנדערש ניט ווערען. דאָס ווייזט, אז רייכטהום פארדארבט ניט אלעמען. מען קען זיין רייך און אויך א מענש דערצו!"

# גשמיות און רוחניות

פרעגט מיך א איד א קשיא:

אויב דער אויבערשטער האָט שוין יאָ געוואָלט געבען זיין עם סגולה א שטיקעל לאנד וואו זיך צו באזעצען, האָט ער שוין גאָר קיין בעסערען פלאץ ניט געקענט געפינען פאר אונז ווי נאָר דאָס אָרעם, שטיינערדיג, טרוקען שטיקעל לאנד וואָס רופט זיך פאלעסטינא? די אומות העולם האָט ער אָבגעגעבען די בעסטע און פעסטע חלקים אויף זיין ערד־קוגעל און אונז, זיינע אתה בחרתנו׳קעס האָט ער דערלאנגט א גרוגרת דרבי צדוק, א ווינ־קעלע וואָס נאָך אין אונזערע אבות צייטען איז שוין אויך פאַרגעקומען גאנצע וכוחים איבער אביסעל וואסער. פארוואָס קומט אונז אן ערגערער חלק ווי די אומות העולם?

אלס ענטפער אויף זיין מעשה האָב איך איהם דערצעהלט די מעשה מיט יענעם גוטהערציגען זוהן:

א רייכער מאַן האָט געהאָט איין־איינציגען פאַרהייראַטען זוהן וועמען ער האָט געהאלטען ביי זיך אויף אייביגע קעסט. דער זוהן איז געווען א מושלם בכל המעלות דערצו נאָך זעהר א גרויסער בעל צדקה, ער פלעגט אומגעהן איבער׳ן שטאָדט און זוכען צו העלפען יעדער אָרעמע און געפאלענע פאַמיליע מיט וואָס ער האָט נאָר געקענט.

ווען ביים זוהן איז געבוירען געוואָרען א אינגעל, איז דער זיידע גע־גאנגען מאכען א גרויסע סעודה לכבוד זיין ערשטען אייניקל׳ס ברית, האָט דער זוהן דעם פאָטער א פרעג געטהאָן:

זאָג מיר נאָר טאַטע, ווי וועסטו צוזעצען די געסט? אויב דו וועסט זיי זעצען ווי די וועלט פיהרט זיך, די רייכע אויבענאָן, און די אָרעמע ביים טהיר, וועל איך גרויס עגמת נפש האָבען דערפון. איך וויל אז ביי מיין שמחה זאָלען די אָרעמע לייט זיצען אויבענאָן און די רייכע ביים טהיר.

## דר. י. ל. שניצער

ניין מיין זוהן! האָט דער פאָטער איהם געענטפערט, מען קען די וועלט ניט איבערמאכען!... וואָס עס איז איינגעפיהרט געוואָרען אויף דער וועלט איז אלץ מיט שכל געטהאָן געוואָרען, ארעמע לייט קומען אויף א שמחה זיך גוט אָנצועסען, רייכע לייט קומען אויף א שמחה צוליעב כבוד, ווייל עסען האָבען זיי גענוג ביי זיך אין דערהיים, היינט אז דו וועסט איבערדרעהען דעם מנהג העולם און זעצען זיי ווי דו ווילסט, וועלעןביידע צדדים האָבען א פארשטערטע שמחה... די אָרעמע אויבענאָן וועט ניט איינגעהן דער עסען, ווייל אלע וועלען קוקען אויף זיי... און די רייכע ביים טהיר וועלען ניט קענען עסען צוליעב גרויס ערגערניש... דעריבער מיין זוהן בעט איך דיר אז דו זאָלסט מיר לאָזען איינאָרדנען ווי איך פארשטעה, דאן וועלען אלע צופרידען זיין!...

ביי די אומות העולם האָט די הויפט ראָלע געשפילט אכילה, שתיה, און נאָך אזעלכע גשמיות׳דיגע זאכען, דעריבער האָט זיי דער באשעפער געגעבען פעטע שטיקער לאנד, זיי זאָלען קענען זייערע מאָגענס אָנשטאָפען, ביי אונז אידען אבער האָט די הויפט ראָלע געשפילט רוחניות׳דיגע זאכען, און גייסטיגע גרויסקייט, דעריבער האָט ניט אויסגעמאכט וואָס פאר א באָדען מיר האָבען געקראָגען, אבי אונזער גייסט איז אנטוויקעלט געווארען!...



# דער צוועק און זין פונ׳ם לעבען

איך זיץ און קלעהר ווי יעדער איינער רופט „לעבען" מיט אַן אַנדער נאָמען.

איינער רופט עס אַ חלום. דאָס מיינט, אַז דאָס גאַנצע לעבען אין מעהר ניט ווי אַ חלום, און אַלע אויפטועכצען זיינען הבל הבלים. אַ צווייטער רופט עס אַ לאָטערע. עס איז ניט קיין חכמה און ניט קיין קונסט, נאָר אַ מין זכה בגורל. הונדערט טויזענד פאַרלירען און איינער געווינט. אַ דריטער רופט דאָס לעבען אַ „פרוזדור", אַ קאָרידאָר, וואו מען דאַרף זיך אַרומבערשטלען און אָפטרייסלען זיך פון דעם שטויב

# מענש און תורה

איידער מיר קומען אריין אין ריכטיגען פּאַלאַץ. אַ פּערטער רופט דאָס לעבען „אַ שיסעל הייסע וואַרעניקעס״ ווער עס כאַפּט, דער האָט און ווער עס וואַרט אויף יושר, דער בלייבט שטעהן מיט׳ן גאָפּעל אין דער האַנט.

שטעהט אָבער „לעבען״ און שמייכעלט און טראַכט ביי זיך: רופט מיך ווי איהר ווילט, ווענען אַרט דאָס? איהר דאַרפט אָנקומען צו מיר און ניט איך צו אייך.

ווען מען פרעגט אָבער מיך, וואָס לעבען איז? וואָלט איך איהם געגעבען דעם ריכטיגען פּאַסענדען נאָמען און דאָס איז: „פאַבריק״ — אַ מין געשעפט־אונטערנעהמונג, וואו אַלע אַרבייטען פאר שכירות. אין דער פאַבריק פון לעבען זיינען ניטאָ קיין מיוחסים. אַלע זיינען פּראָסטע טאָג־אַרבייטער און אַזוי שנעל ווי איינער האָט אָפּגעאַרבייט לאָזט ער איבער זיינע פאַרדינסטען און געהט צוריק צו דער זעלבער גאַרנישט־קייט פון וואַנען ער איז געקומען.

דער רייכסטער באַנקיער, דער גרעסטער מיליאָנער ציהט ניט אַרויס פון דער פאַבריק מעהר ווי דער איינפאַכער אָרימער אַרבייטער. ער האָט בלויז זיין „באָורד״, זיין „לאָזשי״, זיינע קליידער, זיינע פאַרגעניגענס און דאָס אַלעס.

דער בוך פון דער פאַבריק, דער „ספר החיים״, ווערט געפיהרט מיט איינגאַהמען און אויסגאַבען און אויך מיט זעהר אַ גוטע סיסטעמע פון בוך־פיהרונג, וואו עס קען קיינמאָל קיין טעות ניט זיין.

די שכירות וואָס די פאַבריק צאָהלט איז: גליק און צופרידענהייט. אין ספר החיים איז אויך פאַראַן אַ קרעדיט און אַ דעביט. גליק איז קרעדיט און אונגליק איז דעביט.

געוועהנליך שטרעבען אַלע ארבייטער פון דער פאַבריק נאָך קרעדיט. אָבער די מיינונגען וועגען גליק איז ניט ביי אַלעמען גלייך. איינער געפינט גליק אין אַ גוטען מאָהלצייט, דער צווייטער — אין שעהנע קליידער, דער דריטער — אין געמבלען, דער פערטער — אין אומגאַנג מיט שעהנע פרויען, דער פינפטער — אין שיכרות, דער זעקסטער — אין פּאָליטיק און דער זיבעטער — אין שטודירען און לערנען.

קיין שווינדעל פעהלט אויך אין דער פאַבריק ניט. אַזוי ווי אין יעדער געשעפט זוכט יעדער צו נאַרען די פירמע און זיך אליין. מען מאַכט

## דר. י. ל. שניצער

„קונקעל־מונקעל־ביזנעס״, אָדער מען כאַפּט די שכירות און מ׳פּארספּענט זיי אויף אַזאַ מין אַרט און וויזע, אַז עס איז אַ שאַנדע דאָס גאָר אַרויס־צורעדען. אָבער דאָס האַלט ניט אָן לאַנג, ווייל געלד דורך שווינדעל, רויב, גנבה און גזילה איז אַזוי ווי שיכרות, אין דעם מאָמענט ווען מען איז שיכור, איז מען לוסטיג און פרעהליך, נאָכדעם אָבער ליידט מען שטונדען־לאַנג שרעקליכע קאָפּ־וועהטאָגען.

קלוגע ארבייטער זוכען צו קריגען זייערע שכירות פון דער פאבריק אַלע טאָג, זיי וואַרטען ניט אָפּצונעהמען, אַלעס מיט אַמאָל. ווייל זיי האַלטען, אַז אויב מען קריגט ניט די פרייד, די צופרידענהייט, און דעם ריינעם געוויסען יעדען טאָג, נאַרט מען זיך אַליין אָפּ.

די גרעסטע שכירות און דעם העכסטען באַנוס קריגט דער יעניגער וואָס קומט אַהיים נאָך דער ארבייט און פיהלט ביי זיך, אַז ער האָט קיינעם ניט גענאַרט, ער האָט געהאַנדעלט גערעכט, קיינעם ניט באַליי־דיגט, קיינעם ניט באַרעדט, ביי קיינעם גאָרנישט פאַרנומען, פארקעהרט, ער האָט נאָך געהאָלפען זיינע מיט־מענשען מיט וואָס ער האָט נאָר געקענט, אָט אַזאַ ארבייטער איז דער גליקליכסטער אין דער וועלט. זיין באַנוס איז די „מנוחת הנפש״. פון אַ ריינעם געוויסען וואָס מען קען עס פאר מיליאָנען ניט קויפען.

די גראָבע קאָנווערטען וואָס מאַנכע באַקומען פון שווינדעל, פון באַנקראָט, פון פייער, פון וואַסער, זיינען גאָרנישט ווערטה. ערשטענס, לעבען אָפּ אַזעלכע ארבייטער זייער גאַנץ לעבען אין שרעק. און צוויי־טענס, האָט עס קיין מזל ברכה ניט. גניבה און ירושה איז מיט׳ן טייפעל אין חברותא.

קורץ, מיר ארבייטען אַלע אין איין פאַבריק, אין דער פאַבריק פון לעבען. מיר זיינען אַלע טאָג־ארבייטער, און ווען מיר ארבייטען אָפּ און געהן אַוועק אַהיים, אין יענער אייביגער היים וואָס איז איינגעהילט אין סודות, נעהמט קיינער ניט מיט אַהין מעהר פון דעם אַנדערען. היינט צו־וואָס זאָלען מיר איינרייסען די וועלט און כאַפּען איינער פון אַנדערען און פארשאַפען שמערצען זיך און אונזערע מיט־מענשען?

# גלות און יסורים

אונזערע חכמים זאָגען: „אין אדם נוקף אצבעו מלמטה אלא אם כן מכריזין עליו מלמעלה" — קיין מענש קלאַפּט זיך ניט אָפּ אַ פינגער אונטען סיידען מען רופט עס אויס אויף איהם אויבען. אויף פּראָסט מאַמע־לשון מיינט עס, אַז יעדע זאַך וואָס עס פּאַסירט מיט'ן מענשען אויף דער וועלט, אפילו ווען איינער קלאַפּט זיך אָפּ אַ פינגער, איז דאָס אויך אַ גזר מן השמים. פארשטעהט זיך דאָך שוין ממילא, אַז די אַלע גרויסע קלעפּ וואָס מיר, אידען, קריגען אין די גלות־לענדער איז דאָך געוויס דעם אויבערשטענס אַ גזרה'לע, פרעגט זיך די פראגע: ערשטענס, ווי קומט עס, אַז אַ טאַטע זאָל זיין אַזוי שטרענג צו זיין אויסדערוועהלטען ליעבלינג. און צווייטענס, וויפיעל איז דער שיעור איהם צו שמייסען? צוויי טויזענט יאָהר שמיץ, דענקען מיר, איז שוין די־והותר!

אלס ענטפער צו דער פראַגע קען מען דערצעהלען די מעשה מיט יענעם בן־יחיד:

אַ רייכער אַדעלמאַן האָט געהאַט איין איינציגען זוהן, וועלכער איז אַוועק אין אַ שלעכטען וועג, דער פאָטער פלעגט איהם שטראָפען און מוסר'ן מיט גוטען, מיט בייזען, אָבער עס האָט ניט געהאָלפען, איז דער פאָטער אַרויס פון געדולד און האָט דעם זוהן פאַרטריבען פון זיין הויז. ער האָט איהם אַוועקגעשיקט אין אַ וויטער, פרעמדער מדינה מיט דער רעכענונג, אַז פיללייכט וועט איהם דער גלות מאַכען פאַר אַ שטיקעל מענשען. אָבער אַזוי ווי דער רחמנות פון אַ פאָטער אויף זיין קינד איז דאָך זעהר גרויס, עס מאַכט ניט אויס ווי זינדיג דאָס קינד איז, פלעגט דער אַדעלמאַן איהם שיקען געלט כדי ער זאָל האָבען פון וואַנען צו לעבען, דאָס געלט פלעגט ער נישט שיקען צום זוהן דירעקט, נאָר ער פלעגט עס שיקען דורך פרעמדע מענשען און דורך זייטיגע וועגען, אַזוי אַז ניט זיין זוהן און ניט זיינע נאָהענטע פריינד האָבען געוואוסט אַז ער שיקט געלט.

עס איז אַוועק אַ שטיקעל צייט און דער פאָטער האָט זיך זעהר שטאַרק פארבענקט נאָך זיין זוהן, די בענקשאַפט איז געווען אַזוי גרויס, אַז כמעט

## דר. י. ל. שניצער

יעדען טאָג פלעגט דער פאָטער אומגעהן אין זיין פּאַלאַץ הין און צוריק מיט טרעהרען אין די אויגען און פלעגט מורמלען שטילערהייט: „וועה איז צום טאַטען וואָס ער האָט געמוזט זיין איין איינציגען זוהן פון זיין הויז אַרויסטרייבען און פון זיין טיש אָוועקיאָגען!" שרייבען צו זיין זוהן, אַז ער זאָל אַהיים קומען האָט איהם ניט געפּאַסט, און צווייטענס, אַז דער בחור וועט זיך דערוויסען ווי שטאַרק זיין טאַטע בענקט נאָך איהם, וועט ער ווערען ביי זיך יחסנ׳דיג און טהאָן דאָס זעלבע וואָס ער האָט פריהער געטהאָן. הכלל, דער פאָטער איז אומגעגאנגען ווי אן אבל און האָט ניט געוואוסט וואָס צו טאָהן.

איין טאָג איז צום אַדעלמאַן געקומען איינער פון זיינע בעסטע פריינד און ראַטהגעבער און האָט צו איהם געזאָגט: „איך דערקען אָן דיר, מיין פריינד, אַז דו האָסט זעהר אַ גרויסען צער, און אַז דער צער איז ניט קיין אַנדערער ווי די בענקשאַפט נאָך דיין זוהן. איך ווייס אַז דו ווילסט איהם האָבען צוריק, נאָר עס פּאַסט ניט, אַז אַ פאָטער זאָל איבערבעטען זיין זוהן. איך פאַרשטעה ווידער, אַז דו שיקסט איהם אונטער געלט אויף צו לעבען, כאָטש דו האָסט עס באַהאַלטען פון מיר. היינט צו וואָס זאָל דיין זוהן ברעכען זיין נאַרישען שטאָלץ און קומען דיך איבערבעטען, אַז עס פעהלט איהם קיין זאַך ניט? מיין עצה איז, אַז דו זאָלסט איהם מעהר קיין געלט ניט שיקען און אַז ער וועט זעהן, אַז ער קריגט מעהר קיין געלט ניט, וועט ער קומען און דיר בעטען מחילה און דו וועסט איהם ווידער האָבען ביי זיך".

פאַר אונזערע גרויסע זינד האָט דער פאָטער אין הימעל אונז פאַר־טריבען אין דער פרעמד כדי מיר זאָלען ליידען גלות און זיך אויסמענשלען, אָבער זיין רחמנות אויף אונז איז זעהר גרויס, ער לאָזט אונז ניט אונטער־געהן. ער שיקט אונז צו פרנסה דורך זייטיגע וועגען, און ווען עס קומט אויף אונז אַ שלעכטע צייט, אָדער די קוואַלען פון פרנסה נעמען זיך אויס, איז דאָס אַ סימן, אַז אונזער פאָטער האָט זיך פאַרבענקט נאָך אונז און ער וויל אַז מיר זאָלען איהם איבערבעטען. דאַן וועט ער אונז מוחל זיין און אונז צוריקברענגען אַהיים.

## מענש און תורה

# די תורה טאָר ניט וואַכעדיג ווערען

רבי ישמעאל זאָגט: „בשלש עשרה מדות התורה נדרשת" — דורך דרייצעהן פארשיעדענע אופנים איז אונזער תורה שבעל פה צוזאַמענגעשטעלט געוואָרען; פון אַ קל וחומר, פון אַ גזרה שוה און פון נאָך אזעלכע צוזאַמענבינדונגען. פאַרוואָס האָט דער איבערשטער אונז גלייך ניט דערלאַנג אין זיין תורה שבכתב אַ פאָלשטענדיג גאַנצע תורה מיט אַלע דינים אויסגערעכענט, וואָלטען אונזערע חכמים זיך פאַרשפּאָרט צו דרעהען אַ קאָפּ, און שטוקעווען אַלע ווילע נייע שטיקלאך און נייע ברעקלאַך?

אַלס ענטפער אויף דער פראַגע קען מען דערצעהלען די מעשה מיט דעם זייגערעל:

א פּאָטער האָט געקויפט פאַר זיין אינגעל א מתנה א זייגערעל, האָט אָבער דער פּאָטער מורא געהאַט טאָמער וועט דאָס זייגערעל דעם אינגעל שנעל נמאס ווערען און ער וועט ניט אויפפאַסען אויף איהם, האָט ער דעם אינגעל שטרענג אָנגעזאָגט אַז ער גיט איהם דעם זייגערעל בתנאי אַז ער זאָל עס בשום אופן ניט עפענען.

אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט דער פּאָטער באַמערקט אַז דער זייגערעל ווערט שוין וואַכעדיג ביים אינגעל אין די אויגען, האָט ער גענומען דעם זייגערעל, און געעפענט דעם איבערשטען דעקעל, און געוויזען דעם אינגעל דעם ציפער־בלאַט, און ווי אזוי די ווייזערס ארבייטען און ווייזען פּינקטליך די צייט. דעם אינגעל איז עס זעהר געפעהלען געוואָרען, און ער האָט באַקומען אַ נייע אינטערעסע אין דעם זייגערעל.

אַביסעל שפּעטער איז דעם אינגעל שוין דאָס אויך מיאוס געוואָרען, האָט דער פּאָטער פאַר איהם געעפענט דעם אונטערשטען דעקעל, און איהם געוויזען די רעדלאַך, און די פּרוזשינעס ווי זיי ארבייטען און באַוועגען זיך, דאָס האָט דעם אינגעל ווידער אַ נייע אינטערעסע געגעבען אין דעם זייגערעל.

געוועהנליך זיינען אָט די אַלע זאַכען פריהער אויך געווען אין זייגערעל, נאָר דער פּאָטער האָט ניט געוואָלט ווייזען דעם אינגעל אָט די

## דר. י. ל. שניצער

אַלע שעהנע זאַכען אויף אַמאָל, כדי דער זייגערעל זאָל ביי איהם ניט וואַ־כעדיג ווערען, דעריבער האָט ער איהם געוויזען ביסלעכווייז.

אַלעס וואָס עס איז דאָ אין תורה שבעל פה, איז דאָ אין תורה שבכתב, נאָר דער אויבערשטער האָט אונז ניט געוואָלט ווייזען אָט די אַלע שעהנע זאַכען מיט אַמאָל כדי די תורה זאָל ביי אונז ניט וואַכעדיג ווערען, דעריבער האָט ער אונז פריהער געגעבען די פינף חומשים, נאָכהער די נביאים וכתובים, און נאָכהער די משנה, די גמרא, און דעם מדרש, און פון צייט צו צייט זיינען געקומען גאונים און רבנים און אונז געוויזען אַלץ מעהר חדושי תורה, אַלץ מיט דעם צוועק אַז די תורה זאָל ביי אונז ניט וואַכעדיג ווערען.

---

# אַסימילאַציע

אין פרשה פינחס שטעהט, אז דער אויבערשטער האָט געזאָגט צו משה'ן: „צרור את המדינים והכיתם אותם" — אונטערדריק די מדינים און דערלאַנג זיי גוטע, בעל־הבית'שע קלעפּ, ווייל זיי האָבען געזוכט אריינצוברענגען אַסימילאַציע אין דער אידישער מחנה, שפּעטער אָבער גיט דער אויבערשטער אַ זאָג: „נקם נקמת בני ישראל מאת המדינים" — נעהם נקמה פאַר די אידען פון די מדינים. פרעגט זיך די פראגע: וואָס איז דער אונטערשיעד ווי די קלעפּ רופען זיך, צו דאָס איז נקמה קלעפּ אָדער סתם קלעפּ, אָבי מען דערלאַנגט זיי?

אום צו פאַרענטפערען די פראַגע, קען מען דערצעהלען די מעשה מיט יענעם בן־יחיד:

אַ רייכער מאַן האָט געהאַט אַ בן־יחיד וואָס האָט זעהר שטאַרק ליעב געהאַט דעם טרונק. דער פאָטער איז אַרומגעגאַנגען ווי אָהן אַ קאָפּ און האָט אָנגעווענדעט אַלערליי מיטלען אין דער וועלט אָפּצוהאַלטען זיין זוהן פון טרינקען, אָבער עס האָט ניט געהאָלפען.

דאַרף זיך טרעפען אַז אין שטאָדט איז געקומען צופאָהרען אַ באַ־ריהמטער דאָקטאָר וועלכער האָט געהאַט אַ נאָמען אין דער וועלט אַז

## מענש און תורה

ער קען אויסקורירען אַלערליי שכורים, פארשטעהט זיך דאָך אַז דער פאָטער איז באַלד אַוועק צו איהם און איהם געפרעגט אויב ער קען גע־פינען אַ מיטעל אויסצוקורירען זיין זוהן פון טרינקען? האָט דער דאָקטאָר איהם געענטפערט: „יאָ, מיין פריינד, איך נעהם זיך אונטער אויסצוקורירען אייער זוהן אזוי אַז ער וועט קיינמאָל אין זיין לעבען אַ טראָפּען משקה אין מויל ניט אריינגעהמען. ער וועט זאָגאַר אויף דעם ניט וועלען קוקען".

דער פאָטער איז מושווה געוואָרען מיט'ן דאָקטאָר וועגען דעם פרייז און דער דאָקטאָר האָט אָנגעפאַנגען דעם זוהן צו קורירען, און אין אַ פּאָר וואָכען אַרום האָט דער דאָקטאָר דעם פאָטער ערקלעהרט אַז זיין זוהן איז שוין פאָלשטענדיג אויסגעקורירט.

כאָטש דער פאָטער האָט דעם דאָקטאָר געגלויבט, דאָך אָבער האָט ער זיך געוואָלט איבערצייגען צו עס איז טאַקע ריכטיג ווי דער דאָקטאָר זאָגט. האָט ער זיין זוהן דערלאַנגט אַ גרויסע פלאַש און געלד און האָט איהם געהייסען געהן אין שענק און אָנפיהלען די פלאַש מיט דעם בעסטען וויין, דער זוהן איז אַוועק אין שענק, דער שענקער איז אַרונטער אין קעלער וואו ער האָט געהאלטען די בעסערע וויין, די פלאַש אָנצופיהלען, און דער זוהן איז געבליבען וואַרטען אין שענק. דער ריח פון די פלעשער וואָס זיינען דאָרטען געשטאַנען זיינען איהם אריין אין דער נאָז און עס איז איהם ניט גוט געוואָרען, איז ער געוואָרען אין כעס און האָט געכאַפּט אַ שטעקען און האָט גענומען ברעכען די אַלע פלעשער וואָס זיינען דאָר־טען געשטאַנען, דער שענקער איז ארויפגעלאָפען פון קעלער און האָט דערזעהן דעם חורבן וואָס דער בחור האָט איהם אָנגעמאַכט, איז ער אַוועקגעלאָפען צום פאָטער און גענומען שרייען: „קומט זעהן דעם שאָ־דען וואָס אייער בן־יחיד האָט מיר אָנגעמאַכט, ער האָט דאָך מיר בדלות געשטעלט!" דער פאָטער אָבער האָט זיך צולאַכט און צו איהם אָפּ־גערופען: „שריי ניט, שריי ניט, איך וועל דיר באַצאָהלען פאר דיין שאָדען וויפיעל דו וועסט מיר הייסען, ווייל קיין גרעסערע שמחה האָסטו מיר ניט געקענט אָנזאָגען, איך זעה אַז מיין זוהן איז טאַקע באמת גע־היילט געוואָרען".

## דר. י. ל. שניצער

די זעלבע פראָבע האָט דער אויבערשטער געמאַכט מיט די אידען. ער האָט געוואָלט וויסען אויב זיי האָבען נאָך דעם חשק צו טהאָן די זינד וואָס די מדינים האָבען זיי געלערענט, האָט ער זיי געהייסען נקמה נעהמען פון די מדינים, אָט פון דער נקמה וועט ער זעהן צו די אידען זיינען נאָך פריינד פון די מדינים אָדער ניט!

# די אידישע נצחיות

איך האָב אנומעלט געלייענט אין א צייטונג, אז איבער די שנייאיגע בערג פון קאָלאָראדא האָט זיך געטראָגען אן עראָפּלאַן, וועלכער איז פּלוצים אַטאַקירט געוואָרען פון אַ מעכטיגען אָדלער. דער גרויסער פויגעל האָט ניט געקענט פאַרטראָגען די חוצפה פון דער פרעמדער משונה׳דיגער באַשעפעניש וואָס האָט זיך אַריינגעריסען אין זיין לופט־קעניגרייך. עטליכע מאָל האָט ער באַנייט זיין אַטאַקע און זיך אָנגעשטויסען אָן האַרטען, שטאָלענעם קערפּער פון דער מאַשין, ביז ער איז אַ פאַרבלוטיגטער און אַ פארוואונדעטער מיט צובראָכענע פליגלען אַראָפּגעפאַלען אין אָפּגרונד און דער עראָפּלאַן, אַן אומבאַשעדיגטער, האָט זיך געשוועבט ווייטער אין דער לופטען.

דער אָדלער, דער קעניג פון אַלע געפעדערטע באַשעפענישען, דער הערשער פון דער לופט, וועלכער באַזיצט אַ זעלטענע גבורה און גע־שווינדקייט, האָט ניט געקענט פאַרטראָגען ווען ער האָט דערזעהן אַ קאָנ־קורענט אין זיין סביבה, אָבער מיט זיין קליינינקען שכל האָט דער גרויסער פויגעל ניט באַגריפען, אַז די לופט־מאַשין איז שטאַרקער פון איהם, זיינע כחות מוזען געבראָכען ווערען אָנשלאָגענדיג זיך אָן די אַמביציע פון מענש־ליכען זשעניע וואָס האָט געשאַפען יענע ערפינדונג.

די שטאָלענע שיף, וועלכע רופט זיך „ישראל״, מאַכט אויך דורך דעם זעלבען קאַמפף זינט זי האָט פארלאָזען איהר היים און האָט אָנגע־פאַנגען שוועבען אין דער לופטען. אין דעם דאָזיגען רויב־פויגעל פאַר־קערפּערען מיר יעדער אומה וואָס האָט זיך אויסגעצייכענט מיט איהר שנאה צום אידישען פאָלק. משה רופט אָן אין דער תוכחה פרעה מלך

# מענש און תורה

מצרים „עגיפּטישער אָדלער״. אונזער נביא רופט אָן נבוכדנאצר מלך בבל „דער גרויסער באַבילאָנישער אָדלער״ און דער וואָס האָט געבראַכט אין דעם אידען־לאַנד דעם צווייטען חורבן, ווערט גערופען „רוימישער אָדלער״.

אַזוי איז דער אָדלער פאר אלע צייטען געוואָרען דער סימבאָל פון דעם אידישען שונא וואָס פיהרט זיין אָדלער־קאַמפּף געגען אידען מיט די זעלבע רעזולטאַטען ווי דער אָדלער אין קאָלאראדאָ געגען דער לופט־מאַשין.

בבל האָט טאַקע געבראַכט די אידען דעם שרעקליכסטען און דעם מורא׳דיגסטען חורבן. אָבער דער גייסט פון דעם לעבעדיגען אידישען פאָלק שוועבט ווייטער אין אַלע הויכען, בעת דער באַבילאָנישער אָדלער ליגט שוין לאַנג, לאַנג אין טיעפען אָפּגרונד.

דער רוימישער אָדלער האָט טאַקע צושטערט און צושעדיגט די פליגלען פון דער אידישער שיף, אָבער ער האָט שפּעטער אליין פארלאָרען דעם קאָפּ און עס איז פון איהם מעהר קיין געדעכעניש ניט געבליבען.

אין סיריע, אין פּערזיע, אין שפּאַניע און אין רוסלאַנד האָבען זיך די אָדלערס אויך אָנגעשטויסען אָן דעם האַרטען שטאָל פון דעם אידישען ווילען און אידישער עקשנות און זיי זיינען געבליבען ליגען צובלוטיגטע און פארוואונדעטע מיט צובראָכענע פליגלען, בעת די אידען זיינען היינט נאָך שטאַרקער, באַוואוסטזיניגער און מוטיגער ווי ווען עס איז פריהער.

ליידען איצט אונזערע ברידער אויך פון די קליינע אָדלערלעך ווי פּוילען, רומעניע און דייטשלאַנד, אָבער אפילו מיט דעם קליינינקען שכל פון אַ פויגעלשען קאָפּ, דאַרפען דאָך אָט די אַלע פויגעל באַגרייפען, אַז זיי זיינען נאָך ניט דערוואקסען צו דעם אידישען זשעניע און אַז אין קאַמף געגען עראָפּלאַן מוז דער אָדלער פארלירען.

נאָר אזוי ווי אין אונזערע חכמים׳ס צייטען איז נאָך קיין עראָפּלאַן ניט געווען, האָבען זיי צוגעגליכען דאָס אידישע פאָלק צו „שמן״, צו בוימעל און מיר נעהמען עס פון פרשה תצוה.

„ויקחו אליך שמן זית זך״. זאָגען אונזערע חכמים, אַז דער איד איז געגליכען צו בוימעל. „כל המשקין מתערבים זה בזה והשמן אינו מתערב אלא עומד״, אַלע משקאות מישען זיך צונויף איינע מיט דער

צווייטער, בוימעל אָבער לאָזט זיך ניט צונויפמישען, בוימעל בלייבט שטעהן באַזונדער.

„כל המשקין אדם מערב בהם ואינו יודע אי זה תחתון ואי זה עליון, אבל השמן אפילו אתה מערבו בכל המשקין שבעולם הוא נתון למעלה מהן", אלע משקאות, אויב מען מישט זיי צונויף, קען מען שוין ניט דער־קענען וועלכע משקה עס איז פון אויבען און וועלכע משקה עס איז פון אונטען, בוימעל אָבער, וויפיעל מען זאָל איהם ניט צונויפמישען מיט אַנ־דערע, בלייבט ער שטענדיג פון אויבען.

„מה הזית חובטים אותם ואחר כך נותנים שומנן, כך ישראל באין עכו"ם וחובטין אותם ואחר כך עושין תשובה", פונקט ווי איילבירטען, ווען מען קלאַפּט זיי, ערשט דאַן גיבען זיי אַרויס פון זיך זייער פעטקייט, אַזוי זיינען אויך די אידען, נאָכדעם ווי היטלער דערלאַנגט זיי עטליכע קלעפּ, ערשט דאַן הויבען זיי אָן בעסער צו ווערען און נעהמען זיך קעהרען צוריק צו זייער אַלטען שטאַם.

# תשובה און גאולה

אונזערע חכמים זאָגען: „גדולה תשובה שמביאה את הגאולה" — תשובה איז אַזוי גרויס, אַז זי קען אונז ברייננגען די גאולה. פרעגט זיך די פראַגע: פאַרוואָס זיצען מיר און וואַרטען שוין איינִיגע טויזענט יאָהר אויף משיח'ן, אַז ער זאָל אונז ברייננגען די גאולה? לאָמיר איין מאָל פאר אַלעמאָל באַשטימען אַ תשובה־וואָך אָדער אַ תשובה־מאָנאַט פאר אַלע אידען אין דער וועלט און פּטור ווערען פון דעם פינסטערען גלות.

אום צו פאַרענטפערען די דאָזיגע פראַגע, קען מען דערצעהלען די מעשה פון יענער באַלאַגערטער שטאָט:

אַ שטאָט האָט געמאַכט אַ בונט געגען מלך און ניט געוואָלט פאָלגען זיינע געזעצען און אויך ניט צאָהלען איהם קיין שטייער, איז דער מלך אין כעס געוואָרען און איז געקומען מיט אַ גרויסער אַרמעע און באַלאַגערט

די שטאָט פון אַלע זייטען, כדי די שטאָט־לייט אויסצוהונגערען, אַז זיי וועלען ניט האָבען קיין שפּייז און קיין וואַסער, וועלען זיי זיך אונטערגעבען.

עס איז אוועק אַ שטיק צייט און די שטאָט־לייט האָבען אָנגעהויבען פּיהלען דעם הונגער, עסען איז ניט געווען וואָס, האָבען זיי אָנגעהויבען צו רעדען פון אונטערגעבען זיך צום מלך, האָבען זיך אָבער דאָרטען געפונען מענשען עקשנים, וועלכע האָבען זיך בשום אופן ניט געוואָלט אונטערגעבען.

„לאָמיר נאָך וואַרטען — האָבען זיי געטענה׳ט — פּיליכט וועט דעם מלך מיאוס ווערען וואַרטענדיג, וועט ער אָפּטרעטען״. אָבער ווען זיי האָבען שוין אויך דעם שרעקליכען הונגער דערפּיהלט, זיינען זיי שוין אויך מרוצה געוואָרען זיך אונטערצוגעבען.

ווען עס איז געקומען צו שיקען שלוחים צום קעניג, זיינען אַלע געווען אזוי אָפּגעשוואַכט פון הונגער אַז זיי האָבען זיך ניט געקענט אַ ריהר טהאָן פון אָרט, אַלע זיינען געווען כמעט אָהן כחות.

דער מלך איז דערווייל געוואָרען זעהר אונגעדולדיג וואָס די שטאָט־לייט זיינען אַזעלכע פאַרביסענע עקשנים, האָט ער געהייסען אונטערצינדען די שטאָדט פון אַלע זייטען און מען זאָל פאַרברענען די הייזער מיט די מענשען צוזאַמען.

ווען די שטאָט־לייט האָבען זיך דערוואוסט וואָס דער מלך וויל טהאָן, האָבען זיי צוזאַמענגענומען זייערע לעצטע ביסעל קרעפטען, זיך געשטעלט אויף די פיס און גענומען שרייען: „גרויסער קעניג! מיר האָבען שוין לאַנג, לאַנג צוריק חרטה באַקומען אויף דעם וואָס מיר האָבען זיך צו־בונטעוועט געגען דיר, מיר האָבען זיך שוין אויך לאַנג געוואָלט אונטער־געבען, נאָר מיר זיינען אזוי שוואך און אויסגעהונגערט, אַז מיר האָבען קיין כחות ניט צו געהן צו דיר. דאַריבער, גוטער קעניג, האָב רחמנות אויף אונז און שיק אונז דיינע רייט־וועגען, מיר זאָלען קענען קומען צו דיר און דיר איבערבעטען, אַז דו זאָלסט אונז מוחל זיין און אונז ווידער אָנערקענען פאַר דיינע טרייע קינדער״.

מיט אונז, אידען, איז אויך אזוי. דער אויבערשטער וואַרט ביז מיר וועלען תשובה טהאָן און דאַן וועט ער אונז פון גלות אויסלייזען.

## דר. י. ל. שניצער

מיר אָבער זיינען אזוי אָפּגעשוואַכט פון צרות און פארזונקען אין טיפען זומפּ, אַז מיר האָבען קיין כוח ניט תשובה צו טהאָן, דערי־בער בעטען מיר, אַז דער אויבערשטער זאָל אונז פריהער שיקען זיין משיח און אונז ברענגען צ. איהם, דאַן וועלען מיר קענען אויסדריקען אונזער חרטה און תשובה טהאָן.

---

# פרומקייט און ערליכקייט

רעדט זיך אויס פאר מיר אַ פרוי איהר שווער ביטער האַרץ:

זי און איהר מאַן קומען פון דעם אַלטען לאַנד,ביידע פון איין און דעם זעלבען שטעטעל, ביידע זיינען אויפגעצויגען געוואָרען ביי פרומע עלטערען, אָבער אַזוי ווי איהר מאַן איז באַלד נאָך דער חתונה אַוועק קיין אַמעריקא, האָט ער גענומען לערנען נייע אידעען און איז באַקאַנט געוואָרען מיט נייע אַנזיכטען.

ער איז אַ פריידענקער געוואָרען, און איז אַוועק נאָך ווייטער — ער איז געוואָרען אַן אַטעאיסט.

עס זענען פאַראַן פריידענקער און אַטעאיסטען וואָס דענקען און טראַכטען פאר זיך אַליין, אָבער זיי קימערען זיך ניט ווי אַ צווייטער דענקט און טראַכט, עס אַרט זיי ניט דעם צווייטענס אידעען, אפילו ווען דער צווייטער איז זיין אייגען ווייב און קינד.

גאַנץ אַנדערש אָבער איז איהר מאַן געווען. ווי ער האָט זי נאָר אַראָפּגעבראַכט אין אַמעריקא, האָט ער אָנגעפאַנגען פון איהר צו פאָדערען, זי זאָל דענקען אזוי ווי ער דענקט. אויף איהר פראגע: וואָס אַרט עס איהם ווי זי דענקט? פלעגט ער איהר ענטפערען, אַז איהם געהט עס אָן צוליעב די קינדער. ער וויל ניט אז זיינע קינדער, זאָלען ערצויגען ווערען אונטער אַ רעליגיעזען כאָמוט. ער וויל אַז זיינע קינדער זאָלען דענקען ווי פרייע מענשען און ניט ווי רעליגיעזע שקלאַפען.

די ערשטע צייט פלעגען פאָרקומען צאַנקערייען צווישען זיי, שפּעטער אָבער האָט זי איינגעזעהן אַז איהר מאַן ליידט אויף אַ קראַנקהייט וואָס

# מענש און תורה

רופט זיך „אידעע פיקס״, ער איז אַ פאַנאַטישער משוגענער, און אויף אַ משוגע׳נעם דאַרף מען רחמנות האָבען, אָבער זי האָט גערעכענט אַז מיט דער צייט וועט ער זיך איבעראַנדערשען, אַ שטיקעל מעבעל בלייבט אויך ניט שטעהן אויף איין אָרט און בפרט נאָך אַ מענש. אידעען בייטען אויך זייערע פאָרמען און ווערען געלייטערט.

מאַטעריאל האָט איהר גאָרניט געפעהלט. איהר מאַן האָט גע־אַרבייט און זיי האָבען געמאַכט אַ שעהן לעבען, וויפיעל ער פלעגט ברענגען אַהיים, פלעגט זי זיך צופרידען שטעלען, ווייל זי איז פון נאַטור זעהר עקאָנאָמיש. פון די פאַרדינסטען פלעגט זי נאָך יעדע וואָך אַוועק־לייגען אַ פּאָאָר דאָלאר אין באַנק אויף אַ רעגענדיגען טאָג.

ווען עס איז אָנגעקומען דער קריזיס, האָט אויך איהר מאַן פארלאָרען זיין „דזשאב״, די ערשטע צייט פלעגט ער נאָך ארויסגעהן זוכען ארבייט, שפּעטער אָבער האָט ער דאָס אויפגעהערט. זעהענדיג אַז פון די אָפּגע־שפּאָרטע פּאָר דאָלאר ווערט אלץ ווייניגער און ווייניגער, איז זי אַוועק אַרבייטען ביי אַ קרוב אין אַ קאָפעטעריע אַלס נאַכט־קאַסירערין און דער מאַן איז געבליבען אין דער היים אַכטונג צו געבען אויף זייערע צוויי קינדער.

איהרע שכירות האָבען אויפ׳ן גאַנצען לעבען ניט געטראָגען, פלעגט זי ארויסנעהמען יעדע וואָך אַ פּאָר דאָלאר פון באַנק און עס דערלעגען, אזוי האָט עס אָנגעהאַלטען אַ רעכט ביסעל צייט, ביז איהר מאַן האָט דער־שפירט אַז אין באַנק איז שוין כמעט גאָרניט געבליבען, האָט ער געכאַפּט די הענט מיט די פיס און געמאַכט א ויברח.

זי האָט שוין אָנגעווענדט אַלערליי מיטלען אין דער וועלט איהם צו געפינען, אָבער אין קול ואין עונה. ער איז ווי אין וואַסער אריין.

„איהר פאַרשטעהט? — האָט זי מיט טרעהרען צו מיר אַ זאָג גע־טהאָן — מיין פילאָזאָפישער קאַפּיטאַן האָט איבערגעלאָזען זיין זינקענדע שיף אין מיטען ים און איז אַנטלאָפען״.

אויסהערענדיג איהר געשיכטע האָב איך זיך צו איהר אָפּגערופען:

מיין ליבע פרוי! איך ווער ניט איבערראַשט פון אייער מאַנ׳ן האַנד־לונג. אונזער גרויסער משה האָט אין אַ פּאָר ווערטער פאָרגעשטעלט דעם כאַראַקטער פון אזעלכע ברואים׳לאך. ער זאָגט אין פּהשה ויקרא:

## דר. י. ל. שניצער

„נפש כי תחטא ומעלה מעל בד׳ וכחש בעמיתו״ — א פערזאָן וואָס וועט פעלשען אין גאָט און לייקענען אין זיין חבר. עס זיינען פאַראַן אַ סך לייט וואָס זאָגען אז זיי זיינען ניט קיין גלויביגע, אָבער זייער וואָרט איז קודש קדשים, זיי היטען ניט אָפּ די מצוות פון בין אדם למקום (פון מענשען צו גאָט), אָבער זיי זיינען זעהר עהרליך אין זייערע האַנדלונגען בין אדם לחברו (צווישען איין מענשען און דעם צווייטען). גלויבט זיי ניט! איהר הערט? גלויבט זיי ניט! זאָגט אונזער גרויסער משה, ווייל איינס מיט׳ן אַנדערען איז זעהר ענג פאַרבונדען, „נפש כי תחטא ומעלה מעל בד׳״ — אַ פערזאָן וואָס זינדיגט און ווערט אומטריי צו גאָט, „וכחש בעמיתו״ וועט אויך זיין חבר פארלייקענען און איהם באשווינדלען און באַטריגען ביי יעדער גינסטיגער געלעגענהייט.

שלעכט צו גאָט, שלעכט צו מענשען.

# אחריות און התחייבות

ווי מיר ווייסען, איז פון דער מינוט אָן ווי די אידען זענען ארויס פון מצרים, האָבען זיי שוין אָנגעהויבען צו רעוואָלטירען און זיך בונטעווען, ביים ים, אין מרתה, אין מדבר־סין, אין רפידים און אין נאָך אַזעלכע פּלעצער, פונדעסטוועגען איז דער אויבערשטער געווען מיט זיי געדולדיג און האָט געהייסען משה׳ן, ער זאָל זייער וואונש ערפיהלען. אָבער ווי עס איז געקומען צו דעם גאָלדענעם קעלבעל, איז דער אויבערשטער אזוי אין כעס געוואָרען אז ער האָט אַ געשריי געטהאָן צו משה׳ן: „הניחה לי ויחר אַפּי בהם ואַכלם״, — לאָז מיך, משה, איך מוז זיי פאַרניכטען! פרעגט זיך די פראגע: פאַרוואָס האָט דער אויבערשטער די פריהערדיגע אידישע זינד יאָ געדולדעט און די דאָזיגע ניט?

אום צו פארענטפערען די פראגע, קען מען דערצעהלען די מעשה מיט יענעם מיזיניק:

אַ גרויסער גביר האָט געהאַט עטליכע זיהן, אָבער ער האָט פון זיי קיין נחת ניט געהאַט, זיי פלעגען זיך אַרומשלעפּען גאַנצע טעג און נעכט

# מענש און תורה

איבער די שענקען און הולטייעווען. עס איז ניט געווען דער טאָג וואו מען פלעגט ניט קומען צום פאָטער מיט פאַרשידענע קלאָגעס אויף זיינע תכשיטים. דער פאָטער פלעגט זיי מוסר'ן און גאַנץ אָפט אפילו באַשטראָ־פען אויך. אָבער עס האָט ניט געהאָלפען.

נאָך פיעל קלעהרען און דענקען איז דער פאָטער געקומען צום באַשלוס אַז מיט די דערוואקסענע קינדער זיינע איז שוין ניטאָ וואָס צו מאַכען. זיי זיינען שוין צופיעל איינגעוואָרצעלט געוואָרען אין זינד און אין פארברעכען, דערפאר אָבער מיט זיין מיזיניק וועט ער נאָך פיליכט עפּעס יאָ קענען וואָס אויפטהאָן. ער איז נאָך יונג און נאָך ניט אזוי פאַרדאָרבען. אונטער זיין השגחה וועט ער נאָך אַ שטיקעל מענש ווערען.

און אזוי איז געווען, ער האָט אַלע זיינע קינדער געגעבען גרויסע שטיקער לאַנד מיט היבשע סומען געלד און זיי משלח געווען פון זיך, כדי זיין מיזיניקעל זאָל זיין אָפּגעזונדערט און ניט נאָכטהאָן זייערע מעשים. ער האָט גענומען פאר איהם א גוטען מלמד מיט'ן נאָמען רב משה, און איהם איבערגעגעבען די ערציהונג פון זיין מיזיניק.

גאַנץ אָפט פלעגט זיך אפילו טרעפען אַז דער מיזיניק פלעגט ווערען קאַפּריזנע און רעוואָלטירען אַנטקעגען רב משה'ן, אָבער דער פאָטער פלעגט איהם מיט גוטען איינגעהמען און נאָכגעבען אַלע זיינע קאַפּריזען. אַזוי האָט עס אָנגעהאַלטען אַ רעכטע שטיק צייט. דער מיזיניק פלעגט זיך בריקען און דער פאָטער פלעגט איהם געדולדיג אַלעס נאָכגעבען.

ווען דער מיזיניק איז עלטער געוואָרען, האָט דער פאָטער אויסגעזוכט פאַר איהם אַ כלה אַ זעלטענע שעהנהייט מיט אַ סך מעלות און האָט איהם חתונה געמאַכט.

אַ קורצע צייט נאָך דער חתונה האָט דער פאָטער דערזעהען אַז דער מיזיניק פיהרט זיך ניט אויף ווי עס פּאַסט פאר א פאַרהייראַטען מאַן, ער האָט זיך עפּעס צוגעשאַרט צו אַ מיידעל מיט אַ קעלבערנעם פּנים און טאַנצט מיט איהר אַרום, דאָ איז דער פאָטער געוואָרען שרעקליך אין כעס און האָט איהם געוואָלט צו'הרג'ענען, האָט זיך רב משה אריינגעמישט און געפרעגט דעם פאָטער אַ פראַגע: פאַרוואָס פלעגט איהר אַמאָל דולדען אַלע זיינע קאַפּריזען און איהם נאָכגעבען אַלע זיינע נאַרישקייטען

## דר. י. ל. שניצער

און איצט זייט איהר אַזוי שרעקליך אין כעס געוואָרען? האָט דער פאָטער איהם געענטפערט:

„איהר זאָלט עס פרעגען, רב משה? איהר, אַזאַ גרויסער טיכטיגער פעדאַגאָג? ווען איך פלעג נאָכגעבען אַלע זיינע קאַפּריזען, איז ער נאָך געווען אַ אינגעל. ער האָט קיין פליכטען ניט געהאַט אויף זיך, איצט אָבער איז ער אַ פאַרהייראַטער מאַן, אַ מאַן וועלכער האָט פליכטען און פאַראַנטוואָרטליכקייטען אויף זיך, איצט האָט ער קיין רעכט ניט צו טהאָן אַזעלכע נאַרישע זאַכען.

פאר מתן תורה האָבען מיר קיינע פליכטען ניט געהאַט אויף זיך, דעריבער פלעגט דער אויבערשטער אַלע אונזערע קאַפּריזען נאָכגעבען און אונזערע זינד מוחל זיין, אָבער נאָך מתן תורה האָבען מיר שוין גע־האָט געוויסע פליכטען און פאַראַנטוואָרטליכקייטען אויף זיך, דערפאר איז דער אויבערשטער שרעקליך אין כעס געוואָרען אויף אונז.



# די פאַרשידענאַרטיגקייט פון כאַראַקטער

די גמרא זאָגט: „שלשה שותפין יש באדם“, דריי שותפים זיינען פאַראַן אין דעם באַשאַף פון מענשען, דער אויבערשטער און פאָטער און מוטער. גייסט, נשמה, שכל, אויגען, אויערען און נאָך אַזעלכע ערהאַבענע אייגענשאַפטען, קומען פון דעם אויבערשטען. הויט, פלייש, ביינער, אָדערען און די איבעריגע גלידער קומען פון טאַטע מאַמע. פרעגט זיך די פראַגע: מילא, אויף די עלטערנ׳ס חלקים אַז זיי קומען אַמאָל אַרויס ניט געראָטען, איז קיין קשיא ניט, ווייל זיי זיינען שטערבליכע מענשען מיט אַ סך פעהלערען, אָבער גייסט, נשמה און שכל וואָס דאָס איז דעם אויבערשטענ׳ס ארבייט, וואָרום קומען זיי אַרויס גאַנץ אָפט ניט גע־ראָטען?

אום צו פאַרענטפערען די פראַגע קען מען דערצעהלען די מעשה מיט יענעם מעכאַניקער:

# מענש און תורה

אַ פּאָטער, א גרויסער מעכאַניקער האָט געהאַט דריי זיהן, וועלכע האָבען געוואוינט אין דריי באַזונדערע שטעדט. האָט זיך דעם פּאָטער פארגלוסט צו געבען זיי עפּעס אַ שעהנע מתנה, אַז זיי זאָלען איהם האָבען צו געדענקען, האָט ער אויסגעארבייט דריי שעהנע פּראַכטפאָלע קאָסטענס מיט זעלטענע באַפּוצונגען, און האָט אריינגעשטעלט אין זיי אַ וואונדער־באַרען מעכאַניזם מיט פאַרשיעדענע פרוזשינקעס, אַז די שופלאָדען זאָלען זיך אַליין עפענען און צומאַכען און האָט עס אַוועקגעשיקט צו זיינע דריי זיהן.

איין זוהן האָט זיך זעהר דערפרעהט מיט דעם טאַטענ׳ס מתנה, ער האָט אַוועקגעשטעלט דעם קאָסטען ביי זיך אין זאַל אויבענאָן, זיך גענומען שפּיגלען מיט איהם און האַלטען אין איהם אלע זיינע אַנטיקען און ווערטה־פּאַפּירען. דער צווייטער זוהן האָט דעם קאָסטען אַוועקגעשטעלט אין קיך און גענומען האַלטען אין איהם ברויט, קאַרטאָפעל, ציבעלעס און נאָך אַזעלכע עסענוואַרג. דער דריטער זוהן האָט דעם קאָסטען אַוועקגעשטעלט אין פאָרהויז אין שטויב, אין שמוץ און אין בלאָטע, ביז ער איז אין גאַנ־צען פאַרראָסט געוואָרען.

אין אַ פּאָר יאָהר ארום איז דער פּאָטער געפאָהרען באַזוכען זיינע זיהן, ער איז אריין ביים ערשטען זוהן און האָט דערזעהן, ווי שעהן ער היט אָפּ דעם טאַטענ׳ס מתנה, האָט ער זיך זעהר געפרעהט. אויף׳ן צווייטען זוהן, האָט ער מיטלייד געהאַט, צו נעהמען אַזאַ טייערע כלי און האַלטען אין איהר עסענוואַרג, דאָך אָבער האָט ער זיך געטרייסט וואָס ער האָט געמאַכט אַ שטיקעל נוצען פון דעם קאָסטען. דעם דריטען זוהן אָבער האָט ער ניט געקענט מוחל זיין: סטייטש, צו נעהמען אַזאַ טייערע מתנה און קיין נוצען דערפון ניט צו מאַכען!

דער מענש, דער בחיר היצורים, איז באַגאַבט געוואָרען מיט אַ טייערע מתנה וואָס רופט זיך שכל און פאַרשטאַנד, אָבער ניט אַלע נוצען עס אויס ריכטיג. איינער שטעלט אַוועק די מתנה ביי זיך אויבענאָן, לערענט זיך צו פאַרשטעהן די גוטע וועגען אין וועלכע אַ מענש דאַרף זיך פיהרען און טהוט גוטעס מיט זיינע מיטמענשען, פון אַזאַ מענשען האָט דער אויבער־שטער נחת, ער אַנערקענט די שעהנע מתנה און נוצט עס אויס אויף גוטע טהאָטען.

## דר. י. ל. שניצער

אַ צוויטער ווידער שטעלט אריין די מתנה ביי זיך אין קיך. ער גיט אַוועק זיין גאַנצען שכל צו מאַכען געלד און אָנצושטאָפּען דעם מאָגען, אויף איהם האָט דער אויבערשטער אַביסעל רחמנות, ער נעהמט אַזאַ טייערע כלי און נוצט עס אויס אויף „מעטאַל" און „קארטאָפעל", דאָך אָבער איז נאָך צו דערליידען, עפּעס נוצען ברענגט ער דאָך מיט זיין שכל, ער טהוט קיין גוטעס ניט, אָבער קיין שלעכטס טהוט ער אויך ניט!

דער ערגסטער און דער אומגליקליכסטער איז נעביך דער דריטער, ער האָט גענומען די שעהנע מתנה און עס אוועקגעשטעלט אין פּאָרהויז, אז עס זאָל פאַרראָסט און פאַרזשאַווערט ווערען, זיין גוף און זיין נשמה איז פאַרדאָרבען געוואָרען, אַ שרעק און אַ שוידער איז ער פאר די מענשהייט געוואָרען, אָט די ברואים זיינען די ערגסטע.

דעם אויבערשטענס ארבייט איז טאַקע זעהר שעהן, נאָר דער אונגליק איז וואָס די ברירה איז דעם מענשען געגעבען... (הכל בידי שמים חוץ מיראת שמים) אַלעס ווענדט זיך אָן דעם אויבערשטען, אויסער פרומקייט, אויף פרומקייט איז דער מענש אליין אַ בעל הבית, און ווען דער מענש איז אליין א בעל הבית, דאן מוזען אויך זיין פאַרשידענע כאַראַקטערע.

---

# אידישע מאָראַל און עטיק

פּראָפעסאָר דזשאָרדזש וו. רייטמייר, דער פּראָפעסאָר פון אָהייאָ סטייט אוניווערזיטעט האָט אין אַ רעדע וואָס ער האָט געהאַלטען פאר קאלעדזש פּרעזידענטען און לעהרער ערקלעהרט, אַז דער בילדונג סיסטעם אין אַמעריקא איז אַ דורכפאַל, די ערציהונג וואָס מיר גיבען אונזערע קינדער פיהרט ניט צום ציעל און איז באַנקראָט. אונזערע קאַלעדזשעס טהוען נאָר וואונדער פאַר דער פיזישער וויסענשאַפט, מען האָט געמאַכט די בילדונג פאַר אַ מלאכה פאַר אַ געצייג און אַ וואַרשטאַט, יונגע מענשען געהן אין קאַלעדזש פאַר אַ פּראָפעסיע, פון וועלכער זיי זאָלען ציהען פאַר זיך מאַטעריעלע נוצען, אָבער עס פעהלט זיי די בילדונג פון גייסט, אונזערע קינדער קריגען ניט קיין מאָראַלישע ערציהונג, מען לערענט

# מענש און תורה

זיי ניט די באַציהונג פון מענש צו מענש און דאָס איז אַ גרויסער אונגליק פאַר אַ פאָלק.

ביי אונז, אידען אָבער איז דאָס קיין נייעס ניט. די לעהרען פון מאָראַל, די באַגריפען פון עטיק, פאַר וועלכע דער פּראָפעסאָר שטעלט זיך אַזוי איין, האָבען די אַלטע אידישע חכמים שוין מיט הונדערטע יאָהרען צוריק דאָס פארמולירט אין די „פרקי אבות".

עס איז ניטאָ נאָך אַזאַ פאָלק אין דער וועלט וואָס האָבען די געזעצען פון מאָראל, די לעהרען וועגען מדות טובות אין אַ מענשען דערהויבען צו אַזאַ רעליגיעזער הויכקייט ווי דאָס אידישע פאָלק אין זייער „פרקי־אבות".

דאָס באַווייזט אַז דער חוש פון מאָראַל און פאר עהרליכע באַציהונג צווישען מענש און מענש איז ביי אידען אַנטוויקעלט געוואָרען שטאַרקער, פיעל שטאַרקער ווי ביי אַנדערע פעלקער.

שוין אין די פאָררעדע אליין פון „פרקי אָבות", גיבען אונזערע חכמים אַ קלאָהרען באַגריף וועגען זיין אינהאַלט, עס איז אַ קורצע הקדמה וואָס זאָגט: „כל ישראל יש להם חלק לעולם הבא", יעדער וואָס רופט זיך אַ איד, יעדער וואָס שעהמט זיך ניט מיט דעם נאָמען איד, האָט אַ טהייל אין דער אייביגער וועלט, אין דער אידישער צוקונפט, פרום אָדער ניט פרום, אָרעם אָדער רייך, אַלע זיינען גלייכע מיטגלידער פון אידישען פאָלק. איינער איז ניט מעהר יחסן פון דעם צווייטען.

דאָס איז דער העכסטער באַגריף פון דעמאָקראַטיע וואָס איז געווען אומבעקאַנט צו אַנדערע פעלקער פון יענע צייטען און אויך זאָגאַר פרעמד צו די ציוויליזירטע אומות פון היינט.

דריי כללים זאָל אַ מענש געדיינקען: איהר זאָלט זיין פאָרזיכטיג מיט אייער אורטהייל; איילט זיך ניט צו זאָגען וועגען אַ מענשען אַ שלעכטע מיינונג, און זייט געדולדיג מיט אייער משפט, אָט דעם כלל זאָלט איהר אויך לערנען אַנדערע, מאַכט תלמידים, געווינט אָנהענגער וואָס זאָלען זיך אַזוי פיהרען צווישען מענשען.

אויף דריי פּרינציפּען האַלט זיך די וועלט: אויף גייסטיגע אויס־בילדונג, אויף קערפּערליכע אַרבייט, און אויף פריינדליכקייט צווישען מענשען.

# דר. י. ל. שניצער

דערוווייטערט זיך פון אַ שלעכטען שכן, מיידט אויס שלעכטע געזעל־שאַפט, און טאָמער פּאַסירט מיט דיר אַן אונגליק, זיי ניט פארצווייפעלט, און פאַרליר ניט דעם מוטה. קיינער ווייסט ניט וואָס די צוקונפט קען איהם ברייננגען.

איצט געהען מיר אַריבער צו די עטישע לעהרען פון דעם באַריהמטען הלל, וועלכער זאָגט:

זיי אַ תלמיד פון אהרן, וועלכער איז געווען אַ פריינד פון פרידען, האָט געאַרבייט פאר פרידען, און איז געווען אַ פריינד פון אַלע מענשען.

דער וואָס שפּאַרט זיך מיט די עלענבויגענס באַריהמט צו ווערען, צו קריגען אַ גרויסען נאָמען, פארלירט דעם זעלבען נאָמען וואָס ער האָט געהאַט.

אין אַן אַנדער אָרט גיבען זיי נאָך אַ משל דערצו:

„גמלא אזל למבעי קרני, אודני דהוו ליה גזיין מיניה", א קעמעל איז געגאַנגען בעטען הערנער האָט ער אויך זיינע אויערען פאַרלאָרען.

„אם אין אני לי מי לי", אויב אַ מענש זאָל פאר זיך אליין ניט זאָר־גען, ווער וועט פאַר איהם זאָרגען? „וכשאַני לעצמי מה אַני", אויב איינער איז אַזוי עגאָאיסטיש און זאָרגט בלויז פאַר זיך אַליין, טאָ וואָס פאַר אַ בריאה איז דאָס? אָט די גאָלדענע ווערטער פון אונזער גרויסען הלל האָבען אונזערע גרויסע ראַדיקאַלען גענומען פאַר זייער מאָטאָ, אויפצו־וועקען די אַרבייטער.

אָט אַזעלכע בריליאַנטענע ווערטער קען מען געפינען אין אונזערע „פרקי־אָבות", אַ זאַמלונג פון לעקציעס ווי אַזוי דער מענש זאָל זיך פיהרען אין הויז, אין גאַס, אין געשעפט און אין געזעלשאַפט, אַ „מורה־דרך" א וועג־ווייזער און א פּאַרמיטלער צווישען מאַן און ווייב, צווישען עלטערען און קינדער, און צווישען מענש און מענש, אַ ראַטה־געבער ווי צו האַלטע אַ שטרענגען קאָנטראָל איבער זיך אָן שום חניפה צו זיך אליין, ווי צו וועגען און מעסטען אַלעס וואָס דעם מענשען שטעהט פאַר צו טהאָן, און ווי אַזוי אַרויסצושלעפּען פון די נשמה'דיגע באַהעלטענישען אַלע בייזע כוונות אַלע שוואַכקייטען און זוכען זיי אויסצובעסערען און פאר־וואַנדלען דאָס בייזע אין גוטען און דאָס שוואַכע אין שטאַרקען.

## מענש און תורה

און ווען לערענט דאָס אַלעס דער איד? אין פריהלינג ווען די נאַטור צושפּיעלט זיך אין איהר פולען פּראַכט און גלאַנץ און ווינקט און רופט צו לעבען און צו געניוס. דאַן פאַרטיעפט זיך דער איד אין זיינע מאָראַלישע לעהרען און לייטערט זיין גייסט אין די פּערל׳דיגע לעקציעס פון זיינע אַמאָ־ליגע חכמים.

---

# דער משומד

קומט צו מיר אַ קאָמיטע פון א חברה מיט א שאלה:

זיי האָבען דאָ אַ לאַנדסמאַן וועלכער האָט זיך מיט יאָהרען צוריק געטויפט צוליעב אַן איירישער שיקסע, אָבער ער האָט די גאַנצע צייט פון זיינע לאַנדסלייט זיך ניט אָפּגעטיילט. מלחמה־צייט, ווען מען האָט גע־דאַרפט שיקען געלד אין זייער אלטען היימישען שטעדטעל, איז זיין נדבה געווען די ערשטע, און נאָך א גרויסע נדבה דערצו, ווייל ער איז זעהר א רייכער מאַן.

עס האָט זיך אַמאָל געטראָפען אז די חברה האָט זיך געגוויטיגט אין געלד און מען איז צו איהם ניט געקומען, איז ער געקומען צו אַ מיטינג און האָט אַ זאָג געטהאָן: „איהר מיינט אַז דאָס ביסעל טויף־וואַסער האָט מיך אָפּגעוואַשען פון אייך? ניין, איך בין אין האַרצען אַ איד אַזוי ווי איהר אַלע, קיין זאַך אין דער וועלט וועט מיך פון אייך ניט אָפּרייסען“.

איצט איז ער געקומען צו זיי און פאַרלאַנגט אַז מען זאָל איהם מאַכען פאַר אַ יאָהרצייט מעמבער, דאָס הייסט, ווען ער וועט שטאַרבען זאָל די חברה פּראַווען זיין יאָהרצייט און זאָגען קדיש אַזוי ווי זיי טהוען נאָך אלע זייערע פאַרשטאָרבענע מעמבערס. ער וויל אויך געבען א היבשע סומע געלד דערפאַר. זיינען זיי דאָס געקומען מיר פרעגען וואָס זיי זאָלען טהאָן.

אַלס ענטפער אויף זייער שאלה האָב איך זיי דערצעהלט די מעשה מיט יענע גביר׳טע:

אין רוסלאַנד איז אַמאָל געווען אַ באַריהמטער פּראָפעסאָר וועלכער האָט זיך גע׳שמד׳ט צוליעב אַ קאַריערע, און דאָך איז ער נאָך׳ן שמד

געווען אַריינגעטהאָן אין לומדות. ער איז געשטאַנען אין קאָנטאַקט מיט פיעלע רבנים, פיהרענדיג מיט זיי שאלות ותשובות און געשריבען חדושי תורה.

ווען מען האָט אַמאָל געפרעגט רבי הערש־לייב וואָלאָזשינער וואָס ער דענקט וועגען דעם מערקווירדיגען משומד, האָט ער געענטפערט מיט אַ מעשה:

ביי אַ גרויסען גביר איז אַמאָל קראַנק געוואָרען זיין ווייב, וועלכע איז געווען זעהר א פרומע און צניעות׳דיגע אידענע. מען האָט געבראַכט צו איהר די גרעסטע דאָקטוירים און אַלע האָבען געזאָגט אַז קיין אַנדער רפואה איז פאַר איהר ניטאָ סיידען מען זאָל זי שפייזען מיט חזיר־פלייש. פאַרשטעהט זיך אַז ניט דער מאַן און ניט די פרוי האָבען געוואָלט הערען דערפון. און דאָ ווערט דער חולה וואָס אַמאָל אַלץ ערגער און ערגער.

ווען דער רב פון שטאָדט האָט דערהערט די געשיכטע, איז ער אַוועק צום גביר און האָט ערקלעהרט אז על פי דין מעג זי עסען חזיר, ווייל עס איז „פקוח נפש״ און די תורה האָט אונז געזאָגט „וחי בהם״, אַ מענש מוז לעבען און ניט שטאַרבען.

הכלל, די פרוי האָט מסכים געווען צו עסען חזיר, נאָר בתנאי אַז דער רב זאָל הייסען דעם שוחט שעכטען דעם חזיר און בודק זיין נאָכדעם די ריאה ווי דער דין איז.

דער רב האָט אפילו א שמייכעל געטהאָן, נאָר פאַרפאַלען. אז א אידענע שפאַרט זיך איין, איז ניטאָ וואָס צו מאַכען. מען האָט געבראַכט דעם שוחט און ער האָט דעם חזיר געשאָכטען, אָבער ווי עס איז געקומען צו בדיקת הריאה האָט ער ווי צו להכעיס געפונען אויף דער חזיר׳שע ריאה אַ שאלה וואָס ער אליין האָט ניט געקענט פסק׳ענען און האָט געבראַכט די ריאה צום רב.

ווען דער רב האָט באַטראַכט די ריאה, האָט ער געהייסען צונעהמען און האָט קיין איין וואָרט ניט געזאָגט. איז אָבער דער גביר מיט נאָך בעלי בתים צוגעשטאַנען צו איהם אַז ער זאָל זיי זאָגען דעם רעזולטאַט פון דער ריאה, האָט ער מיט אַ זיפץ זיך צו זיי אָפּגערופען:

„שווער צו ענטפערען מיינע פריינד! זעהר שווער צו ענטפערען! ווען אַזאַ שאלה זאָל זיך טרעפען ביי אַ בהמה טהורה וואָלט איך גלייך גע־

## מענש און תורה

זאָגט „כשר", אָבער דאָ וואו עס האַנדעלט זיך וועגען אַ חזיר, ווי אזוי קען איך זאָגען כשר ווערענד מיט זיין גאַנצע כשרות פון אַלע זייטען איז ער דאָך פאָרט אַ חזיר... איהר פאַרשטעהט רבותי? אַ משומד מיט זיינע לומדות און מיט זיינע אידישקייט איז ער פאָרט אַ חזיר, און אויף אַ חזיר טאָר מען ניט זאָגען דעם וואָרט כשר".



# גוף און נשמה

די ענגלישע „יודזשעניקעס" האָבען אנומעלט אויסגעארבייט א פּלאַן צו גרינדען א קאָלאָניע אין די וויסטענישען פון בראַזיל צו פּראָדוצירען קינדער וואָס זאָלען זיין פאָלקאָם אין קערפּער און אין גייסט, קינדער וואָס זאָלען אויסוואַקסען „איבערמענשען" אָדער ווי די קאַבאַליסטען רופען זיי: „אדם עילאה". זייער טעאָריע איז, אז קינדער נעהמען איבער בירושה פון זייערע עלטערען גייסטיגע און קערפּערליכע קראַנקהייטען. אום צו פאַרהיטען די צוקינפטיגע דורות פון אומגליקליכע קריפּעלס, דאַרף מען זעהן מזווג צו זיין אזעלכע מענשען וואָס זיינען געזונד סיי פיזיש און סיי גייסטיג און „ברידען" איבערמענשען.

יאָ, עס איז זעהר א שעהנער חלום, אָבער מעהר ניט ווי א חלום, ווייל פאַרבעסערען א ראַסע דורך צוזאַמענפּאָרען קען מען נאָר ביי בהמות, מענשען אָבער, האָבען א חוץ דעם קערפּער אויך שכל און א נשמה. פון קערפּער, שכל און נשמה איז די נשמה דאָס וויכטיגסטע, דערפאַר שעצט מען אין מענשען כמעט אלעמאָל מעהר זיין נשמה ווי דעם גוף.

לאָמיר זאָגען, צום ביישפּיל, אז מען וועט שוין יאָ געפינען מענשען וועלכע זיינען פאָלקאָם קערפּערליך און גייסטיג, ווי וועלען אָבער די יודזשע־ניקעס צוזאַמענפּאָרען די מענשליכע נשמות?

מיר געפינען זעהר אָפט אז א פולקאָמענע פרוי פאַרליבט זיך גראָד אין א מאַן וואָס אונז געפעלט ער ניט, און א מאַן פאַרליבט זיך אמאָל אין א פרוי וואָס עס עקעלט פּשוט אויף איהר א קוק צו טהאָן, און דאָך האַרמאָ־

נירט מען צוזאַמען. און גאַנץ אָפט טרעפט פאַרקעהרט: צוויי שעהנע, געזונטע מענשען פאַראייניגען זיך און קיין האַרמאָניע איז ניטאָ.

די גמרא דערצעהלט אונז: אַז א רוימישע מאַטראָנע האָט אַמאָל געפרעגט א געוויסען תנא: „איהר זאָגט אז גאָט האָט באַשאַפען די גאַנצע וועלט אין זעקס טעג צייט, האָט ער דאָך שוין זיין ארבייט אָבגעטהאָן, טאָ מיט וואָס באַשעפטיגט ער זיך איצט?"

„ער איז מזווג זיווגים" — האָט דער תנא איהר געענטפערט.

„דאָס איז עפּעס אויך אַן ארבייט? — האָט די מאַטראָנע געלאַכט — איך וועל אייך ווייזען אַז איך קען אויך דעם געטליכען קונץ טהאָן".

און אזוי ווי זי האָט געהאַט זעהר א סך דיענער און דיענסטען ביי זיך אין הויז, האָט זי זיי אַלעמען צוזאַמענגערופען און צו זיי געזאָגט: „פון היינט אָן און ווייטער וויל איך ניט האָבען קיין אומפאַרהייראַטע דיענער און דיענסטען ביי זיך אין הויז. איך געה אייך אַלעמען חתונה מאַכען", און זי האָט גענומען זיי איבערקוקען, איבערקלייבען און זיי צוזאמענפּאָרען. און ווען זי איז מיט איהר ארבייט פאַרטיג געוואָרען, האָט זי זיי געהייסען געהן מיט מזל אלס מאַן און פרוי.

אויף מאָרגען פריה זיינען די פּאָרלאַך אריינגעלאָפען צו זייער הארענטע צו'הרג'עטע, צו'ממית'טע, מיט אונטערגעהאקטע אויגען און געשריען:

„איך וויל זי ניט!"

„איך האָס איהם ווי דעם טויט!"

„בעסער שטאַרבען אײדער צו לעבען מיט אַזאַ מאַן!"

„גט אונז בעסער אָב, אָדער עס וועט פּאַסירען אַ מאָרד!"

איצט האָט די מאַטראָנע גענומען פאַרשטעהן ווי שווער עס איז צו זיין א מזווג זיווגים, מעהר ווי גאָט אליין קען טאַקע אַזאַ ארבייט ניט טהאָן.

די אידעע פון די יודזשעניקעס ווידער איז ביי אונז אידען אויך קיין נייעס ניט. אונזער גרויסער משה האָט אין א פּאָר פסוקים איבערגעגעבען די גאַנצע אידעע: „קדושים תהיו, כי קדוש ד' אלהיכם, איש אמו ואביו תיראו" — אין דער באַשאַפונג פון מענשען באַטייליגען זיך דריי שותפים: גאָט, דער פאָטער און די מוטער, און יעדערער פון זיי לאָזט איבער אין איהם זיין כאַראַקטעריסטיק: ליידענשאַפט, פּראַקטישקייט, ווילען צו ארבייטען, צו פאַרדינען און שפּאָרען, קומט פון פאָטער. לייכטזיניגקייט, סענ־

טימענטאַליטעט, ריהמעריי און גאוה, קומען פון דער מוטער. פאַרשטאַנד, דענקונגסקראַפט, ענטציקונג פאַר שעהנקייט און קונסט, פרייד צו טהאָן גוטעס און געוויסענסביסע צו טהאָן א פאַרברעכען קומט פון גאָט.

ווינקט אָן אונזער תורה: „קדושים תהיו" — הייליג זאָלט איהר זיין, וויל איך בין אויך הייליג, דעריבער וועט אייך מיין חלק ניט שאַדען, אָבער „איש", דו ביזט דאָך א מענש מיט נאָך צוויי חלקים, איז „אמו ואביו תיראו" — פאַר דעם חלק פון טאַטע־מאַמע דאַרפסטו זעהר שטארק מורא האָבען, וויל זייער צד זיינען די ריכטיגע גורמים צו דיינע קערפערליכע און גייסטיגע פעהלערען. זיי גיבען דיר איבער די אלע זאַכען בירושה. אום די ירושה־וואָרצלען ארויסצורייסען גיט אונז די תורה א גאַנצע ליסטע מיט אויספיהרונגען, ווען איהר וועט אויספאָלגען אַט די אלע זאכען, דאן וועט איהר זיך קענען רופען „קדושים", איבערמענשען, אָבער ניט מאַכען אַן אינקיובייטאָר און „ברידען" איבערמענשען.



# קלוגשאַפט און וויטזיכטיגקייט

פרעגט מיר א געפאַלענער ריעלעסטייטניק א פראגע:

אונזערע חכמים זאָגען: „איזהו חכם הרואה את הנולד" — ווער איז א קלוגער? דער וואָס קען אויסרעכענען וואָס שפעטער וועט זיין. א צווייטער תנא זאָגט: „איזהו חכם הלומד מכל אדם" — ווער איז א קלוגער? ווער עס לערענט זיך פון א צווייטען דאָס ניצליכע וואָס זאָל איהם, דעם לערנער צונוצקומען. ער האָט, גאָט צו דאנקען,ביידע תנאים געפאָלגט: אויס־גערעכענט די צוקונפט אז ניו יאָרק האלט אין וואקסען, דעריבער דאַרף זיך ריעל־עסטייט הויבען; ער האָט געלערענט פון אנדערע ווי צו קויפען אז עס זאָל איהם נוצען ברענגען. צום סוף האָט זיך פון זיין גאנצער חכמה אויסגעלאָזען א בוידעם מיט א פאַליצע. פרעגט זיך די פראגע: ער האָט דאָך געהאנדעלט ווי די תנאים איהם האָבען געהייסען, טאָ פארוואָס קומט איהם אזא פסק?

## דר. י. ל. שניצער

אלס ענטפער אויף זיין קשיא האָב איך איהם דערצעהלט די מעשה מיט יענע צוויי ברידער:

א רייכער מאַן האָט געהאַט צוויי טייערע זייגערס, אויף וועלכע ער איז זעהר שטאָלץ געווען. ביי יעדער געלעגענהייט פלעגט ער וויזען זיינע פריינד וועלכע צוויי אנטיקען ער באַזיצט און פלעגט באמערקען, אז פאר כל הון דעלמא וועט ער זיי ניט פאַרקויפען.

ווען ער האָט געהאַלטען ביים שטארבען, האָט ער צוגערופען זיינע צוויי זיהן און האָט זיי אָנגעזאָגט, אז זיי זאָלען אויף קיין פאַל אין דער וועלט די זייגערס ניט פארקויפען.

מיט א פאָר יאָהר שפעטער איז געקומען אויף די זיהן א שלעכטע צייט, די נויט האָט זיי גענומען צו שטאַרק דריקען, און אזוי ווי זיי האָבען זיך געשעהמט איינער פאר'ן צווייטען צו געהן געגען דעם פאָ־טער'ס צוואה, האָט יעדער איינער פון זיי פאַרקויפט זיין זייגער אין דער שטיל אז דער אנדערער זאָל דערפון ניט וויסען.

איינמאָל האָבען זיך די ביידע ברידער צוזאמענגעטראָפען און רעדענ־דיג פון זייער שלעכטער לאַגע, האָבען זיי זיך מודה געווען איינער פאר'ן צווייטען אז זיי האָבען זייערע זייגערס פארקויפט.

„האָסטו וועניגסטענס גענומען א גוטען מקח?" — האָט דער עלטערער געפרעגט ביי דעם אינגערען.

„ניין, ברודער! — האָט יענער געענטפערט — איך האָב זעהר א קליינעם פרייז פאר איהם באקומען, ווייל דער מענש וועמען איך האָב פאַרקויפט איז קיין מבין ניט געווען. איך האָב געמוזט נעהמען וויפיעל ער האָט מיר געגעבען".

„זעהסטו — האָט דער עלטערער ברודער א זאָג געטהאָן — איך האָב שוין פיעל קליגער געהאַנדעלט. איך האָב דעם זייגער געטראָגען צו א מבין איהם שאַצען, נאָכדעם האָב איך אויפגעזוכט א רייכען סוחר און ער האָט מיר פאַר איהם געגעבען דעם ריכטיגען מקח".

„ניין, ברודערל! — האָט דער אינגערער ברודער צו איהם געזאָגט — איך האָב פיעל קליגער געהאַנדעלט פון דיר. דו האָסט דעם זייגער פאר־קויפט צו א מענשען וואָס פאַרשטעהט דעם ווערטה פון דעם זייגער, און טאָמער אַמאָל, אז דו וועסט דעם זייגער וועלען צוריק אָפּקויפען, וועט ער

וועלען א סך מעהר ווי ער האָט דיר באַצאָלט. איך האָב אָבער פאַרקויפט צו אַזאַ מענשען וואָס פאַרשטעהט ניט דעם ווערטה פון איהם און אז איך וועל איהם געבען א קליינעם פּראָפיט, וועט ער זיך פרעהען און דאָס צו־כאַפּען".

אמת טאקע, א חכם איז דער וואָס קען אויסרעכענען וואָס שפּעטער וועט זיין און דער וואָס לערענט זיך פון א צווייטען, אָבער גאַנץ אָפט טרעפט זיך אז אפילו ווען איינער קריגט שוין א גוטען פרייז, נאַרט ער זיך דאָך אָפּ...

# פאָלק און לאַנד

רעדט זיך אויס פאַר מיר א איד זיין שווער ביטער האַרץ:

מיט יאָהרען צוריק איז ער געקומען נאָך אמעריקא, געאַרבייט שווער און ביטער און געקליבען פּעני צו פּעני און געעפענט א פאַבריקעל. די פאַבריק איז גראָד זעהר גוט אַוועק און ער האָט גענומען מאַכען געלד. היינט ארבייטען אין זיין פאַבריק א פּאָר הונדערט לייט און ער האָט זעהר א שעהנעם נאָמען אין דער קאָמערציעלער וועלט.

מיט דריי זיהן האָט איהם דער אויבערשטער מזכה געווען און ער האָט געזוכט מיט אלע זיינע מעגליכקייטען זיי צו געבען א ריכטיגע אידישע ערציהונג אזוי ווי זיין טאַטע האָט איהם אמאָל געגעבען, אָבער עס איז ניט געגאַנגען, זיי זיינען אויסגעוואקסען אזוי ווי אלע אמעריקאנער אידישע יונגעלייט. אָרענטליכע מענשען, עהרליכע מענשען, אינטעליגענטע מענשען, אָבער גאַנץ ווייט אוועק פון אונזער ריכטיגען אידישען לעבען.

פון קינדווייז אָן איז ער געווען ציוניסטיש געזאָנען, די טרויעריגע לאַגע פון זיין פאָלק איז איהם געלעגען זעהר נאָהענט צום הארצען און שטיצען פלעגט ער די ציוניסטישע באוועגונג מיט ראָטה, מיט טהאָט און אויך מיט גרויסע סומען געלד.

די פּאַסירונגען פון דער לעצטער וועלט־מלחמה האָבען איהם אינגאַנ־צען צורודערט. ער האָט געפירט א סטאַטיסטיק פון די קרבנות וואָס מיר

## דר. י. ל. שניצער

אידען האָבען געבראכט אויף מארס'עס (דעם גאָט פון קריעג) מזבח און האָט אויסגעפונען, אז א מיליאָן מיט צוויי הונדערט טויזענד סאָלדאטען, די בעסטע און שטארקסטע פון אונזער פאָלק האָבען געקעמפט ארום די פאָהנען פון אלע נאַציעס און געבליבען זיינען א פאָר הונדערט טויזענד עגונות, אַכט הונדערט טויזענד יתומים, זיבען הונדערט טויזענד אלמנות, צוויי הונדערט טויזענד אינוואַלידען, מענשען אָהן פיס און אָהן הענט, פופציג טויזענד האַלבע און גאַנצע משוגעים, מענשען מיט צודרעהטע נערוועז, און זעקס הונדערט קהילות זיינען פון דער ערד אָפּגעווישט געוואָרען און עס איז פון זיי קיין זכר ניט געבליבען.

א שרעקליכען חורבן האָט די מלחמה געמאכט אין אונזער מחנה, דאָך אָבער האָבען מיר זיך געטרייסט, אז די ציוויליזירטע וועלט און איבער־הויפּט אונזער אמעריקא וואָס איז ארויס רעטען די וועלט פאר דעמאָקראטיע וועט געוויס אויך פּראָקלאמירען פאר אונז פרייהייט און גלייכהייט אין אלע לענדער. האָט זיך דען ניט דאָס בלוט פון אונזערע קינדער געמישט מיט דעם בלוט פון זייערע קינדער? מיר האָבען נאָך מעהר, פיל מעהר געליטען ווי זיי פאר זייער נצחון. אָבער וואָס פאר א ביטערע וויסטע ענטוישונג מיר האָבען געהאַט! אונזערע פּאָליטישע רעכט, אונזערע בירגער־רעכט זיינען געבליבען ביים אלטען. אלץ האָט זיך געביטען, אָבער די אידישע לאַגע אין אייראפּא איז געבליבען מיט די זעלבע אלטע בלוט־דורכגעווייקטע רשימה.

דאָס איינציגע שטיקעל ליכט וואָס האָט א שיין געטהאָן פאר דעם אידישען פאָלק איז געווען די „באַלפור־דעקלאַראַציע", וועלכע האָט פּראָקלאַ־מירט פאר דער גאנצער וועלט אונזער רעכט צו בויען אונזער נאַציאָנאַלע היים אין ארץ ישראל. די איידעלסטע זיהן פון אונזער פאָלק האָבען זיך צונויפגעקליבען ארום דער בלוי־ווייסער פאָהן און גערופען זייערע ברידער צו א זעלבסטשטענדיג נאָרמאַלען לעבען אין דעם לאַנד פון אונזערע אבות. זיין פאַבריק וואָלט אויך זעהר גוט געגאנגען אין ארץ ישראל, און וואָלט אויך זעהר פיעל נוצען געבראכט פאר א פאָר הונדערט אידישע ארבייטער, לאָכען זיך אָבער זיינע זיהן אויס פון איהם, זייער טענה איז:

פאַרוואָס זאָלען מיר אנטלויפען פון א לאַנד וואו מיר האָבען אלע פרייהייטען אין דער וועלט? דו האָסט זיך פארבענקט נאָך רחל'ס קבר?...

גוט! געה זיך דיר דאָרטען געזונטערהייט און לעב דאָרטען נאָך דיינע אנזיכטען נאָך. מיר וועלען פון אמעריקא ניט געהן. דאָ זיינען מיר געבוי־רען און דאָ וועלען מיר שטאַרבען?

„איהר פאַרשטעהט? מיינע זיהן שיקען מיך דאָרטען שטארבען. איך אָבער וויל דאָרטען לעבען, לעבען און בויען, בויען און לעבען״.

אויסהערענדיג זיין געשיכטע האָב איך זיך צו איהם אָפּגערופען:

מיין פריינד, איך פיהל אייער וועהטאָג, איך פיהל אייער הארץ, אָבער אַזאַ אינטעליגענטער איד ווי איהר זייט האָט געדאַרפט וויסען די גמרא: „הכותב נכסיו לבניו בחייו כקונה אדון לעצמו״, דער וואָס שרייבט אי־בער זיין פאַרמעגען צו זיינע קינדער ביים לעבען, איז ווי ער וואָלט געקויפט אויף זיך א האַר, א בעל הבית. אונזער גרויסער משה אָבער, האָט געוואוסט, אז עס וועלען זיך געפינען אזעלכע קליינע אידען און גרויסע עגאָאיסטען אזוי ווי אייערע זיהן צום ביישפּיעל, האָט ער אונז אין פרשה בהר אָנגעזאָגט: „וקראתם דרור בארץ ושבתם איש אל אחוזתו״, דאָס האָט ער א וואונק געגעבען צו אונזערע רייכע אידען, צו אונזערע טיטולירטע אידען. אפילו, אז עס וועט זיין „דרור בארץ״ און איהר וועט געניסען אין אייערע וואוין־ערטער אלע פרייהייט אין דער וועלט, זאָלט איהר פונדעסט־וועגען ניט אויפהערען צו שטרעבען צו דעם: „ושבתם איש אל אחוזתו״, אז איהר זאָלט זיך צוריק אומקעהרען צו אייער אייגען לאַנד, צו אייער אמאָ־ליגער היים, ווייזט אייערע זיהן די איצטיגע לאַגע פון אונזערע ברידער אין דייטשלאנד און אין עסטרייך, ווען מיר וואָלטען געהאַט א היים וואָלט מען זיך מיט אונז ניט ארומגעוואָרפען.



# לא יחדל אביון מקרב הארץ

ווען מיר טראכטען זיך אריין אין אונזער תורה, געפינען מיר, אז די גאַנצע 40 יאָהר וואָס די אידען זיינען געווען אין דער מדבר האָט מען זיי געהאַלטען אין איין פּרעדיגען ווי זיך צו באַגעהן מיט אן אָרעמאן: היט איהם אָפּ! פּאַס אויף איהם אויף! גיב איהם לקט, שכחה, פאה, תרומה,

מעשר און נאָך אזעלכע אונטערשטיצונגען. פרעגט זיך די פראגע: דער אויבערשטער האָט דאָך געפיהרט די אידען זיי צו באַזעצען אין א נייעם לאַנד מיט נייע פּאראַנדקעס, האָט ער דאָך געקענט איינפיהרען, אז עס זאָלען גאָר קיין אָרימעלייט ניט זיין, און ניט דערצעהלען זיי א מעשה, אז— „כי לא יחדל אביון מקרב הארץ״, ארימעלייט דאַרף זיין און מוזען זיין, „על כן מצוך לאמר פתח תפתח את ידך לעניך ולאביונך״ — נאָר דו דאַרפסט עפענען דיינע הענד און זיי אונטערשטיצען. איז דען עפּעס ביי דעם אויבערשטען אונמעגליך געווען אזא זאַך אויסצופיהרען?

אלס ענטפער אויף דער קשיא קען מען דערצעהלען די מעשה מיט יענעם רייכען מאַן:

א רייכער מאַן, וועלכער איז אויך באוואוסט געווען אלס גרויסער בעל צדקה און מכניס אורח האָט געדארפט חתונה מאַכען זיין בן יחיד, האָט ער געלאָזט אויסרופען אין שוהל, אז ער לאדעט איין די גאנצע שטעדטעל צו דער חתונה. אום דעם עולם צופרידען צו שטעלען מוז יעדער איינער וואָס וועט קומען צו דער חתונה איהם לאָזען וויסען מיט א וואָך פריהער, כדי ער זאָל וויסען פאר וויפיעל מענשען אָנצוגרייטען צו עסען און צו טרינקען. פארשטעהט זיך דאָך, אז דער עולם האָט זיך אָנגעכאפּט אָן דעם, און די גאַנצע שטעדטעל איז געקומען צו דער חתונה.

נאָך דער חופּה, ווען דער עולם האָט זיך צוזעצט ביי די טישען, האָט זיך אָנגעפאנגען א כאפּעריי. איינינגע האָבען א כאַפּ געטהאָן צו צוויי־דריי פּאָרציעס און עס אַראָפּגעלאָזען צו זיך אין קעשענע און פאר די איבעריגע איז גאָרנישט געבליבען, זיינען די באַגזל׳טע געקומען קלאָגען פאר׳ן גביר, אַז זיי האָבען ניט וואָס צו עסען, האָט דער גביר זיך צו זיי אָפּגערופען:

„אויף מיר קענט איהר קיין פאַראיבעל ניט האָבען, ברידערלאך, איך האָב אָנגעגרייט גענוג פאר אייך אלעמען צו עסען און צו טרינקען. מיין כונה איז געווען, אז איהר זאָלט אלע גלייך הנאה האָבען פון מיין רייך־געדעקטען טיש, אָבער ווער זאָל זיך ריכטען, אז צווישען אייך זאָל זיך געפינען אזעלכע עגאָאיסטישע ברואים וואָס וועלען צוכאַפּען אלץ און אייך גאָרנישט לאָזען?״

„הייסט עס, אז מיר דאַרפען געהן אהיים הונגעריגע?״ — האָבען זיי איהם א פרעג געטהאָן.

## מענש און תורה

„ניין, ניין, מיינע פריינדע, דאָס ניט! — האָט דער גביר זיי געענטפערט — איך קען אייך ניט געבען די אלע תענונים׳לאך וואָס איך האָב גערעכענט אייך צו געבען, ווייל די כאַפּערס האָבען עס שוין אויפגעפרעסען, אָבער הונגעריג וועט איהר אהיים ניט געהן. אָט די כאַפּערס וועלען אייך מוזען געבען פון זייער חלק וואָס זיי האָבען אין די קעשענעס ארונטערגעלאָזען".

דער אויבערשטער האָט געגעבען די מענשען א וועלט מיט כל טוב, אז יעדער איינער זאָל האָבען גענוג אויף אלע זיינע הצטרכות. עס זיינען אָבער פאַראַן א סך מענשעלאך וואָס באנוגענען זיך ניט מיט זייער אייגענעם חלק און כאַפּען נאָך צו יענעמ׳ס חלק אויך, האָט דער אויבערשטער געזאָגט צו די כאַפּערס: אזוי ווי איהר האָט ארייגעכאפּט דעם חלק וואָס איך האָב אנגעגרייט פאר יענעם, טאָ לעדיגט אויס אייערע קעשענעס און גיט די בארויבטע וואָס צו עסען!...



# לשון הרע און רכילות

דערצעהלט מיר א איד א פאַמיליען־טראַגעדיע:

ער און אן עלטערער ברודער זיינען אריבערגעקומען יונגערהייט דאָ אין לאַנד, זיי האָבען געארבייט שווער און ביטער ביז זיי האָבען זיך דערשלאָגען צו א סטאָרקעלע אין א קליין שטעדטעל לעבען ניו יאָרק. דאָס שטעדטעל האָט גענומען וואקסען און מיט איהר אויך זייער געשעפט. זיי האָבען איצט כמעט די גרעסטע דעפּארטמענט סטאָר אין דער גאַנצער געגענד ארום.

ער און זיין ברודער האָבען ניט געזשאַלעוועט קיין געלד און קיין מיה און געהאָלפען אויפבויען אין שטעדטעל א גאנצע אידישע געזעלשאפט, און ווען זיין ברודער האָט חתונה געהאט איז זיין ווייב געוואָרען די גאנצע רעדעל־פיהרערין און טאָן־געבערין אין די אלע אַנשטאַלטען וואָס געפינען זיך דאָרטען.

זיין שוועגערין האָט געזוכט מיט אלע איהרע מעגליכקייטען צו מאַכען א שידוך צווישען איהם מיט איהרער אן אייגענער שוועסטער, אָבער עס

## דר. י. ל. שניצער

איז ניט געגאנגען, ניט ווייל ער האָט געהאַט עפּעס וואָס אויסצוזעצן געגען איהר שוועסטער, נאָר ווייל זיין האַרץ איז שוין געווען כמעט ווי פארנומען, ער האָט זיך באַקאַנט אין באָסטאָן מיט אַ מיידעל, א יונגע, א שעהנע און א געבילדעטע, א בת יחידה פון רייכע און בכבוד׳ע עלטערן, און עס איז געוואָרען צווישען זיי א ליבע.

איידער די מיידעל האָט איהם איהר יא־וואָרט געגעבען, האָט זי איהם גענומען דערצעהלען א געשיכטע וואָס מיט איהר האָט פּאַסירט אין קאַלעדזש, ווען זי איז 17 יאָהר אלט געווען.

א קאָמפּאניע סטודענטען און סטודענטקעס האָבען זיך ארויסגעלאָזען איבער די „סלאָמס״ (נידריגע נאַכבארשאפט) פון שטאָדט אום אביסעל שפּאַס צו האָבען און מען האָט זי אויך אין חברותא אריינגענומען. מען איז געגאנגען פון איין פּלאַץ צום צווייטען און מען האָט געטרונקען אויף וואָס די וועלט שטעהט. צו ווייזען אז זי איז אויך א „ספּאָרט״, האָט זי מיטגעטרונקען מיט זיי. אין איין פּלאַץ אָבער איז איהר זעהר שלעכט געוואָרען, האָט זי זיך אָפּגע׳גנב׳עט פון דער קאָמפּאניע און איז אריין אין א זייטיגען צימער און איז דאָרטען אנידערגעפאַלען.

ווען זי האָט געעפענט איהרע אויגען, האָט זי דערזעהען אז זי געפינט זיך אין א האָספּיטאל, איהרע עלטערן, מיט א דאקטאר און א נוירס זיינען געשטאנען ארום איהר, און ווען זי איז אביסעל מעהר צו זיך געקומען, האָט זי אויסגעפונען אז צוויי טעג איז זי דאָרטען געלעגען אין ספּיק־איזי באַ־וואוסטלאָז. די בעאמטע פון קאלעדזש האָבען טעלעגראפירט צו איהרע עלטערען און מיט די הילף פון דעטעקטיווס האָט מען זי געפונען און גע־בראכט אין האָספּיטאל.

די פּרעסע האָט אויפגעכאפּט די געשיכטע און געמאכט א גאנצע סענ־זאַציע פון דעם, איהר בילד איז ערשינען אין אלע צייטונגען מיט גרויסע קעפּלאך: „קאַלעדזש מיידעל געלעגען צוויי טעג שכור אין א ספּיק־איזי״ און נאָך אעזלכע שעהנע באַמערקונגען. פון געהן ווייטער אין דעמזעלבען קאַלעדזש איז שוין מעהר קיין רעדע ניט געווען. זי האָט איינגעפּאקט איהרע זאַכען און איז געפאָהרען מיט איהרע עלטערן אהיים.

פאַרשטעהט זיך אז ער האָט זיך פון איהר וידוי אויסגעלאכט, און ווען ער האָט שפּעטער דערצעהלט די געשיכטע זיין ברודער און זיין שוועגערין,

# מענש און תורה

האָט זיין ברודער באַמערקט: „דאָס ווייזט, ברודער, אז דיין צוקינפטיגע פרוי האָט זעהר א שעהנע נשמה אין זיך".

נאָך דער חתונה, ווען זיין ווייב האָט זיך אויך גענומען באַשעפטיגען מיט וואוילטהעטיגע זאַכען, האָבען אלע נביאות געזאָגט אז זיין שוועגערין האָט געקראָגען א געפעהרליכע קאָנקורענטקע, און דאָס האָט זיין שוועגערין זעהר פיעל פאַרדראָסען. זי איז געוואָרען אויסער זיך פון כעס און פון פארצווייפלונג, אום צו שעדיגען זיין ווייב׳ס רעפּוטאַציע, האָט זי מיט דער הילף פון א רעפּאָרטערין אויפגעזוכט די אלטע צייטונגען פון אַמאָל און עס איבערגעדרוקט כלומר׳שט אין א סאָרט ביאָגראַפּיע און געוויזען אז יעדער מענש קען זיך רעפּאַרמירען. זיין פרוי איז פון פארדרוס קראנק געוואָרען און פארלאנגט דורכאויס, אז ער זאָל זיך מיט זיין ברודער פאַנאַנ־דערטיילען.

אויסהערענדיג זיין געשיכטע האָב איך זיך צו איהם אָפּגערופען:

מיין פריינד, איהר זייט ניט דער ערשטער און אויך ניט דער לעצטער וואָס ווערט פון דעם „צינגעלע" געביסען, גיט א קוק אין פרשה בהעלותך, וועט איהר געפינען אז ביי אונזער גרויסען משה׳ן האָט זיך אויך די זעלבע טראַגעדיעלע אָבגעשפּילט: „ותדבר מרים ואהרן במשה על אדות האשה הכושית אשר לקח" — מרים און אהרן האָבען אָנגעפאנגען רעדען וועגען משה׳ס שווארצער ווייב, צפורה׳ס שוועגערין, מרים האָט מיט יאָהרען שפּע־טער זיך ארומגעזעהען אז איהר ברודער משה האָט קיין גוטען שידוך ניט געטהאָן. זי האָט ניט געוואָלט פארשטעהן „כי אשה כושית לקח" — אז משה אליין האָט די ווייב אויסגעקליבען, וואהרשיינליך ליעבט ער זי דאָך.

צווייטענס, האָט איהר פאַרדראָסען וואָס משה איז אזוי גרויס געוואָרען, ווייל זי גיט א זאָג צו אהרן: „הרק אך במשה דבר ד׳" — צו דען משה אליין באזיצט געטליכקייט? „הלא גם בנו דבר" — מיר באַזיצען אויך אזעלכע געטליכקייט ווי ער.

איהר פארשטעהט מיין פריינד? מרים, די באַריהמטע פּאָרטגעשריטענע מרים, האָט זיך אויך אוועקגעלאָזען מיט איהר רכילות־צינגעלע ווי אן איינפאכע פרוי.

ניט אומזיסט זאָגט די וועלט: „החיים והמות ביד הלשון" — אין צונג ליגט לעבען און טויט.

## דר. י. ל. שניצער

און דערבײַ האָב איך איהם דערצעהלט די לעגענדע פון יענעם שליח:

דער מלך פון פרס איז אַמאָל שטערבליך קראנק געוואָרען. האָבען די דאָקטוירים איהם ערקלעהרט, אז עס איז בלויז איין רפואה פאר איהם פאַראַן, און דאָס איז צו טרינקען לייבען־מילך. האָט דער מלך פון פרס זיך געווענדעט צו שלמה המלך, פילייכט קען ער מיט זיין חכמה איהם שאפען אביסעל לייבען־מילך. האָט שלמה אריינגערופען זיין קאמער־דינער, בניהו בן יהוידע, און איהם געגעבען אן אויפטראג ווי אזוי צו שאפען די לייבען־מילך פאר׳ן מלך פון פרס.

בניהו האָט מיטגענומען מיט זיך צעהן ציגען און איז אוועק צו א לייבען־גרוב, דאָרטען האָט ער געזעהען ווי א לייבין ליגט און זויגט אָן איהרע קינדער. דעם ערשטען טאָג איז ער געשטאַנען פון ווייטען און איהר צוגעוואָרפען א ציעג, דעם צווייטען טאָג איז ער צוגעקומען אביסעל נעהענטער און איהר ווידער צוגעוואָרפען א ציעג. אזוי איז ער יעדען טאָג אלץ נעהנטער און נעהנטער צוגעקומען ביז ער איז מיט דער לייבין זעהר היימיש געוואָרען און האָט אָבגעצאפט אביסעל מילך פון איהרע ברוסטען, האָט עס געבראכט צו שלמה׳ן און שלמה האָט דאָס איבערגעגעבען צום שליח פון מלך פרס.

אויפ׳ן וועג האָט דער שליח איינגעשלאָפען, האָט זיך איהם גע׳חלומ׳ט אז אלע אברים פון זיין קערפער האָבען צווישען זיך א דיספוט ועמען עס קומט דעם קרעדיט פאר די רפואה. די פיס זאָגען: זיי קומט דער דאנק ווייל זיי זיינען געגאנגען אין שליחות. די הענד זאָגען: זיי האָבען די מילך געטראָגען. די אויגען זאָגען: זיי האָבען געוויזען דעם וועג. דאָס הארץ זאָגט: זי האָט געגעבען די ריכטיגע עצה. דער צונג זאָגט: אָהן מיר וואָלט איהר קיינער גאָרנישט אויפגעטהאָן, איך בין די הויפט מאכערין און מיר קומט דער גאַנצער קרעדיט. דאָ זיינען אלע אברים באַפאַלען דער צונג און גע־נומען שרייען: „ווי קומסטו, צונג, זיך צו גלייכען צו אונז? דו ליגסט שטענדיג אין דער פינסטער און מען זעהט דיך קיינמאָל ניט ארויס. אפילו א שטיקעל ביין פארמאָגסטו אויך ניט אין זיך״. דער צונג האָט זיך געפונען זעהר שטארק באליידיגט און האָט א זאָג געטהאָן: „וואַרט, וואַרט, חברה! איהר וועט שוין באַלד זעהן ווער איבער ועמען געוועלטיגט״.

ווען דער שליח האָט זיך אויפגעכאפט האָט ער זיך אפילו זעהר שטארק

געוואונדערט אויף דעם מאָדנעם חלום וואָס ער האָט געהאַט, אָבער אין א ווײַלע ארום האָט ער זיך אָן חלום פארגעסען און איז זיך געגאנגען זײַן וועג. אָנקומענדיג אהיים איז ער אריין צום מלך און האָט א זאָג געטהאָן: „דאָ האָסטו אדוני מלך די מילך פון דער „כלב'טע" וואָס איך האָב דיר געבראכט אלס רפואה".

ווען דער מלך האָט דערהערט די ווערטער, איז ער זעהר אין כעס געוואָרען און האָט געהייסען אז מען זאָל דעם שליח גלייך זײַן קאָפּ אָפּהאַ־קען, אלע אברים האָבען זיך אָנגעפאנגען טרייסלען פון שרעק. רופט זיך אָב דער צונג: „נו, וואָס זאָגט איהר איצט? איהר זעהט אז אָהן מיר האָט איהר אלע קיין שום ווערטה ניט. איצט וועל איך אייך ווײַזען ווי איך וועל אייך ראַטעווען".

ווענדענדיג זיך צום מלך האָט דער שליח זיך אָבגערופען: „אדוני מלך, דענקסטו אז איך, דײַן געטרייער דינער וועל טהאָן אנדערש ווי דו האָסט מיר געהייסען? איך שווער ביי אונזערע געטער אז די מילך האָט מיר שלמה המלך געגעבען און דאָס איז לייבין־מילך, נאָר אזוי ווי איך בין געוואוינט צו רופען מײַן ווײַב „כלב'טע", און די לייבין איז דאָך אויך א נקבה, האָט זיך דער וואָרט פון מײַן צונג ארויסגעגליטשט".

דער מלך האָט זיך פאַנאַנדערגעלאכט און האָט די מילך געטרונקען און איז טאקע געהאָלפען געוואָרען. ערשט דאן האָבען אלע אברים אנערקענט אַז דער צונג איז דער ריכטיגער מושל איבער דעם מענשליכען קערפּער.

---

# ערפאָלג און מיסערפאָלג

דאָס מדבר פאָלק איז געקומען צו א געוויסען פונקט פון לעבען, צו א פּראָבלעמע וועלכע עס איז זעהר שווער געווען צו לייזען. פאַר זייערע אויגען זײַנען געשטאַנען צוויי בערג: „גריזים" און „עיבל", ביידע האָבען אויסגעקוקט גלייך, אויף ביידען האָט זיך אויסגעשפרייט די טיפע בלויקייט פון הימעל, ביידע האָבען געטראָגען אויף זיך דעם כשוף פון דער נאַטור. און דאָך זײַנען זיי געווען פארשידען איינער פון צווייטען. אויף איינעם האָט געוואָהנט

# דר. י. ל. שניצער

ברכה און הצלחה און אויף דעם צווייטען האָט געוואָהנט פלוך און אונגליק. די כחות פוןביידע בערג האָבען זיך צוזאַמענגעמישט און געטאַנצט ארום זיי א תערובות׳דיגען טענצעל.

צו דער זעלבער פּראָבלעמע זיינען מיר, אידען פון די פרייע לענדער, איצט אויך געקומען. פאר אונזערע אויגען שטעהען צווי בערג: אויף איין באַרג רוהט ברכה און הצלחה — אונזער פעהיגקייט און אונזער ענערגיע האָבען אריינגעדרונגען אין אלע געביטען פון לעבען און אויפגעבויט גרויסע ריזיגע געשעפטען, און אויף דעם צווייטען באַרג רוהט פלוך און אונגליק — אַסימילאציע און פרעמדקייט. די יוגענד, וועלכע איז ביי אלע פעלקער דער צירונג און דער שטאָלץ, דאָס ליכט און האָפנונג, דער יסוד און אויך דער בנין — די דאָזיגע יוגענד געהט פון אונז ביסלעכווייז אוועק אין פרעמדע מקומות, אין פרעמדע וועלטען. גלייכגילטיג שטעהען מיר און קוקען צו ווי די כחות פוןביידע בערג האָבען זיך אויסגעמישט און טאַנצען פאר אונז א תערובות׳דיגען טענצעל, עס האָפּקעט זיך: אמת און שקר, רב און ראבי, סמיכה און דיפּלאָמע, קוואַטש און מגיד, כאָריסט און חזן, וואָכעדיגע אידען, שבת׳דיגע אידען, ימים־נוראים׳דיגע אידען, נאַציאָנאַליסטען, אידישיסטען, ציוניסטען, מזרח׳יסטען, אגודה׳יסטען און נאָך אזעלכע טענצערס, ווייל ביי אונז פעהלט א ריכטיגער אידישער פיהרער, וועלכער זאָל פאר אונז די כחות פון די צוויי בערג פאַנאַנדערטיילען.

***

א סך, א סך מענשען פרעגען: וואָס איז ערפאָלג? יעדער וויל זיין ערפאָלגרייך אין לעבען, אלע שטרעבען צו ערפאָלג, אָבער וואָס איז ערפאָלג?

ערפאָלג, אָדער ווי מען רופט עס ביי אידען „הצלחה", איז א באגריף וואָס איז עלאסטיש, עס לאָזט זיך אויסציהען און עס ענגט אָב ווי אזוי איינער פאַרשטעהט עס און אין וואָס איינער זעהט זיין הצלחה.

דער גרויסער פּאָעט רבי שלמה בן גבירול, צום ביישפּיל, איז געווען אלע זיינע יאָהרען א צובראָכענער, אונגליקליכער מענש. ער האָט זיך ארומגעטריבען איבער דער וועלט פאר זיין שטיקעל ברויט, ער האָט קיין מאָל ניט געהאט די פרייד פון א פאמיליען־לעבען, ער האָט קיין מאָל ניט געהייראט און איז געשטאָרבען אין עלענד און אין דחקות צו דרייסיג יאָהר.

# מענש און תורה

און דאָך איז ער געווען דער באריהמטער פּאָעט, דער גרויסער שפּראכען־קענער און א באדייטענדער פילאָזאָף. בן־גבירול׳ס תפילות ווערען נאָך היינט געזאָגט פון די אידען אין דער גאַנצער וועלט: זיינע ווערק וואָס ער האָט געשריבען אין אַראַביש, האָבען אין זייער צייט געמאכט א רושם און זיין נאָמען איז געבליבען פאַראייביגט אין דער אלטער אידישער ליטע־ראַטור.

וויפיעל מענשען וואָלטען אוועקגעגעבען זייער גאנצען פארמעגען צו האָבען אַזאַ נאָמען ווי שלמה בן גבירול?

אָדער נעהמט צום ביישפּיעל, אברהם אבן עזרא: א איד א שלים־מזל, צו וואָס ער האָט זיך צוגעריהרט איז איהם געגאנגען מיט דער פּוטער אראָב. און דאָך איז ער געווען דער שארפער קריטיקער, דער באריהמטער ביבעל־אויסטייטשער, פּאָעט און פילאָזאָף, פאר וועלכען דער רמב״ם האָט געהאָט גרויס רעספּעקט און געהייסען לערנען זיינע ספרים. אָט דער שלים־מזל איז געוואָרען אונשטערבליך צווישען אידען וואָס פארשטעהען איהם, מען ווערט פשוט באגייסטערט פון זיינע געדאַנקען.

אָבער ניט אין אלעמענס אויגען זיינען די ביידע מענער געווען ערפאָלג־רייך. דער אמעריקאנער וואָלט זיי ביידען גערופען „פעיליורס״, ווייל זיי זיינען געבליבען קבצנים און האָבען זיך ניט ארויפגעארבייט מיט לייטען גלייך.

מאנכע, ווידער, וועלען זאָגען, אז ערפאָלג מיינט, ווען א מענש ברענגט ארויס פאַר דער וועלט דאָס בעסטע וואָס ער פארמאָגט אין זיך. אן ער־פאָלגרייכער מענש הייסט דער, וועלכער טראָגט אין זיך דאָס געפיהל, אז ער איז געבענשט מיט א געוויסער פעהיגקייט, מיט א שעהנער מתנה, וואָס ער קען דערמיט ברענגען נוצען זיינע מיטמענשען.

דער גרויסער קינסטלער פארנאכלעסיגט אלע זיינע אמביציעס אין לעבען, ווי ליבע, רייכטום, וועלטליך גליק, פאר דעם ערפאָלג צו שאַפען זיינע קונסטווערק, פאר וועלכע ער האָט א געפיהל, וואָס לאָזט זיך ניט אונטערדריקען. און אפילו ווען איינער טראָגט אין זיך א געפיהל און א שטרעבען פאר רייכטום, אויב ער פארשטעהט נאָר צו פאַרווענדען זיין עשירות פאר די נוצען פון זיינע מיטמענשען, איז דאָס אויך א גרויסער ערפאָלג!

## ד״ר. י. ל. שניצער

די הצלחה, נאָך וועלכער מיר אלע שטרעבען, איז ניט קיינעמ׳ס פּריווילעגיע, יעדער וואָס קען דאָס לעבען און פאַרשטעהט צו זיין ניצליך, ניט נאָר פאַר זיך אליין, נאָר אויך פאַר אנדערע, איז אַן ערפאָלג, און צו דעם ערפאָלג קען יעדער איינער דערגרייכען!

---

# מתן בסתר

אין פרשה ראה שטעהט: אז מען מוז געבען דעם אָרעמאַן „די מחסורו אשר יחסר לו״ — אלעס וואָס איהם פעהלט. זאָגען נאָך אויף דעם אונזערע חכמים: „אפילו סוס לרכוב עליו ועבד לרוץ לפניו״. אז מען מוז געבען דעם אָרעמאַן אפילו א — פערד צו רייטען און א קנעכט צו לויפען פאַר איהם. פרעגט זיך די פראגע: מילא, א פערד צו רייטען איז נאָך פאַרשטענדליך, דער אָרעמאַן, נעבעך, איז א חלוש און קען צופוס ניט געהן, אָבער א קנעכט צו לויפען פאַר איהם? דאָס, דענק איך, איז שוין צופיעל איבערגעטריבען.

אלס ענטפער אויף דער פראגע קען מען דערצעהלען די מעשה מיט שמעון קמצן:

אין דער צייט, ווען דער גרויסער, באַריהמטער גאון רבי יום־טוב ליפּמאַן דער מחבר פון „תוספות יום־טוב״, איז געוועזן רב אין קראקוי, האָט דאָרטען געוואָהנט א גרויסער גביר מיט׳ן נאָמען שמעון, וועלכען מען פלעגט רופען שמעון קמצן, ווייל ער פלעגט אן אָרעמאַן קיין מאָל קיין פּרוטה ניט געבען. די גאנצע שטאָדט פלעגט איהם שילטען מיט טויטע קללות און איהם רופען מיט די שענדליכסטע נעמען.

אין דער זעלבער צייט איז זעהר שטארק באַריהמט געוואָרען אין דער שטאָדט אלס גרויסער בעל צדקה, נחום דער משרת. קיינער האָט ניט גע־וואוסט ווי אזוי נחום איז רייך געוואָרען און וועלכע געשעפטען ער טהוט. מען האָט נאָר געוואוסט אז ער איז יאָהרען לאַנג געווען א משרת ביי שמעון קמצן, און נאכהער ווען ער איז פון איהם אוועק, האָט ער אָנגעפאנגען צו געבען זעהר פיעל צדקה. מענשען פלעגען זיך ניט קענען אָבוואונדערען

# מענש און תורה

פון נחום׳ס איבערגעבענהייט צו די אָרעמע לייט. ער פלעגט געהן פאַראויס און פיהרען אַ קאָמפּאניע אָרימע לייט צו זיך אהיים, דאָרטען פלעגט ער זיי געבען עסען, טרינקען און נאָך אביסעל קליינגעלד אויך דערצו.

דארף זיך טרעפען אז שמעון קמצן איז געשטאָרבען. פארשטעהט זיך, אַז די שטאָדט האָט נאָך איהם זעהר וועניג געטרויערט, קיינער איז אפילו נאָך זיין לויה ניט געגאנגען, און אלס שטראָף פאר זיין קארגשאפט האָט איהם חברה קדישא געגעבען א קבר ערגעץ לעבען פאַרקאַן צווישען די „מאבד־עצמו־לדעת׳ניקעס און נאָך אזעלכע נידעריגע פערזאָנען.

ווי פאַרוואונדערט אָבער זיינען אַלע געוואָרען, ווען זיי האָבען דערזעהן, אַז ווי נאָר שמעון קמצן איז געשטאָרבען, אזוי האָט אויך נחום דער משרת אויפגעהערט צו טיילען צדקה. די אָרעמע לייט אין שטאָדט האָבען מרעיש עולם געווען, אז זיי האָבען ניט פון וואַנען צו לעבען, נחום דער משרת איז געווען זייער גאַנצע שטיצע, און איצט קומט זיי אויס פשוט צו הונגערען.

דער גאון רבי יום־טוב ליפּמאן האָט געשיקט רופען נחום דעם משרת צו זיך און איהם געפרעגט: ווי קומט עס וואָס ער האָט אויפגעהערט צו טיילען צדקה צו די אָרימע לייט? האָט נחום איהם געענטפערט:

„איהר זאָלט וויסען זיין, רבי, אז די צדקה וואָס איך האָב געטיילט איז ניט געווען פון מיין קעשענע, דאָס געלד פלעגט מיר געבען שמעון קמצן, אונטער א שבועה, אז איך זאָל ניט אויסגעבען זיין נאָמען, מחמת ער האָט מורא געהאט פאר כבוד. זיין גאַנץ פארמעגען האָט ער דורך מיר צוטיילט, און אזוי ווי ער איז געשטאָרבען, האָב איך ניט מעהר פון וואנען צו טיילען צדקה.

די ערקלעהרונג האָט אויפ׳ן בעל תוספות יום־טוב זעהר א גרויסען רושם געמאכט, און ער האָט ערקלעהרט, אז איצט פארשטעהט ער זעהר גוט דאָס וואָס די גמרא האָט געמיינט „ועבד לרוץ לפניו״, אָט האָט רב שמעון געשיקט זיין משרת אז ער זאָל לויפען פאַראויס די אָרימע לייט און זיי שטיצען. און ער האָט אָנגעשריבען אין זיין צואה אז נאָך זיין פטירה זאָל מען איהם מקבר זיין לעבען דעם קבר פון שמעון קמצן און זיין פארלאנג איז ערפילט געוואָרען.

דר. י. ל. שניצער

# חסד, משפט און צדק

איך זיץ און קלעהר, ווען אונזער ציוויליזירטע וועלטעל וואָלט זיך געפיהרט לויט נאָך אונזער משה׳ס איינאָרדנונג, אין אונזער תורה. אוי, וואָס פאר א פראכטפאָלע וועלט עס וואָלט ארויסגעקומען!

לאָמיר נעהמען צום ביישפיעל די באציהונג פון דער געזעלשאפט צום גנב:

די היינטיגע ציוויליזירטע וועלט בויט טורמעס, וואוהין מען פארשיקט די גנבים, כלומר׳שט צו שיצען די געזעלשאפט, אין דער אמת׳ן אָבער זיינען די טורמעס אַקאַדעמיעס פאר פארברעכער, קליינע גנבים ווערען גרויסע, און גרויסע גנבים ווערען נאָך גרעסערע. אונזער תורה אָבער איז געגען תפיסה. זי הייסט ניט שיקען דעם גנב אין טורמע, ווייל לעבענדיג אין א שלעכטער סביבה, אָהן ליכט, אָהן לופט און אָהן רחמנות — מוז זיין הארץ נאָך מעהר פארגיפטעט ווערען, און זיין ווייב און קינדער מוזען, סוף כל סוף, אויך ווערען פאַרברעכער. דער עונש וואָס ווערט פאר איהם אויסגעשטעלט אין אונזער תורה, איז א געלד שטראָף, „כפל״, און אויב ער האָט קיין געלד ניט צו באצאָהלען, דאַן פאַרקויפט איהם „בית־דין״ אויף זעקס יאָהר צייט צו אן אנשטענדיגע פאַמיליע, וואו ער לעבט אין א גוטער סביבה, האָט צו עסען און צו טרינקען און זיין ווייב און קינדער פיהלען זיך ניט אזוי דערשלאָגען. דער פאָטער ארבייט און פארדינט עהרליך זיין חיונה.

נאָך די זעקס יאָהר מוז איהם זיין בעל הבית מאַכען פאַר אַ זעלבסטשטענ־דיגען מענשען. ער מוז איהם געבען פון אלעס גוטען און איהם אזוי ווייט אויף די פיס שטעלען, אז אלע זיינע אמאָליגע פארברעכערישע נייגונגען זאָלען איבער איהם מעהר קיין שליטה ניט האָבען.

אום קיינע גנבות זאָלען אין גאנצען ניט פאָרקומען, מוז דער באָדען צו־טיילט ווערען פאר אלעמען גלייך, „כי לי כל הארץ״, דאָס איז דאָס געטליכע אייגענטהום פאַר אלעמען גלייך צו ארבייטען און צו געניסען, — די גלייכע פארטיילונג איז אָבער נאָך אלץ ניט קיין גאראַנטיע אז דער באָדען זאָל זיך, סוף כל סוף, ניט קאָנצענטרירען אין אייניגע הענד, ווייל ניט אלע

# מענש און תורה

מענשען זיינען גלייך. עס זיינען פאַראַן פעהיגע און אונפעהיגע, פלייסיגע און נאַכלעסיגע נאַטורען, קראַנקע און געזונטע. פאַמיליעס, וועלכע די נויט צווינגט זיי צו פארזעצען זייער באָדען ביים רייכען, און ווען זיי האָבען ניט צו באַצאָהלען פארלירען זיי זייער באָדען. הויבט דאָס לאַנד ווידער אָן צו קאָנצענטרירען אין די הענד פון די רייכע, אבער דאָס טאָר ניט זיין! ווייל אבסאָלוטע רייכטום דעמאָראַליזירט דעם מענשען גייסטיג; אבסאָלוטע אָרעמ־קייט צוברעכט דעם מענשען קערפערליך. האָט דאָס אידישע געזעץ איינ־געפיהרט „יובל". ווען דער יאָהר פון יובל איז געקומען, ווערט אומגעקערט צו דעם אָרעמאַן און צו דעם שוואַכען זיין פארקויפט לאַנד.

די אידישע תורה איז אויך געגען קנעכטשאַפט. אנטלויפט א קנעכט, טאָרסטו איהם ניט איבערגעבען צו זיין האַר. ווי נאָר דער מענש האָט זיין פוס אויף דעם ארץ ישראל באָדען געשטעלט, איז ער א „בן חורין", פריי און אונאבהענגיג און קען וואָהנען „במקום אשר יבחר לו", וואו ער וועט זיך אליין אויסוועהלען, אפילו אין דיין הייליגער ירושלים, די רעזידענץ פון בית המקדש און פון קעניג. נאָך מעהר: „לא תונו אותי", דו זאָלסט איהם ניט קרענקען, אָדער צאַרנען. געה ארום מיט איהם ווי מיט אן עדעלער מאַטעריע. דאָס וואָרט „עבד" איז קיין שאַנדע נאָמען ניט, משה רבנו אליין איז אויך באצייכענט געוואָרען מיט דעם טיטול „עבד ד'", דעם אויבער־שטענס קנעכט.

אָט אזוי איז אונזער גאַנצע תורה פול מיט גייסט, מיט גערעכטיגקייט און מיט רחמים. זי קימערט זיך פאר די אָרעמע און אונטערדריקטע, פאר די נידעריגע שיכטען, איהר ארבייטער־געזעצגעבונג איז אן אידעאל, וואָס אונזער געזעלשאפט מיט איהרע סאָציאליסטישע דעפוטאַטען און ארבייטער, האָבען עס נאָך ניט דערגרייכט. א געזעצגעבונג, וועלכע זאָל זיין צוגעפּאסט פאר'ן מענשענ'ס פיהלען און דענקען, וועלכער זאָל זיין דער אויסדרוק פון זיין נשמה. געזעצען וועלכע זאָלען איהם מיט דער אייביגקייט פאַר־בינדען, א קאָנסטיטוציע, וועמעס סטאַטוטען זאָלען זיין „חסד", „משפט" און „צדק"!

## דר. י. ל. שניצער

# זעלבסט דערציאונג און געוואוינהייט

דערצעהלט מיר א איד:

אז ער געהט ארום איינפאך ווי משוגע, קלעהרענדיג: וואָס פאר א ברואים די אמעריקאנער אידען זיינען. אין זיין שטעדטעל איז געווען א בחור, „מאָטקע לאָבוס״, פלעגט מען איהם רופען, ער איז געווען א מין צווייטער „ישמעאל״, „ידו בכל ויד כל בו״, ער פלעגט ארומגעהן מיט א גרויסען הונד איבער׳ן גאַס און זיך טשעפּען מיט יעדען איינעם. ווען ער איז אוועק פון שטעדטעל, האָט מען געמאכט א ברכה: „ברוך שפּטרני״... ווי ערשטוינט איז ער אָבער געוואָרען, ווען ער איז געקומען אין א געוויסען שטעדטעל דאָ אין אמעריקא, און האָט געפונען אז מאָטקע איז דער גאנצער טאָן־געבער פון אידישקייט אין שטעדטעל, ער איז דער פּרעזידענט פון שוהל און פון תלמוד תורה. ער נעהמט אָן מלמדים און גיט זיי אינסטרוק־ציעס ווי אזוי צו לערנען מיט די קינדער. פרעגט זיך די פראגע: וואָס איז דאָ געשעהן? ווי קומט „מאָטקע לאָבוס״ צו זיין דער ערציהער פון אונזערע קינדער?

אלס ענטפער אויף זיין קשיא, האָב איך איהם דערצעהלט די לעגענדע מיט יענעם „אראבישען קעניג״:

ווען משה האָט ארויסגעפיהרט די אידען פון מצרים, האָט זיין נאָמען געענומען קלינגען איבער דער גאַנצער וועלט, אלס הייליגער און געטליכער מענש, וואָס קען גרויסע וואונדער באַוויזען.

האָט אן אַראַבישער מלך געשיקט רופען צו זיך דעם בעסטען מאהלער פון זיין מדינה און איהם געהייסען געהן אין דער מדבר און אראָבנעמען א בילד פון דעם גרויסען געטליכען משה׳ן. אָבער דאָס מוז בלייבען א סוד, קיינער טאָר דערפון ניט וויסען.

דער מאהלער האָט אויסגעפיהרט דעם מלך׳ס באפעהל. ער איז אוועק אין דער מדבר, אויפגעזוכט משה׳ן און גענומען מאָהלען זיין בילד.

ווען ער איז מיט זיין ארבייט פארטיג געוואָרען, האָט ער געבראכט דאָס בילד צום קעניג און דער קעניג האָט צוזאַמענגערופען אלע זיינע חכמים,

# מענש און תורה

מיט וועלכע ער פלעגט זיך באַראָטען ווי אַזוי צו פיהרען זיין מלוכה, און האָט צו זיי געזאָגט:

— איהר גרויסע חכמים און געלעהרטע, באטראכט דיזעס בילד, שטודירט די געזיכטסציגע פון דעם מאַן און זאָגט מיר, וואָס פאר א מין מענש דאָס איז? האָט ער וועלכע מעלות אין זיך, אָדער ער איז פול מיט חסרונות?

דער עלטסטער פון די חכמים האָט אַ גלעט געטהאָן זיין לאַנגע באָרד און האָט א זאָג געטהאָן:

— ער איז זעהר א שלעכטער מענש!

— זעהר א שטאָלצער! — האָט דער צווייטער געזאָגט.

— א גרויסער כעס'ן — האָט געזאָגט דער דריטער.

— ער האָט ליב כבוד! — האָט באַמערקט דער פערטער.

קורץ, זיי האָבען געפונען אין איהם די ערגסטע מידות פון א נידעריגען מענשען. און צום סוף האָבען זיי אַלע אין איין קול אויסגעשריען:

— אַזאַ מענש קען ניט ליבען זיין גאָט!

— שווייגט שטיל! — האָט דער קעניג צו זיי א געשריי געטאָן. איהר ווייסט וועמעס בילד דאָס איז? ס'איז דאָס בילד פון דעם גרויסען משה, וועלכער באזיצט די שעהנסטע מידות און די העכסטע מעלות!

„אונזער חכמה איז קלאָהר ווי דער טאָג!" האָבען די חכמים איהם געענטפערט. „נאָר פיעלייכט האָט דיין מאהלער ניט ריכטיג געמאָהלען".

— ניין! — האָט דער מאָהלער אויסגעשריען, — איך האָב איהם יאָ ריכטיג געמאָהלען, נאָר איהר זייט קיין חכמים ניט!

דער מלך האָט ניט געוואוסט וועמען צו גלויבען, צי די חכמים, אָדער דעם מאהלער. האָט ער באשלאָסען, אז ער וועט זיך אליין איבערצייגען ווער עס האָט רעכט. ער האָט געהייסען איינשפּאַנען זיין רייט־וואָגען און איז געפאָהרען אין דער מדבר, זיך צו זעהן מיט משה'ן.

ווען ער האָט משה'ן דערזעהן, האָט ער אויסגעפונען אז זיין מאהלער האָט איהם זעהר ריכטיג געמאָהלען, נאָר זיינע חכמים קענען קיין געזיכטסציגע ניט לעזען. ווען ער האָט אָבער דערצעהלט משה'ן וואָס איהם האָט געבראכט אהער, האָט משה מיט א שמייכעל זיך צו איהם אָבגערופען:

— דיינע חכמים פאַרשטעהען זעהר גוט זייער פאַך. די אלע פעהלערן וואָס זיי האָבען אין מיר געפונען זיינען אמת, נאָר איך אליין האָב אין מיר

## דר. י. ל. שניצער

גובר געווען די אלע שלעכטע מדות פון דער נאַטור: אזוי ווי פון א קעררענדעל ערציהט מען א גרויסען בוים, אזוי האָב איך אין זיך ערצויגען מעשים טובים, ביז די געוואָהנהייט צו טהאָן גוטעס איז ביי מיר געוואָרען א צווייטע נאַטור. אָט דערפאר בין איך אזוי באַליעבט געוואָרען אויפ'ן הימעל און אויף דער ערד.

אמת, אין דער היים טאקע איז „מאַטקע לאָבוס" געווען א גאָר נישט, אבער עס קען דאָך זיין אז ער האָט די אלטע אמאָליגע פעהלערען אוועקגעוואָרפען און איז געוואָרען א מענש!



# דער איינפלוס פון סביבה אויף קינדער

איך זיץ און קלעהר, ווי ערהאַבען און גרויס אונזער תורה איז, עס איז ניטאָ קיין וויסענשאַפט אין דער וועלט, וועלכע זי זאָל ניט באהאנדלען. נעהמט צום ביישפּיל די מאָדערנע אידעע פון די „יודזשעניקעס", וועלכע זוכען צו קולטיווירען די מענשליכע ראַסע אזוי ווי מען קולטיווירט פרוכט אָדער גרינסען. מען נעהמט די קערענדלאך פון די גרעסטע שעהנסטע פרוכט און מען פארזעעט זיי אין א פעטע שטיקעל ערד, וואו עס איז פאראן גענוג פייכטקייט, וואַרימקייט און זונענשטראַהלען, מיט דעם צוועק אז עס זאָל ארויסקומען א דור פון שעהנערע און בעסערע פרוכט.

אזוי ווילען די יודזשעניקעס טהאָן מיט דעם מענשען, זיי ווילען פארזאָרגען די צוקונפטיגע מענשהייט מיט בעסערע טאַטע־מאַמע... ווייל זיי האַלטען, אז די אלע שלעכטע אייגענשאפטען וואָס געפינט זיך ביי דער איצטיגער מענשהייט, געהט איבער בירושה פון עלטערען צו קינדער, דעריבער דארף מען זעהן, אז די זריעה זאָל זיין א גוטע און א געקליבענע.

קומט אָבער אונזער תורה און זאָגט אונז אין פרשה תזריע: ניין, מיינע טייערע פילאָזאָפען, גוטע און שלעכטע קינדער ווענדעט זיך ניט אין די זריעה, אָדער אין די בלוט פון די עלטערען, נאָר אין דער סביבה, אין וועלכע די קינדער ווערען ערצויגען, „אשה כי תזריע", אז א פרוי ווערט

# מענש און תורה

געלעגען ווערען, אהן הכנות און אהן די מאָדערנע פּאָפּראוועקס, „וילדה זכר״ און זי וועט האָבען א קינד, דארף מען זעהן אויפצופּאַסען אויף „טהרת המשפחה״, אז דער פאַמיליען לעבען זאָל זיין א ריינער, ווייל די קינדער קענען אָנגעשטעקט ווערען מיט די פאָלגענדע נגעים:

נגעים אין קליידער: ווען די מאַמע איז צו סטייליש, נגעים אין הייזער: וואו טאַטע־מאַמע האַלטען זיך שטענדיג אין איין ארומקריגען, נגעים אין קאָפּ: וואו טאטע־מאַמע זיינען געכאפּט געווארען פון שעדליכע דעות און פאַלשע למודים. נגעים אויף די הענד: וואו טאַטע־מאַמע האַנדלען אין זייער געשעפט ניט עהרליך. נגעים אין מויל: וואו טאַטע־מאַמע באַנוצען זיך ניט מיט קיין שעהנע שפראך, מען רעדט לשון הרע און מען טרייבט רכילות.

אָט די אלע נגעים ווירקען אויף די קינדער, אז זיי זאָלען ארויסקומען ניט אזוי געראָטען, די סביבה, די סביבה איז שולדיג, אבער ניט די זריעה גופא ווי די יודזשעניקעס זאָגען. א באַווייז האָבען מיר, ווען געהט „תזריע״ און „מצורע״ צוזאַמען? ווען דאָס קינד איז שוין געבוירען געוואָרען, אָבער אין א „שנת מעוברת״, ווען די פּרוי שוואנגערט נאָך, דאן געהען דיביידע סדרות באזונדער, ווייל עס איז ניטאָ ווען צו ערציהען, דאָס קינד איז נאָך ניט געבוירען געווארען.

***

וראה הכהן את הנגע:

דער כהן זאָל באטראכטען די נגע. זאָגען אונזערע חכמים: „אין רואים את הנגעים ביום המעונן״, אין א וואָלקענדיגען טאָג זאָל מען אויף די נגעים ניט קוקען, ווי געוועהנליך, ווען דער הימעל איבער די אידישע קעפּ איז פארוואָלקענט, ווען די צרות און די גזרות ארום זיינען זעהר גרויס, דאן טאָר מען קיין נגעים און קיין פעהלערען ביי אידען ניט זוכען און פאררעכענען זיי אלס סמני־טומאה... ווייל די נגעים שטאַמען ניט פון זייער קערפּער, נאָר פון גאנץ אנדערע אויסערליכע סיבות: און ווען די שווערע באדינגונגען וועלען אויפהערען, וועלען די נגעים אויך פארשווינדען.

***

## דר. י. ל. שניצער

והצרוע אשר בו הנגע, בגדיו יהיו פרומים.

אמת, אמת, מיר זעהען דאָס גאַנץ אָפט, אַז דער יעניגער ביי וועמען די נגע ליגט באַהאַלטען אינוועניג, טהוט זיך אָן אין פרומע קליידער (פרומים — פרום).

***

ושער בנגע הפך לבן: ווען א מענש זינדיגט אין דער יוגענד, קען מען אויף איהם מלמד זכות זיין, אז דאָס איז פון לייכטזיניגקייט, פון ניט קענען באהערשען זיינע פיזישע נייגונגען, אָבער זיין נשמה, קען זיין איז נאָך ניט פארדאָרבען, ער וועט ווערען אביסעל עלטער און קריגען מעהר שכל, וועט ער געוויס בעסער ווערען. ווען אָבער „ושער בנגע הפך לבן", די האָר זיינען שוין ווייס געוואָרען, דאָס הייסט, ער איז שוין געוואָרען אן עלטערער מענש און איז נאָך אלץ ארייגעטהאָן אין זינד... דאַן איז ער שוין א פאַרלאָרענער אויף אייביג, ווי די גמרא זאָגט אונז: „כל איסורין שבתורה בטלים בששים", אויב א מענש זינדיגט מחמת תאוה, איז פאַראַן א האָפנונג, אז ער וועט עלטער ווערען און דערגרייכען די ששים, די זעכציגער יאָהרען, וועלען די עבירות בטל ווערען און אויפהערען, אבער „מין במינו באלף לא בטל", ווען איינער זינדיגט צוליעב „מינות"... ער האלט זיך פאר א גאַנצען פילאָזאָף און טהוט די אַלע זאַכען צוליעב פרינציפּ... איז אפילו „באלף לא בטל" — ווען ער זאָל אפילו לעבען טויזענד יאָהר וועט ער שוין אויך אַנדערש ניט ווערען!...



# תכליתים זוכער

שלמה המלך זאָגט אונז: „מה יתרון לאדם בכל עמלו שיעמול תחת השמש", וואָס פאר א ווערט האָט פאר'ן מענשען זיין גאנצע מיה וואָס ער וועט זיך דארפען מאַטערען אויף דער וועלט. פרעגט זיך די פראגע: אויב שלמה המלך האָט אונז געוואָלט זאָגען, אז דאָס גאנצע מיה און מאַטערניש

# מענש און תורה

אויף דער וועלט איז גאָרנישט מיט גאָרנישט, האָט ער געדאַרפט זאָגען „שעמל״, וואָס דו האָסט זיך געמאַטערט, אָבער ניט „שיעמול״, וואָס דו וועסט זיך מאַטערען?

אלס ענטפער אויף דער קשיא, קען מען דערצעהלען די מעשה מיט יענעם „רבי׳ן״:

רב ישראל ראפאָפאָרט, איז געווען א איד אן עושר, ער האָט געפיהרט גרויסע געשעפטען און איז תמיד געווען פארנומען, ער האָט פאר זיך קיינמאָל קיין צייט ניט געהאט, זיין קאָפּ איז נאָר געווען פארנומען מיט איין זאַך, און דאָס איז מסחר. נאָר אזוי ווי ער איז געווען אן איבערגעגעבענער חסיד, פלעגט ער יעדען יאָהר זיך אָברייסען אויף א פּאָר טעג צייט פון מסחר און פאָהרען באַזוכען דעם רבי׳ן.

דער רבי איז געווען אן עולה־תמימה און א צדיק־תמים, פלעגט ער רב ישראל׳ן שטענדיג מוסר׳ן און זאָגען צו איהם:

געוואלד רב ישראל, ווי לאנג איז דער שיעור זיך צו יאָגען, לויפען, כאַפּען און מאַטערען זיך אויף דער וועלט? איהר וועט דען דאָס אלעס מיטנעהמען מיט זיך אין קבר? שוין צייט לעבען, אז איהר זאָלט זעהן עפּעס אָנצוגרייטען אביסעל אויף יענער וועלט אויך!...

„איך קען נאָך ניט, רבי לעבען! איך קען נאָך ניט!״ פלעגט רב ישראל איהם ענטפערען, — איך מוז זעהן צו פארזאָרגען מיינע קינדער. אמת, איך בין שוין טאקע ניט קיין יונגערמאַן, אָבער איך מוז ארבייטען, ביז איך וועל אויפטהאָן א תכלית פאר מיינע קינדער.

אין א קורצער צייט ארום איז רב ישראל געשטאָרבען און זיין זוהן ראובן האָט איבערגענומען דעם פאָטער׳ס געשעפטען און איז אויך געווען פאַרנומען טאָג און נאַכט מיט מסחר, ווען ער איז געקומען צו דעם זעלבען רבי׳ן, האָט דער רבי איהם א פרעג געטהאָן:

— זאָג מיר נאָר מיין טייערער ראובן, דער טאַטע האָט דאָך אזוי שווער און ביטער געארבייט און דיר איבערגעלאָזען אַזאַ גרויסען פארמעגען, וואָס פון דער איינקונפט אליין קענסטו לעבען בהרחבה, טאָ צו וואָס דארפסטו אזוי שווער ארבייטען? זוך בעסער אָנצוגרייטען אביסעלע פאַרמעגען פאר דער קומענדער וועלט.

### דר. י. ל. שניצער

— אמת, רבי לעבען, עס וואָלט טאקע גאָר קיין עולה ניט געווען זיך אָנצוגרייטען מיט אביסעל עולם הבא, אָבער איך קען עס ניט רבי לעבען, איך קען עס ניט, איך האָב קינדער זאָלען לעבען, מען דאַרף פאר זיי זוכען א תכלית.

אין א פאָר יאָהר ארום איז ראובן אויך אוועקגעשטאָרבען, און זיין זוהן שלום האָט איבערגענומען די געשעפטען און איז נאָך מעהר באַשעפטיגט געווען ווי זיין זיידע און זיין פאָטער, און ווען ער איז געקומען צו דעם זעלבען רבי'ן און דער רבי האָט איהם געפרעגט די זעלבע פראגע, האָט שלום איהם געענטפערט דעם זעלבען תירוץ: אז מען דאַרף זוכען א תכלית פאר די קינדער. האָט דער רבי זיך צו איהם אָבגערופען:

— איצט פארשטעה איך, ווארום שלמה המלך האָט זיך באַנוצט מיט דעם וואָרט „שיעמול תחת השמש" און ניט מיט דעם וואָרט „שעמל", ווייל ער האָט געהאָט אין זינען די תכליתים זוכער, דיין זיידע האָט געזוכט אַ תכלית פאר דיין טאַטען און אליין איז ער אוועק אָהן א תכלית, דיין טאַטע האָט געזוכט א תכלית פאר דיר און איז אויך אוועק אָהן א תכלית. איצט דערצעהלסטו מיר אויך די זעלבע מעשה, אז דו זוכסט א תכלית פאר דיינע קינדער. געוואלד געשריען! „מה יתרון לאדם בכל עמלו", וואָס פאר א יתרון האָבען אָט די דאָזיגע מענשעלאך, „שיעמול תחת השמש", וואָס פלאגען און מאַטערען זיך צו זוכען תכליתים און צו קיין תכלית קומט קיינער ניט.

---

# טומעל און שטילקייט

דערצעהלט מיר א איד:

מאַטעריעל האָט ער זיך ניט וואָס צו באקלאָגען. ער האָט ארויפגעאַרבייט, גאָט צו דאַנקען, זעהר א שעהן געשעפט. ער האָט אַן אנשטענדיגע פרוי און גוט ערצויגענע קינדער. איז דאָך דאַכט זיך גוט, הא? האָט איהם אָבער דער אויבערשטער מזכה געווען מיט א פעהלער, וואָס פארביטערט

איהם דאס לעבען. זיין פעהלער באַשטעהט אין דעם, וואָס ער איז א שווייגענדיגער.

ער איז גראָד א באַלעזענער מענש, א פאָרטגעשריטענער מענש, זיין געדאנקען אַפּאַראַט ארבייט אויסגעצייכענט, ער באגרייפט זאכען, פאַרשטעהט זאַכען און פיהרט זיין געשעפט אויף זעהר א סיסטעמאטישען אופן, אָבער ווען עס קומט צו רעדען, איז ער אין דער היים ניטאָ. ביי זיינע געשעפטס־חברים האָט ער קיין אנדער נאָמען ניט ווי „תם״, אָדער „למך״ און דאָס קרענקט איהם זעהר פיעל.

ווען ער האָט געענדיגט, האָב איך זיך צו איהם אָפּגערופען:

זייט ביי זיך ניט אזוי געפאַלען, מיין פריינד! די גמרא דערצעהלט אונז, אז רב ששת איז געווען א בלינדער, און ווען עס איז באַקאַנט געוואָרען, אז דער קעניג געהט דורכפאָהרען די שטאָדט, וואו רב ששת האָט געוואוינט, איז ער אַרויס מיט אלע איינוואוינער צוזאַמען מקבל פנים זיין דעם קעניג.

שטעהט לעבען איהם א גוי און מאכט פון איהם חוזק:

„מילא, אז די גאנצע קריגלאך געהען צום טייך, פארשטעה איך, זיי געהען שעפען וואסער, אָבער נאָך וואָס געהען די שערבלאך צום טייך?״

פלוצלונג האָט זיך דערהערט א קלאַנג פון טרומפּייטען און א פּרעכ־טיגע קאַרעטע האָט דורכגעשטורעמט די גאַס.

„דאָס איז דער קעניג!״ — האָט דער גוי אויסגעשריען.

„ניין, דאָס איז ניט דער קעניג״ — האָט דער בלינדער חכם איהם געענטפערט.

עס איז דורכגעפאָהרען א צווייטע קאַרעטע, א דריטע קאַרעטע, אלע טרומפּייטערענדיג, אָבער דער בלינדער חכם האָט זיי קיין אויפמערקזאמקייט ניט געשאָנקען, ווען עס איז אָבער אָנגעקומען א קאַרעטע שטיל, רוהיג, אָהן גערויש און אָהן פויק, האָט דער בלינדער חכם געמאכט א ברכה און א זאָג געטהאָן צום גוי:

„אָט פאָהרט דער קעניג!״

„פון וואנען ווייסטו? דו ביזט דאָך בלינד?״ — האָט דער גוי איהם געפרעגט.

„ווייל אזוי איז אויך מיט גאָט — האָט רב ששת איהם געענטפערט — עס שטורעמט, עס קעהרען בערג, עס קעהרען פעלזען, אָבער די געטליכקייט

## דר. י. ל. שניצער

קומט שטיל, רוהיג, מאַיעסטעטיש, אָהן פויק און אָהן טרומפּייטען, די געט־ליכקייט דריקט זיך אויס אין שווייגען, אין שווייגען דערקענט מען אלעס וואָס איז גרויס".

טשאַרלי טשאפּלין איז ניט נאָר א קאָמיקער, נאָר ער איז אויך א פילאָזאָף. ער, וועלכער האָט מיט זיין תם׳עוואטען שמייכעל, מיט די גרויסע אומגעלומפּערטע פיס און מיט דעם ריהרעוודיגען שטעקעלע געמאכט לאכען א וועלט, איז אן ערנסטער דענקער.

ער פאַבריצירט ניט קיין רעדעוודיגע מואוויס, ווייל ער האלט אז שווייגען איז שטאַרקער פון רעדען, דאָס שווייגען באַפליגעלט די פאַנטאַזיע און מאַכט א רושם מעהר פון טויזענדער לשונות, און דוקא אין דער שטילקייט פון דער נאַטור אנטפּלעקט זיך די שעהנקייט פון דעם באַשאַף.

וואָס מעהר עס טומעלט זיך ארום א זאַך, אלץ וועניגער איז די זאַך ווערט. וואָס מעהר א מענש איז ריידעוודיג און שרייענדיג, אלץ א שוואַכערען איינדרוק מאַכט ער און אלץ וועניגער נעהמט מען איהם ערנסט.

די נאַטור האָט געוויס געדארפט זיין די גרעסטע טומעל־מאַכערין, די ערד מיט איהר מורא׳דיגע משא, היינט די אלע זונען און פּלאַנעטען וואָס דרעהען זיך אין דעם אומענדליכען וועלט־רוים מיט א ווילדע שנעלקייט, האָט געדארפט מאכען דעם גרעסטען גערודער.

אָבער די נאַטור, וואָס איז דער גרעסטער קוואַל פון ענערגיע, ארבייט דוקא שטיל און איז די גרעסטע שווייגערין.



# תורה און צייט

אונטער דעם וואָרט „עלענד" פארשטעהען מיר, אז ווען א מענש איז, נעביך, פארוואָרפען ערגעץ וואו איינער אליין, איז עלענד. קומט אבער אונזער תורה און דערלאנגט אונז א שטיק פּסיכאָלאָגיע:

זיין אליין הייסט ניט עלענד. אפילו ווען קיינער איז ניטאָ לעבען דיר,— ווייסטו פון דעסטוועגען, אז מאנכע ליעבען דיך און מען דענקט פון דיר.

# מענש און תורה

אפילו ווען דו ביזט אין וואַלד און עס רוישט, עס שטורעמט און עס דרעהען זיך אין דער לופט די בלעטער אויפגעהויבען פון ווינד, ביזטו ניט עלענד. דיינע אויערען הערען ליעבליכע שטימען פון פויגעל, עס פאַר־שכור׳ט דיך א זיסער ריח פון בלומען. די בלעטער נעהמען דיך דורך מיט פאַנטאַסטישע סודות און רוימען דיר עפּעס שטיל איין אויפ׳ן אויער.

עס מעג אפילו דער שנעע איינוויקלען די ערד אין א ווייסען קאַלטען שלייער און באדעקען די שעהנע ליעבע בלומען, עס מעג אפילו א קאַלטער עסיגער ווינד יאָמערען צווישען די נאַקעטע ברוינע צווייגען, דאָך אָבער ביזטו ניט עלענד. דער ווינד דערצעהלט דיר פרעהליכע ווינטער מעשות, די קראָהען קראַקען צו דיר סודות׳דיג און רעדען פון א לאנג־באַגראָבענעם לעבען, פון אַלטע פאַרקלונגענע צייטען.

מעגסט זיין זאָגאר פאַרוואָרפען אויף א נאַקעטען שטיין אין מיטען ים, דאָך ביזטו ניט עלענד, ווייל די אלטע מעלאָדיען פון די רוישענדע כוואַליעס וועלען דיין לאַנגווייליגקייט פארטרייבען.

אָט געפינסטו זיך צום ביישפּיעל איצט אין דעם „מדבר־סיני״, וואו די זון ברענט איבער דיין קאָפּ און די זאַמד אונטער דיינע פיס גליהען ווי הייסע קוילען, וויסט און לעהר איז אלעס ארום דיר, די ערד איז פאַר־פלייצט פון שלאַנגען און עקדעשען, דאָך אָבער ווערסטו זיך עלענד ניט גע־פינען... ווייל איך געה רעדען צו דיר פון אגריקולטור, פון זייהען און פלאנצען, פון שבת און רוה, פון שמיטה, יובל און נאָך אזעלכע זאַכען. אָט דאָס וועט אויפלעבען דיין פאַנטאַזיע און באַשאַפען דיר אזוי ווי דורך א כשוף די שעהנסטע פעלדער און די פּרעכטיגסטע בלומענגערטנער.

און דאָס קען אויך זיין איז רשי׳ס קשיא!... „מה ענין שמיטה אצל הר סיני״, ווי קומט דער ענין פון שמיטה אין דער מדבר? ווייט פון א לאנד, ווייט פון א ישוב, ווייט פון זייהען און פלאנצען, דאָס לעבען האָט דאָך דאן גאָרניט געפאָדערט אזעלכע זאכען, טאָ ווי קומט מען גאָר צו רעדען וועגען אַזאַ ענין?...

נאָר דער תירוץ איז, אז אונזער תורה וואָס איז געגעבען געוואָרען אויפ׳ן בארג סיני, איז ניט געווען אָפּהענגיג אָן צייט און אָן סביבה, נאָר דאָס איז געווען אן „עץ חיים היא למחזיקים בה״, א לעבענס־עלעקסיר צו שטאַרקען

## דר. י. ל. שניצער

אונזער קערפער און אונזער גייסט און אויך איינצופלאנצען אין אונז באגייס־טערונג און האָפענונג, אז מיר זאָלען זיך אזוי עלענד ניט פיהלען.

***

ושבתם איש אל אחוזתו ואיש אל משפחתו תשובו:

אמת, אמת, ווען א מענש איז אָרעם, דערווייטערט זיך די גאַנצע משפחה פון איהם. ווען אָבער „ושבתם איש אל אחוזתו", אַז ער ווערט פלוצים אויפגעריכט און קויפט זיך א נחלה, דאן איז „ואיש אל משפחתו תשובו", פאנגט זיך אָן די גאנצע משפחה מיט איהם צו חבר'ן און עס דער־נעהענטערען זיך צו איהם די ווייטסטע קרובים.

# סבלנות און פרידען

פרעגט מיך אַ איד אַ קשיא:

אונזערע חכמים זאָגען: „הסבלן ימצא שלום וסופו לראות שכר טוב בעמלו", דער געדולדיגער וואָס לויפט ניט, וואָס יאָגט זיך ניט אלעס שנעל אריינצוכאַפּען, וועט אימער געפינען צופרידענהייט און וועט נאָך שפּעטער קריגען גוט באצאָהלט פאר זיין פלאגעניש. אָט האָט ער זיין גאנצען לעבען געפּראַקטיצירט די טעאָריע. ער איז א גרויסער סבלן און טראָגט אריבער געדולדיג די אלע קלעפּ וואָס דער שיקזאל דערלאנגט איהם און איז נאָך פאַרלויפיג ניט אויפגעריכט געוואָרען, ווערענד זיין לאַנדסמאַן שמערעל איז גראדע דער היפך פון איהם, ער לויפט, ער האבעוועט און בושעוועט, שטענ־דיג פארטאָן, שטענדיג פארנומען, און מאכט פון דעסטוועגען זעהר א שעהן לעבען. פרעגט זיך די פראגע: ווי קומט עס, אז אונזערע חכמים׳ס מימרא זאָל ניט אויסהאלטען?...

אלס ענטפער אויף זיין קשיא, האָב איך איהם דערצעהלט די מעשה מיט יענע צוויי אָרעמעלייט:

א רייכער בעל הבית וואָס האָט פאַרלוירען זיין גאַנצען פאַרמעגען, האָט זיך אוועקגעלאָזען איבער דער מדינה קלייבען נדבות, געוועהנליך, אלס

## מענש און תורה

נייער אָרעמאַן, איז ער גאָר אין די הלכות שנאָרעריי ניט אזוי באַקאַנט געוועזן. עס פלעגט זיך גאַנץ אָפט טרעפען, אז ער פלעגט אומגעהן א גאנצען טאָג איבער די הייזער און גאָרנישט מאַכען.

געהענדיג איבער דער מדינה, האָט ער אַמאָל אָנגעטראָפען א געניטען אָרעמאַן, וועלכער האָט אויף איהם רחמנות געהאַט. ער האָט איהם צוגענומען אונטער זיין פּראָטעקציע און גענומען מיט איהם לערנען, ווי אזוי אריינצוקומען אין א הויז, ווי צו מאַכען א רחמנות פּנים, ווי אזוי צו דאנקען און בענשען פאר א שעהנע נדבה און ווי אזוי אָנצושילטען פאר א קארגע נדבה. דער געפאלענער בעל הבית האָט זיך אלעס אריינגענומען אין קאָפּ און האָט מיט גרויס התמדה זיך גענומען לעהרנען די אלע כללים וואָס דער רבי האָט מיט איהם געלערענט.

איינמאָל זיינען דיביידע ארעמעלייט אָנגעקומען אין אן אכסניא און האָבען געוואָלט קריגען עפּעס וואָס צו עסען, זיי ווארטען און ווארטען, אבער קיינער גיט זיי ניט. זאָגט דער נייער אָרימאַן צום אלטען:

צו וואָס זאָלען מיר זיצען אזוי ווי צוויי שטומע און ווארטען? לאָמיר צוגעהן צום בעל הבית און איהם בעטען אז ער זאָל אונז געבען עפּעס וואָס צו עסען!...

„ניין"! האָט דער אלטער אָרעמאַן צו איהם א זאָג געטהאָן, דו זאָלסט זיך ניט וואַגען דאָס צו טהאָן, איך וויס בעסער פון דיר. מיר מוזען ווארטען ביז מען וועט אונז רופען עסען!

דערווייל זיינען אריינגעקומען עטליכע סוחרים, און ווי זיי זיינען נאָר דעם שוועל אריבער, האָבען זיי אויסגעשריען:

גיט אונז עסען, און מאכט עס שנעל!...

די משרתים האָבען געגרייט א טיש און שנעל געבראַכט טייערע געריכטען און פארשידענע משקאות. דער נייער אָרימאַן זיצט און קוקט ווי יענע עסען און עס רינט איהם די שפּייעכץ פון מויל. זיין הונגער ווערט אלץ גרעסער און גרעסער. ער הויבט זיך אלע ווייַלע פון ביינקעל און וויל צולויפען צום בעל הבית פון אכסניא און איהם בעטען, אז ער זאָל געבען וואָס צו עסען, אָבער דער אלטער אָרימאַן ציהט איהם ביים פּאָלע און זאָגט צו איהם שטי־לערהייט:

## דר. י. ל. שניצער

זיץ רוהיג און האָב געדולד! ווארום אז ניט, וועסטו אין גאַנצען קאַליע מאַכען און מיר וועלען אוועקגעהן הונגעריג פון דאנען.

ווען די סוחרים האָבען אָפּגעגעסען, האָט דער בעל הבית זיך געזעצט ביים טיש און א זאָג געטאָן צו די צוויי אָרימעלייט:

געהט וואַשט זיך, ליבע אידען, און זעצט זיך ביים טיש עסען?

די אָרימעלייט האָבען זיך געזעצט ביים טיש מיט דעם בעל אכסניא און האָבען נאָך געהאט א בעסערען מאָלצייט ווי די סוחרים, ווייל מען האָט זיי געגעבען די זעלבע שפּייזען ווי דעם בעל הבית.

ווען די סוחרים האָבען זיך גענומען קלייבען אין וועג אריין, האָט דער בעל אכסניא זיי דערלאנגט א רעכענונג פאר פיש באזונדער, פאר בראטענס באזונדער, און פאר משקה באזונדער. קורץ, זיי האָבען פאר יעדער זאַך באצאָהלט, און נאָך גוט באצאָהלט אויך.

„דו זעהסט?" האָט דער אלטער אָרעמאן געזאָגט צו דעם נייעם, „דער־פאר וואָס דו האָסט געהאט געדולד און געוואַרט, האָסטו געגעסען א בע־סערען מאָלצייט ווי די סוחרים און עס האָט דיר גאָרנישט געקאָסט. זיי אָבער האָבען זיך געאיילט און געכאפּט, האָבען זיי ניט געהאט אזא געשמאקען ביסען ווי דו און האבען נאָך געדארפט גוט באַצאָהלען דערפאר!"

פון איילעניש קומט קיין גוטס ניט ארויס!... די וואָס לויפען און יאָגען זיך ארייננצוכאפּען וואָס מעהר און מעהר, האָבען קיין הנאה ניט פון זייער לעבען און באצאָהלען נאָכדעם זעהר טייער דערפאר. נאָך דעם יאריד קוקט מען זיך ארום און מען פרעגט זיך קהלת'ס אלטע פראגע: „מה יתרון לאדם בכל עמלו"... פאַר וועמען האָב איך אוועקגעלעגט אזוי פיעל מיה און קרעפּ־טען? פאר וועמען האָב איך אזוי שווער און ביטער געארבייט?...

הסבלן, דער געדולדיגער אָבער, ימצא שלום, געפינט אימער פרידען ביי זיך אין הויז, וסופו לראות שכר טוב בעמלו, און געפינט נאָכ'ן יאריד, אז ער האָט זיך גאנץ רוהיג געלעבט, און עס איז ניטאָ ווער עס זאָל וואַרטען אויף זיין טויט!

## מענש און תורה

# אידישקייט און וועלטליכקייט

דעבאטירען צוויי אידען:

איינער זאָגט: זיי א איד אין הויז, אָבער ניט אויף דער גאַס, ברענג ניט ארויס קיין אידישע פראגען פאר דער וועלט; קום ניט מיט קיין אידישע פּראָבלעמען און מיש ניט אריין קיין אידישע אינטערעסען, ווייל פריהער קומט דער מענש, נאָכדעם דער איד.

דער צווייטער זאָגט: פאַרוואָס עפּעס שעהמען זיך מיט אונזער אידישקייט? שעהמט זיך דער פראנצויז מיט זיין פראנצויזישער אָנגעהעריגקייט? שרייט דען ניט דער דייטש, אז דייטשלאנד איבער אלעס? ניין, מיר זיינען א פאָלק ווי אלע פעלקער און וואו מיר קומען, זיינען מיר אידען. — פריהער קומט דער איד, נאָכדעם דער מענש.

אויסהערענדיג זייער דעבאטע, האָב איך זיך צו זיי אָבגערופען:

דער אונגליק איז, וואָס איהר טיילט פונאַנדער דעם אידען פון דעם מענשען. ניין, מיינע פריינדע, דער איד און דער מענש איז איינס!... עס איז ניטאָ ביי איהם קיין ווידערשפּרוך צווישען זיין אידישע נשמה און דער אלגעמיינער מענשליכער!

זינט מיר אידען געפינען זיך אין די גלות לענדער, האָט זיך אונזער לעבען צוזאמענגעבונדען און צוזאמענגעקניפּט מיט דעם לעבען פון דער אלגעמיינער באַפעלקערונג. אונזערע אידישע אינטערעסען אין גלות זיינען קיינמאָל ניט געקומען אין צוזאמענשטויס אין געזעלשאפטליכען לעבען, ניט אַנדערש פון די אינטערעסען פון די אנדערע איינוואוינער.

אין שפּאניען האָבען געלעבט זעהר באריהמטע אידען, וואָס האָבען געוויס געהאט גרויסע אידישע אינטערעסען, פון דעסטוועגען האָבען זיי ענטוויקעלט די אוצרות פון לאנד, געשאפען א שעהנע שפּאנישע קולטור און געמאכט שפּאַניען פאר א גרויס רייך לאנד, זייערע אידישע אינטערעסען, הייסט עס האָבען זיי גאָרניט געשטערט צו זיין גוטע שפּאניער.

אידען האָבען נאָך קיינמאָל ניט געבראַכט קיין שאָדען אַ לאַנד דורך זייער אידישקייט: פארקעהרט, די אידישע אינטערעסען זיינען שטענדיג געווען צו זעהן דאָס לאַנד וואו זיי וואוינען רייך און גליקליך.

## דר. י. ל. שניצער

וואָס קען חלילה, אמעריקא ליידען ווען מיר פיהרען א אידיש הויז, לערנען אונזערע קינדער אידישקייט און זוכען אויפצוהאלטען די אידישע קולטור? פאר וואָס טאקע ניט פריהער קיין אידען?

העלפען מיר דען ניט בויען אמעריקא אזוי גוט ווי אלע אמעריקאנער? האָבען מיר דען ניט געשיקט אונזערע קינדער אין דער מלחמה אזוי גוט ווי אלע אמעריקאנער? יא, מיר זיינען אמעריקאנער, אָבער אידען זיינען מיר.

און צווייטענס, ווען מיר זאָלען אפילו וועלען פאַרגעסען אויף א ווייל אז מיר זיינען אידען, דערלאָזט דער אויבערשטער דערצו ניט!... עס איז ניטאָ דער יאָהר וואו עס זאָל זיך ניט מאַכען עפּעס אַן אַנדער מין אידען־פראַגע, וואָס דאָס דערמאָנט אונז ווער מיר זיינען.

אָט דאָס, קען זיין, האָט די תורה געמיינט אין פּ׳ בחקתי „והבאתי אותם בארץ אויביהם או אָז יכנע לבבם הערל״, זאָלסט זיך ניט איינריידען, רב אידעלע, און זאָגען: אויב מיר זיינען שוין יאָ פארטריבען צווישען די אומות, טאָ לאָמיר זיין גלייך מיט זיי און נאָכטהאָן זייערע מעשים. ניין, רב ישראל! איבער געוואלד וועל איך דיך צוריקברענגען צו דיין טשערעדע. איך וועל אָנטאָן פּאַיאַצען אין פארשידענע געקאָלירטע העמדלאך און זיי וועלען דיך צוריקטרייבען צו דיין אידישקייט.

# ארבייט און דערגרייכונג

פרעגט מיר א איד א קשיא:

אונזערע חכמים זאָגען: „אם יאמר לך אדם יגעתי ולא מצאתי אל תאמין״. אויב א מענש וועט דיר זאָגען, אז ער האָט געזוכט און ניט געפונען, זאָלסטו איהם ניט גלויבען. פרעגט זיך א פראגע: אָט איז ער שוין איבער 30 יאָהר דאָ אין אמעריקא און האָט געזוכט און געזוכט, געמאַכט פאַרשידענע געשעפטען און פון זיינע פילע געשעפטען האָט זיך אויסגעלאָזען א בוידעם מיט א פאָליצע. סטייטש, ער האָט דאָך ריכטיג מקיים געווען דעם „יגעתי״... טאָ פארוואָס איז דער „מצאתי״ ניט געקומען?...

# מענש און תורה

אלס ענטפער אויף זיין קשיא, האָב איך איהם דערצעהלט די מעשה מיט יענעם בעל־צדקה:

רב בערעל דער נגיד איז געווען זעהר א גרויסער בעל צדקה, זיין צדקה איז באַשטאַנען אין דעם וואָס ער פלעגט אויפקויפען אלערליי סאָרטען געצייג פאר פארשידענע ארבייט און אויסלייען די געצייג צו ארעמע בעל־מלאכות.

איין טאָג איז צו איהם אריינגעקומען אן אָרעמער ארבייטער און איהם געבעטען, אז ער זאָל איהם לייהען א זעג, האָט רב בערעל איהם געהייסען, אַז ער זאָל ארויפגעהן אויפ׳ן בוידעם, דאָרטען וועט ער געפינען א זעג.

דער אָרעמאן איז ארויף אויפ׳ן בוידעם, געזוכט און געזוכט און האָט קיין זעג ניט געפונען, איז ער צוריק ארונטער צום גביר און האָט איהם געזאָגט, אז ער האָט אויפ׳ן בוידעם קיין זעג ניט געפונען.

„געה אַראָפּ אין קעלער, האָט רב בערעל צו איהם א זאָג געטהאָן, דאָרטען וועסטו די זעג געפינען".

דער אָרעמאן איז ארונטער אין קעלער און האָט אויסגעזוכט אלע ווינקעלאך, אָבער קיין זעג איז דאָרטען ניט געווען.

„דאַן מוז עס זיין אין שטאַל", האָט ר׳ בערעל צו איהם געזאָגט, „מען האָט לעצטע וואָך דאָרטען געזעגט האָלץ, איז וואהרשיינליך די זעג דאָרטען געבליבען".

דער אָרעמאן איז אריין אין שטאל, ארומגעזוכט די זעג, אָבער קיין זעג איז ניטאָ.

אָט אזוי האָט ר׳ בערעל ארומגעשיקט דעם אָרעמאן פון איין פלאַץ צום צווייטען זוכענדיג די זעג, און ווען דער ארעמאן האָט זיך שוין גוט אָנגעמאַטערט ארומגעהענדיג, איז ר׳ בערעל צוגעגאַנגען צו אן אַלמער, ארויסגענומען א זעג און האָט דעם אָרעמאן דערלאנגט.

„סטייטש, ר׳ בערעל?" האָט דער אָרעמאן איהם א פרעג געטהאָן, „אז די זעג איז געלעגען די גאנצע צייט ביי אייך אין אלמער, טאָ פארוואָס האָט איהר מיך אומזיסט און אומנישט ארומגעשיקט?"

„איך וועל דיר ערקלעהרען, האָט ר׳ בערעל איהם געענטפערט, — איך האָב ליעב צו געבען געצייג צו מענשען וואָס נויטיגען זיך טאַקע אין דעם, אָבער עס קומען אריין צו מיר א סך מענשען וואָס דאַרפען גאָרניט

נויטיג די געצייג, נאָר זיי האָבען ליעב צו לייהען זאכען, סתם אזוי, און פאַרגעסען זיך גאנץ אָפט עס אָבצוברענגען צוריק... דערפאר האָב איך דיך ארומגעשיקט און פאַרמאַטערט, צו זעהן אויב דו נויטיגסט זיך טאקע אין דער זעג, און זעהענדיג, אַז דו מיינסט עס טאקע ערנסט און דו ווילסט נאָך אַלץ די זעג האָבען, האָב איך דיר זי געגעבען.״

אונזערע חכמים האָבען טאקע געמיינט: אז דורך ערנסטע מיה און ארבייט קען מען אלעס דערגרייכען, עס איז אָבער פאראן א סך, א סך לצים, וואָס זיינען ניט ערנסט מיט׳ן „יגעתי״, מען זוכט גרינגע פּרנסות, מען מאַכט קונקעל מונקעל ביזנעס און מען וויל שנעל רייך ווערען. ביי אזעלכע לייט קומט דער „מצאתי״ זעהר שווער. ער באווייזט זיך אפילו אויף א ווייליכקע, אבער ער פארשווינדט גלייך צוריק.



# דער חוב פון טאַטעס צו זייערע קינדער

רעדט זיך אויס פאר מיר א כלל־טהוער זיין שווער ביטער הארץ:

אין דער אַלטער היים האָט ער זיך אויפגעהאָדעוועט אין א שטרענגע אָרטאָדאָקסישע הויז, ביז 19 יאָהר האָט ער געלערענט אין פארשידענע ישיבות און זיך פאָרבערייטעט צו ווערען א רב, אבער צוליעב דעם פריזיוו איז ער געצוואונגען געווען צו קומען קיין אמעריקא.

אזוי ווי א פויגעלע וואָס איז געבוירען געוואָרען אין א קליין שטייגעלע און האָט פּלוצים באַקומען איהר פרייהייט, אזוי האָט ער זיך געפיהלט די ערשטע צייט ווען ער איז דאָ געקומען אין לאַנד, ער האָט זיך אריינגע־וואָרפען מיט לייב און לעבען אין דער סאָציאליסטישער באַוועגונג און געזוכט צו באַפרידיגען זיין אידישע נאַציאָנאלע נשמה, מיט דער האָפנונג, אז די „פאָרמולע״ פון „ומלא כל הארץ דעה״, וועט אויך לעזען די אידען־פראגע... די וועלט וועט זיין אזוי געבילדעט, אזוי פאָרטגעשריטען, אז דער וואָלף מיט דער שעפּסעלע וועלען וואוינען צוזאַמען אזוי ווי צוויי טייבעלאך.

האָבען זיך אָבער אין מיטען אונטערגערוקט די פּאָגראָמען אין רוסלאנד און דער אנטיסעמיטיזם האָט זיך גענומען צושפּרייטען איבעראל, אפילו

# מענש און תורה

אין די לאַבאָראַטאָריע וואו די פאָרמולע ווערט פאַבריצירט האָט אויך קיין אנטיסעמיטיזם ניט געפעהלט. האָט ער ביי זיך א טראכט געטהאָן:

אמת טאקע, ארבייטען פאר דער אלגעמיינער מענשהייט, איז זעהר א שעהנע זאַך, אָבער „חייך קודמין", דיין אייגענע פאַמיליע, דיינע אייגענע גלות־ברידער קומען פריהער, האָט ער זיך אריינגעוואָרפען מיט אלע זיינע כוחות אין דער אידישער מחנה און האָט גענומען ארבייטען פאר זיינע אייגענע ברידער.

מאַטעריאַליש האָט ער זיך ניט וואָס צו באַקלאָגען, ער האָט אן איינגע־פונדעוועטען געשעפט וואָס ברענגט איהם אריין א שעהנעם יעהרליכען פראָפיט, דערפאר אָבער האָט ער גייסטיגע צרות.

מיט צוויי זיהן האָט איהם דער אויבערשטער מזכה געווען. געוועהנליך, ער, אלס פארנומענער מענש, בייטאָג אין געשעפט און ביינאכט אויף פאר־שידענע קהל'שע פארזאמלונגען, האָט ער זיך ניט געקענט אזוי שטארק אָבגעבען מיט זייער ערציהונג, דאָס האָט ער איבערגעלאָזען צו זיין ווייב, זי האָט זיי געשיקט אין „היברו סקוהל", געמאכט פאר זיי שעהנע בר־מצוות, מיט אויסגעשטעלטע דרשות, און זיי ערצויגען אזוי ווי אלע אמעריקאנער אידישע קינדער ווערען ערצויגען. צום סוף, האָט דער עלטערער זוהן זיינער חתונה געהאט מיט א גויה, און דער אינגערער זוהן איז געוואָרען אַ פאַרברענטער קאָמוניסט. ער מאַכט חוזק פון איהם, פון זיין ווייב, פון דער גאנצער אידישקייט און רופט זיי פינסטערלינגע, פארקויפטע קנעכט און נאָך אזעלכע שעהנע, זיסע נעמען.

אויסהערענדיג זיין געשיכטע, האָב איך זיך צו איהם אָבגערופען:

מיין פריינד, אייער הויז איז ניט דאָס ערשטע און אויך ניט דאָס לעצטע, וואו עס שפילען זיך אָב אזעלכע טראַגעדיעס. גיט א קוק, צום ביישפיל, אין דער סדרה במדבר, וועט איהר אויך געפינען אַזאַ מין פאַ־מיליען־דראמע. מען דארף ניט מעהר, אַזאַ גרויסער פיהרער ווי אונזער משה איז געווען, גערעדט מיט גאָט, באוויזען גרויסע וואונדער, געמאכט פון א שקלאַפען־פאָלק ציוויליזירטע מענשען, וואָס זאָלען טראָגען דעם פאַקעל פון קולטור פאר דער גאנצער מענשהייט. אָט דער משה האָט געהאט א ווייב מיט'ן נאָמען צפרה און צוויי זיהן מיט די נעמען גרשם און אליעזר. אָבער ווען מען האָט דורכגעפיהרט א צענזוס און געצעהלט יעדען שבט

באזונדער, ווערען משה׳ס קינדער ניט דערמאָנט. נדב ואביהוא, אהרן׳ס צוויי געשטאָרבענע זיהן, וועלכע האָבען אריינגעבראכט „אש זרה״, פרעמדען פייער אין אונזער הייליגטהום, ווערען יאָ דערמאָנט און משה׳ס קינדער ניט.

וואו זיינען משה׳ס קינדער אהינגעקומען?

נאָר דער תירוץ איז: ווען א טאַטע לאָזט זיך אריין אין קהל׳שע ענינים און לאָזט איבער די ערציהונג פון זיינע קינדער צו „צפרה׳ן״, מוז א טראגעדיע פאָרקומען.

„שלח תשלח את האם״, שיק אוועק די מאמען צו איהרע פליכטען, „ואת הבנים תקח לך״ און די קינדער נעהם צו אונטער דיין השגחה, „למען ייטב לך״, כדי עס זאָל דיר גוט זיין, „והארכת ימים״ און דו וועסט לעבען, לאַנג לעבען אין דיינע קינדער אפילו נאָכ׳ן טויט.

שטעהן לעכצוויצער אידען און פאטשען זיך אין די בייכלאך, זייערע זיהן זיינען געוואָרען „עלקס״, „מייסאָנס״ און „מאָדערן וואודמאנס״... „שמנו נטרה את הכרמים״, מיר זיינען געוואָרען וועכטער אויף פרעמדע גערטנער... „כרמי שלי לא נטרתי״, אבער אונזער אייגענעם גאָרטען היטען מיר ניט אָפּ... לעדיגער און לעדיגער ווערען אונזערע אידישע סאָסייעטיס, אונזערע אידישע אָרדענס, אונזער יוגענד געהט אוועק פון אונז אין פרעמדע פעלדער, אין פרעמדע גערטנער!...



# צדקה לשמה און צדקה לשם כבוד

פרעגט מיך א איד א קשיא:

ער וואָלט וועלען וויסען, ווארום איז ביי דער וועלט ניט אָנגעלעגט ווען א מאַן גיט צדקה זיך אויסצופיינען? דאכט זיך, דער אָרימאן ווערט דאָך געהאָלפען פון זיינע פאָר דאָלאר אזוי גוט ווי פון די יעניגע וועלכע גיבען פון גוטהערציגקייט, טאָ ווארום זאָל די וועלט איהם אזוי שטארק מבטל זיין און נאָך גאנץ אָפט איהם אויך פאַראַכטען?

אלס ענטפער אויף זיין פראגע, האָב איך איהם דערצעהלט די מעשה מיט יענעם אינגעל:

## מענש און תורה

צוויי גוטע פריינד, ראובן און שמעון האָבן זיך געטראָפפען אין גאַס. זעהט שמעון אז ראובן איז זעהר טרויעריג, גיט ער איהם א פרעג:

„וואָס איז דיר, מיין פריינד? ווארום ביזטו אזוי צוטראָגען? פעהלט דיר עפּעס?

זאָגט צו איהם ראובן:

„ניין, מיין פריינד, מיר אליין פעהלט גאָרנישט, נאָר איך האָב זעהר גרויסע צרות פון מיין חיים׳קען, ער איז נעביך געפעהרליך קראנק".

„וואָס רעדסטו? איך האָב איהם דאָך איצט ערשט געטראָפּפען אין גאַס ארומלויפענדיג?"

„יאָ, ער לויפט ארום, אָבער ער איז, נעביך, זעהר קראנק. איך בין שוין אויסגעוועזן מיט איהם ביי א סך דאָקטוירים, אָבער קיינער האָט איהם נאָך פאָרלויפיג ניט געהאָלפען".

„אין וואָס באַשטעהט זיין קראנקהייט?"

„ער האָט קיין אפּעטיט ניט, איך שטעל אוועק פאר איהם די שעהנסטע און די בעסטע שפּייזען, אָבער ער וויל זיי אין זיין מויל ניט נעהמען".

„דאָס אלעס? איך וועל דיר ווייזען, אז ביי מיר וועט ער יאָ עסען" — האָט שמעון צו איהם א זאָג געטהאָן און איז אוועקגעלאָפפען.

ער האָט אויפגעזוכט חיים׳קען און איהם מיטגענומען מיט זיך א היים, דאָרטען האָט ער פאר איהם אוועקגעשטעלט א טעלער זופּ מיט פלייש און איהם געהייסען עסען.

„איך וויל ניט עסען!" האָט דער אינגעל געזאָגט.

„אז דו וועסט אויפעסען דאָס פלייש מיט׳ן זופּ אינגאנצען, וועל איך דיר געבען צוויי גילדען".

חיים׳קע האָט חשק געהאט צום געלד, האָט ער זיך אָנגעטהאָן א כח און האָט לעדיג געמאכט דעם טעלער.

מיט גרויס שמחה איז שמעון אוועקגעלאָפפען צו זיין פריינד און האָט צו איהם א זאָג געטהאָן:

„דו זעהסט? איך האָב דיר געזאָגט, אז ביי מיר וועט ער עסען! א שטיק פלייש מיט א טעלער זופּ האָט ער ביי מיר אויפגעגעסען."

## דר. י. ל. שניצער

„קענסטו מיר ניט דערצעהלען ווי אזוי דו האָסט איהם געמאכט צו עסען? — האָט דער פאָטער איהם א פרעג געטהאָן, אפשר ווייס איך טאקע ניט ווי אזוי זיך צו פיהרען מיט איהם״.

„אָט וועל איך דיר זאָגען — האָט שמעון געענטפערט — איך האָב איהם אונטערגעקויפט מיט צוויי גילדען״.

„דו נאַרישער מענש! — האָט ראובן צו איהם געזאָגט — אָט דאָס וואָס דו דערצעהלסט מיר איז א באוויז, אז דער אינגעל איז קראנק, ווען ער וואָלט געווען געזונד וואָלט ער געגעסען, ווייל עס הונגערט איהם און ניט צוליעב געלד״.

אָט דאָס איז דער אונטערשיד צווישען מענשען וואָס גיבען צדקה, ווייל זיי האָבען א גוט הארץ און ווילען גוטעס טהאָן, און מענשען וועלכע גיבען צדקה כדי זיך אויסצופיינען. די וואָס האָבען א גוט האַרץ זיינען געזונטע מענשען, אבער די וועלכע גיבען צוליעב כבוד, די זיינען, נעביך, קראנקע מענשען.



# פרומקייט און צבועי׳אַצטוואָ

דערצעהלט מיר א איד זיין טרויעריגע לעבענס־געשיכטע:

ביז 19 יאָהר האָט ער אין דער אלטער היים געלערענט אין א ישיבה, נאָכדעם איז ער דאָ אין אמעריקא אריבערגעקומען און אזוי ווי ער האָט דאָ קיין קרוב און קיין גואל ניט געהאַט, איז ער געצוואונגען געווען צו וואנ־דערען פון איין וואוינונג צו דער צווייטער.

שטודירענדיג די פראָבלעמען פון „מיסעס און באָרדער״, איז ער געקומען צום באשלוס, אז דער וועהטאָג נעהמט זיך טאַקע פון „עקאָנאָמישע אומשטענ־דען״, אָבער דער הויפט מעקלער איז: די „רעליגיעזע פרייהייטען״. א פרוי, וואָס איז באמת פרום, וועט זיך פון די עקאָנאָמישע אומשטענדען ניט לאָזען פאַרפיהרען. און ער האָט אָפגעמאכט ביי זיך, אז ווען ער וועט דארפען הייראטען, זאָל ער נעהמען א פרוי וואָס איז ערצויגען געוואָרען שטרענג רעליגיעז.

# מענש און תורה

און אזוי איז געווען. ער האָט געפּעפּנט א געשעפט אין א קליין שטעדטעל לעבען ניו־יאָרק, חתונה געהאַט מיט א רב׳ס א טאָכטער, וועלכע איז ערצויגען געוואָרען שטרענג אָרטאָדאָקסיש, און גענומען לעבען אזוי ווי גאָט האָט געבאָטען.

קיין קינדער האָבען זיי ניט געהאט, אָבער דאָס איז ניט געווען קיין שטערונג אין זייער גליקליכען פאַמיליען־לעבען. זיין פרוי האָט זיך אריינגע־וואָרפען אין וואוילטהעטיגע אונטערנעהמונגען, זי איז געוואָרען וויס־פּרעזי־דענטין אין אַ געוויסער ניו־יאָרקער אינסטיטוציע און פלעגט פאָהרען כמעט יעדען טאָג אין ניו־יאָרק, זיך מתעסק זיין אין איהרע צדקה־אַנגעלעגענהייטען.

ווען עס איז געקומען דער קריזיס, איז זיין געשעפט אויך זעהר שטארק ארונטער. עס האָט געהאלטען אזוי וויט, אז זיינע קרעדיטאָרען האָבען געוואָלט זיין געשעפט צומאכען, אָבער זיין ווייב האָט איהם ארויסגעהאָלפען, זי איז אוועקגעלאָפען צו די רייכע מעמבערקעס פון איהר אינסטיטוציע, געבאָרגט ביי זיי געלט און ארומגעצאָהלט אביסעל זיינע חובות.

פאַרשטעהט זיך, אז זיין ווייב׳ס האנדלונג איז געווען זעהר געהויבען אין זיינע אויגען, ווייל אויסער איהר גוטסקייט און איהר איבערגעבענהייט איז זי נאָך פון טאָג צו טאָג אלץ פרימער און פרימער געוואָרען. ער האָט זיך אָנגעהויבען פשוט צו שעהמען פאר זיך אליין: ער, דער בן אורין, דער אמאָ־ליגער ישיבה בחור, פאַרבייגט גאַנץ אָפּט א דין, אָדער א געוויסען מנהג. און זיין ווייב, ניט אַזאַ גרויסע מלומדת אין די שווארצע פּינטלאך, היט אָפּ יעדער קליינע מצוה׳לע ווי דער גרעסטער צדיק.

די לעצטע צייט האָט גענומען פּאַסירען, אז א פּאָר מאָל דורך דער וואָך פלעגט זי בלייבען נעכטיגען ביי איהרער א פריינדין אין ניו־יאָרק, און קומענדיג צוריק אהיים, פלעגט זי איהם אָנפאנגען צו דערלאנגען א קאַפּיטעל מוסר, ווארום ער איז ניט פרום גענוג. איהם איז דאָס זעהר אויפפאַלענד געוואָרען: ווארום דערלאנגט זי איהם דעם קאַפּיטעל מוסר גראדע ווען זי קומט צוריק פון ניו־יאָרק? ווארום ניט פריהער? אָט די פראגע האָט גענומען עגבערען זיין מח און עס האָט איהם קיין רוה ניט געגעבען, ביז ער האָט באַשלאָסען, אז ער מוז איינמאָל פאר אלעמאָל אויסגעפינען, מיט וועמען זי קומט זיך צוזאמען און אין וועלכע הויז זי שלאָפט די פּאָר נעכט.

און אזוי איז געווען. ער איז איהר שטילערהייט נאָכגעפאָהרען און געזעהן, ווי ביים דיפאָ האָט געוואַרט אויף איהר אן אויסגעפוצטער מאַן אין די מיטעלע יאָהרען. מען האָט זיך געגומען געאַרעמט און מען איז אריין אין אַ טריפ׳ען רעסטאָראַנט און דאָרט געגעסען, נאָכדעם איז מען אוועק אין א טעאטער, נאָכ׳ן טעאטער איז מען אריין אין א געוויסען האָטעל און מען איז דאָרטען געבליבען נעכטיגען.

א גאנצע נאַכט איז ער געשטאַנען ביים האָטעל און געוואַרט. ניין אוהר אין דערפריה איז דאָס פּאָר׳ל ארויסגעקומען, און ווי זי האָט איהם דער־זעהן, האָט זי א כאַפּ געטהאַן איהר באגלייטער ביי דער האַנד און מען איז אוועק. מעהר האָט ער זי אין די אויגען ניט געזעהן.

אויסהערענדיג זיין געשיכטע, האָב איך איהם דערצעהלט די מעשה, פון אַ געוויסען „מוסר־ספר״:

א פאָטער האָט פאר׳ן טויט צוגערופען זיין זוהן צו זיך און צו איהם געזאָגט:

„שלמה, מיין זוהן, דו זאָלסט זיך זעהן צו היטען פון א „וצדקתך״. מייד אויס די צו־פרומע, די צו־הייליגע, גלויב ניט אזעלכען וואָס רעדט צופיעל מיט גאָט״.

שלמה האָט חתונה געהאַט און גענומען זעהר א שעהנע פרוי, אָבער זי איז עפּעס צו פרום געווען, האָט ער זיך דערמאָנט אָן זיין פאָטער׳ס צוואה און האָט באַשלאָסען זיין ווייב אויסצופּרובירען. אין א געוויסען טאָג האָט ער איהר ערקלעהרט, אז ער פאָהרט אוועק אויף א פּאָר טעג צייט, ער האָט זיך זעהר הערציליך מיט איהר געזעגענט און זי האָט אויסגעזעהן זעהר באַ־טריבט — איבער זיין אוועקפאָהרען.

שפּעט ביינאכט איז ער צוריקגעקומען און האָט שטילערהייד געעפענט די טהיר פון זיין הויז, און אריינקומענדיג אין זיין ווייב׳ס שלאָף־צימער, האָט ער זי געטראָפען אין די אָרמס פון א פרעמדען מאַן. דערזעהענדיג איהר מאַן, האָט זי א געשריי געטאָן צו איהר געליבטען:

„נעהם דיין שווערד און דערשטעך איהם!״

דער אָבגענאַרטער מאַן האָט זיך מיט שרעק ארויסגעכאפּט פון הויז און האָט גענומען וואַנדערען איבער די גאַסען אָהן א וועג און אָהן א ציעל.

# מענש און תורה

אין דער נאַכט האָט מען באַ׳גנב׳עט א קלויסטער, און די פּאָליציי איז געגאַנגען זוכען די גנבים, אָנטרעפענדיג שלמה׳ן ווי ער וואַנדערט איבער די גאַסען, האָט מען איהם אַרעסטירט און גענומען איהם פרעגען וואָס ער ווייס פון דער גנבה. און אזוי ווי דאָס לעבען איז איהם נמאס געוואָרען און עס האָט איהם ניט געאַרט וואָס מיט איהם וועט פּאַסירען, האָט ער דער פּאָליציי גאָרנישט געענטפערט און ער איז פאַר׳משפּט געוואָרען צום טויט.

פיהרענדיג איהם צו דער תליה, האָט מען געדאַרפט פאַרבייגעהן א בערגעל מיסט, איז געשטאַנען א מאַן און האָט אָפּגעהיט, אז מען זאָל חס־ושלום דעם בערגעל מיסט ניט צוטרעטען, ווייל דאָרטען געפינען זיך ווערים, און עס איז א צער בעלי־חיים, אז מען זאָל זיי צוטרעטען.

„אהא, א וצדקתך" — האָט שלמה א טראַכט געטהאָן, און ער האָט זיך געווענדעט צו דער פּאָליציי און אויסגעשריגען:

„אַרעסטירט איהם! ער איז מיין שותף אין דער גנבה!"

מען האָט גלייך יענעם אַרעסטירט און שלמה׳ס משפּט אָפּגעלעגט, און דער אַרעסטירטער האָט שפּעטער זיך מודה געווען, אז ער אליין איז דער גנב און האָט אָנגעוויזען וואו די געג׳גנב׳טע זאַכען געפינען זיך.

ווען דער ריכטער האָט שלמה׳ן א פרעג געטהאָן, פון וואַנען האָט ער געוואוסט, אז יענער איז דער גנב? האָט שלמה איהם געענטפערט:

„ווייל ער האָט אָבגעהיט, אז מען זאָל ניט צוטרעטען די ווערים אויף דעם בערגעל מיסט: א צו־גרויסער וצדקתך געווען".

און דאָס, קען זיין, האָבען אונזערע חכמים געמיינט מיט דעם וואָס זיי זאָגען: „חסיד שוטה", א נאַרישער חסיד, „ורשע ערום", א כיטרער שווינדלער, „ואשה פרושה", א צו פרומע צנועה „ומכות פרושין" און דער וואָס שלאָגט זיך קאָפּ אָן וואַנד ביים דאַוונען, „הרי אלו מבלי עולם", אָט דער זיסער קוואַרטעט פאַרדאַרבען אונזער וועלטעל, ווייל וואָס צו, איז אומגעזונט.

דר. י. ל. שניצער

# מדה כנגד מדה

ווי מיר ווייסען, ווערט די ענטוויקלונג פון די מענשען צוטיילט אין דריי פעריאָדען.

די ערשטע פעריאָדע איז געווען אין דער קינדהייט פון דער מענשליכער ראַסע: די מענשען־קינדער האָבען נאָך דאַן ניט געוואוסט פון קיין הערשער, ריכטער און וועכטער. אונזערע נביאים האָבען די פעריאָדע גערופען: „איש כל הישר בעיניו". א מין פרייע געזעלשאפט געווען. און ווען דער פעבעל קריגט די פרייהייט צו טהאָן „כל הישר בעיניו", איז ער פיעל ערגער ווי די חיות אין וואַלד. די חיות פון וואַלד זיינען גרויזאַם צו פרעמדע, אָבער זיי רייסען זיך ניט איינער דעם צווייטען. די מענשען אָבער רייסען און בייסען איינער דעם אנדערען און שעפּען נאָך גרויס פארגעניגען פון פייניגען דעם קרבן איידער זיי טויטען איהם.

אלס ביישפיל קען מען נעמען די אינקוויזיציע אין שפאניען, די שחיטה אויף פּראָטעסטאנטען אין פראנקרייך, די פּאָגראָמען אויף אידען אין איי־ראָפּא, די לינטשערייען פון די נעגערס אין אמעריקא און נאָך אזעלכע פעלע. אז אזעלכע מערדערייען זיינען אָנגעגאנגען און געהען נאָך אָן איצט אין אונזער כלומר'שט ציוויליזירטע געזעלשאפט. היינט ווי איז שוין געווען דאן, אין דער „כל הישר בעיניו" פעריאָדע?

די צווייטע פעריאָדע פון דער וועלט־געשיכטע קען באצייכענט ווערען אלס די „ערא פון געזעץ".

אין דיזער פעריאָדע איז שוין דאָ א הערשער אָדער א רעגירונג; און די הערשאַפט האָט שוין אָנגענומען א רייהע געזעצע צו האַלטען דעם פעבעל אין צוים, און האָט שוין אָנגעשטעלט א מחנה ריכטער מיט וועכטער אויס־צופיהרען די געזעצען.

אין די צייטען פון פרעה'ס, אונטער וועלכע דאָס אידישע פאָלק האָט געדינט, איז שוין געווען א שטאַרקע רעגירונג אין לאַנד מיט פעסטגע־שטעלטע געזעצען.

די איצטיגע ציוויליזירטע וועלט דענקט, אז די „ערא פון געזעץ" פאַרווירקליכט שוין דעם העכסטען אידעאל צו וועלכען די מענשהייט קען

דערגרייכען. אָבער דאָס איז א טעות: די הערשאַפט פון געזעץ, אפילו ווען זי זאָל ענטוויקעלט ווערען ביז צו דעם העכסטען פונקט, איז נאָך אלץ גאַנץ ווייט אַוועק פון דעם ציעל וואָס גאָט האָט געוואָלט די מענשהייט זאָל דערגרייכען.

און אזוי ווי דער אויבערשטער צאָהלט דאָך „מדה כנגד מדה״, האָט ער אין די ערשטע „ערא״, וואו די גאַנצע וועלט איז פול געווען מיט „חמ׳ס״ אין נח׳ס צייט און מיט געוואלדטהאַטען אין די שפּעטערדיגע צייטען, געגעבען פרייהייט צו די ווילדע עלעמענטען פון דער נאַטור. א מבול אין נח׳ס צייט און שוועבעל און פייער אויף סדום און עמורה. ער האָט געלאָזען די ווילדע עלעמענטען בושעווען אָהן א דין און אָהן א חשבון, פונקט ווי די מענשען האָבען צווישען זיך געהאַנדעלט.

אין דער צווייטער ערא האָט דער אויבערשטער אויך אָנגענומען דעם זעלבען מאָסשטאָב אין זיין שטראָף פאר די מענשען־קינדער, ווי זיי האָבען געהאַנדעלט איינער מיט׳ן צווייטען.

פּרעה מיט זיין פאָלק האָבען געפּלאָגט די אידישע שקלאַפען מיט אלערליי מכות. האָט דער אויבערשטער זיי אויך געשטראָפט מיט די זעלבע מכות. פּרעה מיט זיין פאָלק האָבען געוואָרפען אידישע קינדער אין וואַסער, זיינען זיי אליין אין ים דערטרונקען געווארען. המן האָט געמאכט אויף א בוים א תליה אויפצוהענגען מרדכי׳ן, האָט מען איהם אליין אויף דעם בוים אויפגעהאנגען. אויב איהר מענשעלאך, וועלכע זיינען באַשאַפען געווארען „בצלם אלהים״ אין א געטליכער געשטאַלט, האנדעלט מיט אייערע ברידער אָהן יושר און אָהן רחמנות, נאָר מיט׳ן קאַלטען געזעץ, דאַן זאָלט איהר אויך מיט דעם זעלבען געזעץ גע׳משפט ווערען!

און דאָס קען אויך זיין די מיינונג פון די ווערטער „אהיה אשר אהיה״. אהיה — איך וועל זיך פיהרען מיט די מענשען מיט דער זעלבער מדה, אשר אהיה — ווי איהר וועט זיך פיהרען איינער מיט׳ן צווייטען.

די דריטע פּעריאָדע, וועלכע מיר ערווארטען און אויף וועלכע אונזערע נביאים האָבען פּראָפעצייעט, איז די ערא פון גערעכטיגקייט. מלחמות וועלען אָפּגעשאפט ווערען. די ריכטער וועלען ניט קוקען אויפ׳ן טויטען בוכשטאַב פון געזעץ, נאָר זיי וועלען האַנדלען נאָך די געפיהלען נאָך פון זייער הארצען,

## דר. י. ל. שניצער

ראסען־האַס וועט פאַרשווינדען און די מענשען וועלען לעבען צווישען זיך גליקליך און צופרידען.

אָט דאָס איז די ערא, אויף וועלכע מיר אידען ווארטען: די ערא פון חסד, משפט, רחמים און צדק.

---

# די רפואה פאַר דער מכה

אונזערע חכמים זאָגען: „הקב״ה מקדים הרטיה ואחר כך הוא מכה״, דער אויבערשטער גרייט אָן פריהער דעם פלאַסטער, נאָכדעם גיט ער די די מכה. פרעגט זיך די פראַגע: אויב די רפואה איז שוין פאר דעם חולה פון פריהער אָנגעגרייט, דאַרף דאָך דער דאָקטאָר, דעם אויבערשטענ׳ס שליח, מיט׳ן ערשטען ביסעל קאבעבע־וואַסער וואָס ער פארשרייבט, דעם חולה העלפען? און צווייטענס, וואָס הערט זיך עפּעס מיט אונהיילבארע קראנקהייטען, וואָס די דאָקטוירים האלטען אין איין זוכען פאר זיי א רפואה און דערווייל שטאַרבען אויס הונדערטער און הונדערטער מענשען א יאָהר? אויב די רפואה איז פאַראַן, פאַרוואָס גיט ער זי ניט צו זיינע שלוחים?

אלס ענטפער אויף דער קשיא קען מען דערצעהלען די מעשה מיט „פעשע די רופא׳טע״:

מען דערצעהלט, אז רב העשעלע איז אין זיינע יונגע יאָהרען געווען זעהר א גרויסער קונדס. זיצענדיג איין טאָג אין בית המדרש, זעהט ער ווי פעשע די אלמנה לויפט אריין אין דער ווייבערשער שוהל, און פאנגט אָן קלאָגען פאר דעם רבונו של עולם, אז זי האָט ניט פון וואַנען צו לעבען. האָט רב העשעלע זיך באַהאַלטען אין א ווינקעלע און אויסגעשריען:

„פעשע, פעשע! דיין תפילה האָט דערגרייכט די שערי־רחמים. ווער א דאָקטאָרקע, פעשע, וועסטו האָבען פון וואַנען צו לעבען״.

פעשע, וועלכע האָט געמיינט, אז דאָס רעדט דער אויבערשטער צו איהר, האָט א זאָג געטאָן:

## מענש און תורה

„פּאַטער אין הימעל! ווי אזוי קען איך ווערען א דאָקטאָרקע, אז איך ווייס ניט וואָס צו געבען א קראַנקען?"

האָט רב העשעלע איהר געענטפערט:

„צושטויס א רויטען ציגעל, גיס ארויף אויף דעם א פּאָר קוואָרט וואַסער, דיסטיליר עס גוט דורך און גיב דעם חולה דערפון א פּאָר לעפעלאך, וועט ער געזונד ווערען".

רב העשעלע איז אוועקגעפאָהרען אין א ישיבה און האָט אָן דער גאַנצער מעשה פארגעסען. פעשע אָבער האָט זיך טאַקע גענומען צו דאָק־טאָריע און איהרע רפואות פלעגען פשוט פון טויט לעבעדיג מאכען. זי האָט געקראָגען א נאָמען אין דער גאַנצער געגענד ארום אלס מומחה'טע און איז רייך געוואָרען.

דאַרף זיך טרעפען, אז רב העשעלע האָט געקראָגען א מכה אין האַלז און די גרעסטע פּראָפעסאָרען האָבען איהם דאָס לעבען אָבגעזאָגט. זיין פּאַטער האָט איהם געבראכט פון דער ישיבה אהיים און איז אומגעגאנגען זעהר פארצווייפעלט. די דאָקטוירים האָבען געגעבען זיין העשעלען א קורצע צייט צו לעבען. ווען די מכה זאָל ניט פּלאַצען, דאַן מוז ער דערשטיקט ווערען.

אין מיטען האָט זיך דער פּאַטער דערמאָנט אָן פעשע די מומחה'טע, וועלכע איז פשוט מחיה מתים. און אזוי ווי פעשע האָט שוין דאַן געוואוינט אין אן אַנדער שטאָדט, האָט דער פּאַטער געדונגען א קאַרעטע און אוועק־געשיקט ברענגען די פּראָפעסאָרקע.

ווען פעשע די פּראָפעסאָרקע איז אריין אין הויז און רב העשעלע האָט אויף איהר א קוק געטאָן, האָט ער זיך דערמאָהנט, אז דאָס איז זיין דאָק־טאָרקע מיט דעם ציגעל־וואַסער, האָט ער זיך אזוי פאנאנדערגעלאכט, אז די מכה אין זיין האלז האָט געפּלאצט און ער איז געהאָלפען געוואָרען.

ווען ער האָט דערצעהלט זיין פּאַטער די געשיכטע, ווי אזוי ער האָט פעשע'ן געמאכט פאר דאָקטאָרקע, האָט דער פּאַטער צו איהם געזאָגט:

„היינט, זעהסטו מיין זוהן, ווי ריכטיג אונזערע חכמים'ס ווערטער זיינען: דער אויבערשטער שיקט צו די רפואה פאר דער מכה? דאַכט זיך, א שטיפעריש שטיקעל ארבייט געוועזן פון דיר, אָבער דאָס האָט דיר געהאָלפען".

## ד"ר. י. ל. שניצער

# דערציאונג און פאַרברעכען

אונזער ניו־יאָרקער גאָווערנאָר לעהמאן האָט איינגעלאַדען פינף הונ־דערט אויטאָריטעטען אויף א קאָנפערענץ אין אַלבאַני זיי זאָלען פאָרלייגען רעקאָמענדאַציעס ווי אזוי צו באַקעמפען פאַרברעכען. נאָך פיעלע רעפע־ראַטען און דיסקוסיעס זיינען פאָלגענדע פונקטען רעקאָמענדירט געוואָרען: א יוסטיץ־דעפּאַרטמענט מיט „דזשי־מען". צו נעהמען פון אלע בירגער זייערע פינגער־צייכענס. צעהן מיטגלידער פון א דזשורי זאָל זיין גענוג ארויסצוגעבען אן אורטייל אויף א פאַרברעכער און ניט אלע צוועלף מוזען זיין איינשטימיג ווי איצט. דעפּאָרטאַציע פון אַלע פאַרברעכער וועלכע זיצען אין געפענגעניש און זיינען ניט קיין בירגער. א געזעץ צו פארבאָטען צו פאַרקויפען וואַפען, סיידען מיט דער הסכמה פון דער פּאָליציי און נאָך אַזעלכע פאָרשלעגע.

ווען אונזער גאָווערנאָר זאָל לעבען, וואָלט זיך אָבער אביסעל פארטיפט אין דער פרשה „משפטים", וואָלט ער געפונען א ריכטיגען ענטפער פון וואַנען פאַרברעכען נעהמט זיך און ווי אזוי מען קען עס אויסראָטען.

קודם כל די לאַנד־באַזיץ פראַגע: צוטיילט פאר אלעמען גלייך דעם באָדען, וועלכער איז נאַציאָנאַליזירט — „כי לי כל הארץ" דאָס לאַנד איז דאָס געטליכע אייגענטהום, פאר אלעמען צו ארבייטען און צו געניסען. אבסאָלוטע רייכטהום דעמאָראַליזירט דעם מענשען גייסטיג. אבסאָלוטע ארעמקייט צוברעכט דעם מענשען קערפּערליך. דעריבער פאָדערט דאָס אידישע געזעץ א יובל. א קאַמף מיט דער אבסאָלוטער רייכקייט פון איין זייט און מיט דער אבסאָלוטער אָרימקייט פון דער אנדער זייט. „וקראתם דרור בארץ לכל יושביה", פרייהייט זאָל פּראָקלאַמירט ווערען איבער'ן לאַנד, פרייהייט פאר אלעמען, אויך פאר דעם פרעמדען, פאר דעם ניט־בירגער. קורץ, מאַך צורעכט די עקאָנאָמישע אומשטענדען, לאָז ניט איינעם אריינכאַפּען אלעס, און דעם צווייטען גאָרנישט. אָט דאָס וועט פאַרברעכען פארמיידען. ווען איינער אָבער האָט זיך אויפ'ן יובל ניט געקענט דער־ווארטען און איז א פארברעכען באַגאַנגען, דארפסטו מיט איהם גאָר אן אנדער מעטאָדע אָנווענדען.

# מענש און תורה

די היינטיגע ציוויליזירטע וועלט בויט טורמעס, וואוהין מען פארשיקט פאַרברעכער, צו שיצען כלומרשט די געזעלשאַפט. אין דער אמת'ן אָבער זיינען די טורמעס אַקאַדעמיעס פאר פארברעכער. קליינע גנבים ווערען דארט גרויסע און גרויסע גנבים ווערען דאָרט נאָך גרעסערע.

אונזער תורה איז אָבער געגען תפיסה, ווייל לעבענדיג אין א שלעכטער סביבה אָהן ליכט, אָהן לופט און אָהן רחמנות, מוז דעם פארברעכער'ס הארץ, וואָס לעכצט נאָך זיין פאַמיליע און דאָרשט נאָך גליק, נאָך מעהר פארגיפטעט ווערען. און זיין ווייב און קינדער מוזען אויך ווערען פאַרברעכער.

דער עונש וואָס אונזער תורה שטעלט פאר איהם איז א געלד שטראָף: „כפל". און אזוי גיך ווי ער האָט ניט קיין געלד צו באצאָהלען, ווארום ווען ער וואָלט געהאט געלד וואָלט ער דאָך ניט גע'גנב'עט, פארקויפט איהם בית דין (דאָס געריכט) אויף זעקס יאָהר צייט צו אן אנשטענדיגער פאַמיליע, וואו ער לעבט אין א גוטער סביבה, האָט צו עסען און צו טרינקען און זיין ווייב און קינדער פיהלען זיך אויך ניט אזוי דערשלאָגען און אונגליקליך, ווייל דער פאָטער ארבייט און פארדינט אויף חיונה. דער פארברעכער־צייכען ווערט אויף די שטערענס פון זיין אומשולדיגער פאמיליע ניט אויס־געקריצט. נאָך די זעקס יאָהר מוז זיין בעל הבית איהם מאכען פאר א זעלבסטשטענדיגען מענשען, ער מוז איהם געבען פון אלעם גוטען: ער מוז איהם אזוי אויף די פיס שטעלען, אז אלע זיינע אמאָליגע פארברעכערישע נייגונגען זאָלען מעהר איבער איהם קיין שליטה ניט קענען האָבען.

אָנטלויפט א קנעכט, טאָרסטו איהם ניט איבערגעבען צו זיין האַר. ווי נאָר דער מענש האָט זיין פוס אויף דער ארץ ישראל ערד געשטעלט, איז ער א בן חורין. ער קען וואוינען פריי און אונאָפהענגיג „במקום אשר יבחר לו", וואו ער וועט זיך אליין אויסוועהלען.

קורץ צו שיצען די געזעלשאפט פון פאַרברעכער, מוז מען איינפיהרען אן ערציהונגס־סיסטעם. אָבער אזוי לאַנג ווי קיין ערציהונגס־סיסטעם איז ניטאָ, וועלען די גרעסטע אויטאָריטעטען ניט העלפען.

## דר. י. ל. שניצער

# אל תתחבר עם הרשע

אין פ׳ משפטים שטעהט: „אל תשת ידך עם רשע להיות עד חמס״, דו זאָלסט ניט מאכען קיין חברותא מיט א רשע צו זיין א פאלשער עדות. נאָך די ווערטער נאָך קומט אויס, אז מיט קיין רשע טאָרסטו זיך ניט פאר־אייניגען צו זאָגען פאלשע עדות, אָבער אליין זאָגען פאלשע עדות איז ניט אַזאַ געפאַהר. פרעגט זיך די פראגע: ווי קומט עס אז אונזער תורה זאָל מאַכען אזא מין באמערקונג אז מען זאָל עס קענען אויסטייטשען אויף אזא מין אופן?

אלס ענטפער אויף דער פראגע קען מען דערצעהלען די מעשה מיט יענעם חטאים־זוכער:

רב זלמן, דער „חטאים־זוכער״ איז געווען א איד א למדן, און נאָך א גרויסער עושר דערצו. ער האָט געהאנדעלט מיט וואַלד, און האָט זעהר גרויסע געשעפטען געטאָן.

„חטאים־זוכער״ פלעגט מען איהם רופען, ווייל ער איז געווען זעהר א גרויסער „קנאי״ און האָט געהאלטען אין איין זוכען חטאים אין שטאָדט. עס איז ניט געווען דער טאָג וואו ער פלעגט ניט קומען צולויפען א צוקאָכ־טער צום רב, און איהם דערצעהלען, אז דער און דער האָט דאָס און דאָס געטאָן, און האָט פארלאנגט פון רב אז ער זאָל יענעם גוט באַשטראָפען דערפאר, אָדער איהם אין חרם ארייַנלייגען.

דער רב, וועלכער איז גראָד געווען א פאָרטגעשריטענער מענש, פלעגט זוכען איהם צו בארוהיגען און איהם זאָגען, אז ער וועט שוין יענעם שיקען רופען צו זיך און איהם גוט אויס׳מוסר׳ן, אָדער ער וועט מאכען א ריכטיגע חקירה ודרישה וועגען דעם, און דערביי פלעגט עס בלייבען.

ווען רב זלמן האָט געזעהן, אז דער רב זוכט איהם בלויז מדחה צו זיין און טהוט וועגען דעם ענין גאָר נישט, איז ער איין שבת באפאלען דעם רב אין שוהל, און גענומען שרייען: אז דער רב איז ניט פרום גענוג צו טראָגען אויף זיך דעם מאַנטעל פון רבנות. עס זיינען פאַראַן אזוי פיעל חטאים אין שטאָדט און ער מאַכט זיך ניט וויסענדיג. א רב, וועלכער איז עובר אויף

דעם לאו פון „ובערת הרע בקרבך", (דו זאָלסט אויסראָמען די שלעכטעס פון צווישען זיך) טאָר קיין רב ניט זיין.

ווען רב זלמן האָט אָבגערעדט, איז דער רב ארויף אויף דער בימה און האָט א זאָג געטאָן:

„עס איז אמת, רבותי! דער חטאים־זוכער פלעגט טאַקע קומען צו מיר יעדען טאָג מיט נייע חטאים אויף אייך, און איך האָב זיינע ווערטער ניט אָנגענומען. ווייסט איהר וואָרום, רבותי? ווייל ווען דער רשע, דער יצר הרע קומט צו דעם אויבערשטען מיט זיינע חטאים, נעהמט דער אויבערשטער זיינע ווערטער אויך ניט אָן. ער זאָגט צו איהם: אין מיין תורה שטעהט: „על פי שנים עדים יקום דבר", עס מוזען זיין צוויי עדות א מענשען צו פאַראורטיילען. וואָס טהוט אבער דער רשע דער יצר הרע? קריגט ער א שותף צו זיך א אידען מיט'ן נאָמען רב זלמן, כדי עס זאָלען זיין צוויי עדות. קומט אָבער די תורה אין די סדרה „משפטים" און זאָגט צו רב זלמנ'ען: אל תשת ידך עם רשע להיות עד חמס". מאכט ניט קיין שותפות מיט דעם רשע מיט דעם יצר הרע צו זיין א פאלשער עדות. אָט דעריבער האָב איך רב זלמן'ס ווערטער ניט אָנגענומען".

איהר פארשטעהט, מיין פריינד? די פילאָזאָפישע ווערטער פון אונזער תורה דאַרף מען פאַרשטעהן. אפילו אָהן דער מעשה'לע מיינט אונזער תורה גאָר פשוט: מאַך ניט קיין יד אחת („איין האַנד") מיט א רשע, כדי עס זאָלען שוין זיין צוויי עדות איינעם צו פאַראורטיילען.



# די פרה אדומה און דער עגל הזהב

ווען גאָט ברוך הוא האָט גערופען צו זיך משה'ן אויפ'ן הר סיני איהם איבערגעבען די לוחות און האָט זיך דאָרטען פארזאמט, איז דאָס פאָלק ניט צו־געקומען צו אהרנ'ען און געזאָגט: אהרן ברודער, משה איז אוועק, מיר ווייסען ניט וואו ער איז אהינגעקומען, פאַרנעם דו זיין פלאַץ און ווער דו אונזער פיה־רער! ניין! דאָס ניט! נאָר א קאַלב, אן אָקס אבי ניט קיין אייגענער מענש, און בפרט נאָך, אז דאָס קאַלב איז פון גאָלד, איז עס דאָך שוין געוויס א „גאָט".

# דר. י. ל. שניצער

האָבען זיך גראַד צוזאַמענגעטראָפען א „פרה אדומה" מיט אן „עגל הזהב", א רויטע קוה מיט א געלען קאַלב, אן עקזעמפּליאַר פון די צוויי עלע־מענטען וועלכע קעמפען איצט אין אונזער געזעלשאַפט.

אין מאנכע לענדער האָט די רויטע קוה באקומען די אויבערמאכט. זייערע כהנים דרש'ענען, אז זייער פרה אדומה האָט קיין „מום" און קיין פעהלער ניט אויף זיך, זי טראָגט אויף ניט קיין „עול", קיין שום רעליגיעזען יאָך אויף זיך, ווייל רעליגיע איז זעהר שעדליך פאַר'ן פּראָגרעס. רעליגיע שאפט שקלאפען און אונטערדריקער, דעריבער געהען זיי ערציהען א דור פון פרייע און ראַדיקאלע בירגער.

אין אנדערע לענדער, ווידער, האָט מען אוועקגעשטעלט דאָס געלע גאָלדענע קאלב אויף א הויכער פּלאטפאָרמע און עס פאר א גאָט געמאכט. מען בוקט זיך צו דעם, מען טאנצט ארום דעם און מען שרייט: „אלה אלהיך", דאָס איז דיין גאָט, וואָס האָט דיר ארויסגענומען פון שקלאפעריי. ווען ניט די פּאָר דאלאר, וואָלסטו נאָך היינט אויך געווען א שוסטער, א שניידער און א סטאָליער. די פּאָר דאָלאר האָבען דיך געמאכט פאר א ריעל־עסטייטניק, פאר א פילאנטראָפּ, פאר א פילאָזאָף און פאר א טאָן־געבער אין גייסטיגע ענינים.

קומט אָבער אונזער תורה און זאָגט: אז ניט די רויטע קוה, און ניט דאָס געלע קאַלב קענען היילען די וואונדען פון דער געזעלשאפט... ווייל ביידע וועגען זיינען פארגאָסען מיט בלוט און מיט טרעהרען, פארשאָטען מיט חורבות און טויטע קערפּער, קרבנות פון פארפיהרטע געדאנקען.

לאָמיר שוין נאָכגעבען, אז דער יאָך פון רעליגיע איז א פארטויבונגס־מיטעל, וואָס פארטויבט די געדאנקען פון מענשען, אָבער אזוי לאנג דער מענש געפינט זיך אונטער דעם איינפלוס, פיהלט ער זיך זעהר גליקליך. די אידעע, אז ער איז ניט עלענד, ער האָט א פריינד אין הימעל וואָס וואכט איבער איהם — דאָס אליין קרעפטיגט איהם און גיט איהם האָפענונג, אז היינט, מאָרגען, אָדער איבערמאָרגען וועט זיך זיין לעבען ענדערען און ווען חס ושלום ניט, האָט ער א יענע וועלט, וואו זיין נשמה וועט באלוינט ווערען פאר די אלע שמערצען און ליידען וואָס זיין גוף האָט געליטען.

ווען אָבער עס געפינט זיך א בהמה, וועלכע האָט קיין רעליגיעזען יאָך אויף זיך, אַזאַ פרה אדומה מוז פארברענט ווערען, ווייל די רויטע קוה

נעהמט צו די באגייסטערונג פון די מענשען און זיי האדעווען א טויטע גע־זעלשאפט.

און ווער זאל איהר פארברענען? ניט דער אלטער טאטע, דער אלטער אהרן, ווייל זיין פראטעסט וועט ניט העלפען. זיי וועלען זאגען: ער איז דער ערפינדער פון דעם „עגל הזהב". דעריבער געפעלט איהם ניט אונזער ארדענונג, נאר דער יונגער אלעזר, דער יונגער דור, וועלכער האט זיך שוין כלומר'שט ערצויגען אונטער די נייע באדינגונגען, ער וועט מאכען די „שרפת הפרה", ער וועט אנצינדען דעם פייער פון א רעוואלוציע און פאר־ברענען די פרה אדומה און מיט איהר אש רייניגען און לייטערען די פאר־פיהרטע מענשען.

וועגען די יעניגע, ווידער, וועלכע האבען דאס געלע קאלב געמאכט פאר זייער גאט, האט אונזער גרויסער משה געוויזען דאס פאלק, אין פרשה כי־תשא, דורך אן עקספערימענט ווי וויט גאלד פארדארבט א מענשען.

ער האט גענומען דאס גאלדענע קאלב און עס צומאלען זעהר דין, אריינגעשאטען די גאלד־שטויב אין וואסער און געגעבען דאס וואסער טרינ־קען דעם פאלק.

פרעגט זיך די פראגע: וואס האט משה געמיינט מיט דיזער צערעמאניע? וואס האט ער געוואלט באצוועקען דערמיט?

דער תירוץ איז: ער האט געוויזען דעם פאלק, אז גאלד, ווי דין מען זאל עס ניט צומאלען און עס אריינווארפען אין וואסער, וועט דאס גאלד אימער צום גרונד פאלען. אזוי איז אויך די מענשען, וועלכע מאכען גאלד פאר זייער גאט, פאלען גייסטיג און מאראליש צום אפגרונד.



# הכנסת כלה די פארמיטלערן צווישען בקור חולים און הלוית המת

די גמרא זאגט אונז: „אלו דברים שאדם אוכל פרותיהם בעולם הזה, והקרן קימת לעולם הבא", דאס זיינען די זאכען פון וועלכע א מענש עסט די

# דר. י. ל. שניצער

פרוכט, דעם פּראָצענט אויף דער וועלט, אבער דער קרן בלייבט אויף יענער וועלט: רעספּעקטירען טאַטע־מאַמע, גמילות חסדים, הכנסת אורחים, בקור חולים, הכנסת כלה און הלוית המת. פרעגט זיך די פראַגע: ווארום האָט דער תנא אוועקגעשטעלט הכנסת כלה צווישען בקור חולים און הלוית המת? הכנסת כלה האָט געדארפט שטעהן צווישען די פריהערדיגע אויסגערעכענטע מצוות, אבער ניט צווישען בקור חולים און הלוית המת. וואס פאַר א שייכות האָט הכנסת כלה צווישען דיביידע זאַכען?

אלס ענטפער אויף דער פראגע קען מען דערצעהלען די מעשה מיט יענע צוויי חסידים:

רב שלום דער מלמד איז געווען אן אָרעמאן אן אביון, דערצו האָט איהם נאָך דער אויבערשטער מזכה געווען מיט 4 טעכטער וואָס האָבען שוין לאנג געדאַרפט חתונה האָבען, נאָר ער האָט, נעביך, פאר זיי קיין נדן ניט געהאט.

אין דער זעלבער שטאָדט האָט אויך געוואוינט זיינער א נאָהענטער קרוב — גרשון קמצן האָט מען איהם גערופען — ער איז געווען א איד א גביר, כמעט דער רייכסטער מאַן אין שטאָדט, נאָר א געפעהרליכער קאַרגער, ער האָט קיינמאָל קיין אָרעמאַן קיין פרוטה ניט געגעבען.

רב שלום׳ס ווייב פלעגט אלץ איינ׳טענה׳ען מיט איהר מאַן, אַז ער זאָל אריבערגעהן איבעררייזדען מיט זיין רייכען קרוב, „אולי ירחם״, אפשר וועט ער זיך דאָך דערבאַרמען אויף זיי, און ארויסהעלפען זיי וועניגסטענס איין טאָכטער חתונה צו מאַכען, אָבער אזוי ווי רב שלום האָט זעהר גוט געקענט דעם כאַראַקטער פון זיין רייכען קרוב, האָט ער זיך ניט געוואָלט ערנידעריגען און נאַריש מאַכען.

איינמאָהל, פאָהרענדיג צוזאַמען אויף איין פוהר צום רבי׳ן, האָט שלום אַ טראַכט געטהאָן: לאָמיך דאָך פּרובירען רעדען מיט איהם און זיך נאַריש מאַכען! ער האָט פאַר זיין רייכען קרוב געעפענט זיין שווער ביטער האַרץ, און געבעטען איהם, אז ער זאָל איהם באָרגען הונדערט רובעל חתונה צו מאַכען וועניגסטענס איין טאָכטער, ער וועט אָברייסען יעדע וואָך א פּאָר גילדען פון זיינע שכר־לימוד געלד, און ער וועט איהם ביסלעכווייז אָבצאָהלען דעם חוב.

# מענש און תורה

גרשון קמצן איז געוואָרען שרעקליך אין כעס און האָט א געשריי געטהאָן:

„וואָס? הונדערט רובעל דיר באַרגען? וואָס מיינסטו,' ביי מיר איז א קוואַל וואו עס שעפּט זיך געלד? אָט ליגט שוין מיין ווייב איינציגע וואָכען קראַנק אין בעט, די דאָקטוירים און די רפואות האָבען מיר שוין א פאַר־מעגען אָפּגעקאָסט. ניין שלום, איך קען דיר גאָרניט העלפען. איך בין אליין איצט אויך זעהר שטאַרק פאַראייניגט!"

מיט א צובראָכענעם הארצען איז רב שלום אריין צום רבי'ן און איהם דערצעהלט זיינע צרות, ער האָט אויך דעם רבי'ן דערצעהלט, דעם געשפּרעך וואָס ער האָט געהאט מיט זיין רייכען קרוב, און געבעטען דעם רבי'ן, אז ער זאָל איהם זעהן צו העלפען.

רב שלום'ס ביטערע לאַגע, האָט דעם רבי'נס הארץ צענומען, א שווערער זיפץ האָט זיך פון זיין ברוסט ארויסגעריסען, און ער איז געבליבען זיצען א ווײלע פאַרטראַכט. ענדליך האָט זיך דער רבי צו איהם אָבגערופען:

„בלייב דאָ ביז מאָרגען, שלום, און האָב האָפענונג צו דעם אויבערשטען. ער וועט געוויס העלפען!"

ווען גרשון קמצן איז אריינגעקומען צום רבי'ן און איהם דערצעהלט זיין פעקעל צרות, זיין ווייב ליגט געפעהרליך קראנק, עס קאָסט איהם אָב א פאַרמעגען און דערוויילע זעהט ער קיין הילפע ניט, האָט דער רבי צו איהם א זאָג געטהאָן:

„פאר דיין ווייב גרשון, איז נאָר איין מיטעל פאַראַן: נעהם 4 הונדערט רובעל און גיב רב שלום דעם מלמד, אז ער זאָל חתונה מאכען זיינע 4 טעכ־טער. די מצוה פון הכנסת־כלה וועט דיין ווייב אויף די פיס שטעלען!"

„וואָס רעדט איהר, רבי?" — האָט גרשון אויסגערופען, — „4 הונדערט רובעל? דאָס איז דאָך אַ פאַרמעגען, רבי!"

„דער פארמעגען איז ניט דיינער, גרשון!" — האָט דער רבי איהם געענטפערט — „דאָס פארמעגען האָט דיר דער אויבערשטער געגעבען בלויז צו פאַרוואַלטען, און דו זאָלסט העלפען דערמיט אַנדערע. דער תנא האָט אוועקגעשטעלט הכנסת כלה צווישען בקור חולים און הלוית המת, צו ווייזען: אז די מצוה פון הכנסת כלה איז די פאַרמיטלערין צווישען בקור חולים און הלוית המת, ביזטו מקיים די מצוה פון הכנסת כלה, איז בלויז „בקור חולים".

מען ווערט קראנק, אָבער מען וועט געזונט ווערען! איז מען אָבער ניט מקיים די מצוה פון הכנסת כלה, דאן איז „הלוית המת". גרשון! דו הערסט? מען געהט נאָך א לויה!"

**דר. י. ל. שניצער**

---

# רעליגיע און נאַציאָנאַליזם

בייזערט זיך אויף מיר א נאַציאָנאַליסטישער איד און זאָגט, אז:

עס איז א גרויסע עוולה פון מיר, וואָס איך שטעל אָוועק רעליגיאָן אויף אַזאַ הויכען שטאפעל; מיר האָבען א אידישע שפראַך, אן אלטע אידישע ליטעראַטור, אן אלטע אידישע טראַדיציע וואָס בינדט אונז צוזאמען, אָבער רעליגיע איז א תפל, מען קען זיין א גוטער נאַציאָנאַליסט אָהן רעליגיע.

ווען ער האָט זיך אביסעל אָפגעקיהלט, האָב איך זיך צו איהם אָפּגערופען: אויף זייער לאַנגער וואנדערונג דורך דעם מדבר, נאָך איידער זיי האָבען געהאט א לאַנד, האָבען די אידען זיך שוין אָרגאַניזירט אין א „ממלכת כהנים" און א „גוי קדוש". א מלוכה פון כהנים און א הייליג פאָלק, דאָס איז געווען דער פלאַטפאָרם אויף וועלכער די אידען האָבען זיך אוועקגעשטעלט און די קאָנסטיטוציע וועלכע זיי האָבען אָנגענומען.

א מלוכה, אין וועלכער יעדער איד איז זיין אייגענער האַר, א פרייער מענש, צו קיינעם ניט פאַרשקלאַפט, פון קיינעם ניט אָבהענגיג, פריי צו פיהרען זיין אייגענעם לעבען און ניט זיין געצוואונגען נאָכצוקרימען אנדערע.

און א הייליג פאָלק, וואָס מוז זיך אָבהיטען פון שמוץ און אומווירדיגקייט און זיין אָבגעשיידט פון די פרעמדע מיט זייערע מידות און שעדליכע איינפלוסען.

מיט דעם פראָגראם זיינען די אידען ארויסגעטראָטען אויף דער וועלט־ביהנע אלס א פאָלק צווישען פעלקער, און אין אלע צייטען האָבען אידישע

# מענש און תורה

פיהרער געהאט אַט דעם ציעל פאר די אויגען: דורכצופיהרען אין אידישען לעבען די פּראָגראם וואָס די פאָלקס־גרינדער האָבען אָנגענומען.

אלע געזעצען, געבאָטען און פארבאָטען פון דער אידישער תורה, זיינען געשאַפען געוואָרען אויפצוהאַלטען די אידען אלס א פריי, הייליג פאָלק, וואָס זאָל לעבען רוהיג און גליקליך מיט זיינע אייגענע אידעאַלען.

שפּעטער זיינען געקומען די נביאים און האָבען נאָכגעפאָלגט די טריט פון דעם געזעצגעבער. זיי האָבען געפּרעדיגט זיינע לעהרען פאר דער אויפ־האַלטונג פון אן אידעאַליסטיש אידיש פאָלק, דעם זעלבען ציעל האָבען אויך געהאַט אונזערע נאָך שפּעטערדיגע חכמים, זיי האָבען געמאכט תקנות, געבויט גדרים און אָבצאמונגען פאר דעם צוועק, ווי עס איז דערקלעהרט געוואָרען אין אונזער תורה.

דאָס ווייזט, אז אונזערע אידישע געלערנטע האָבען געזוכט ווי ווייט מעגליך, אז רעליגיע און נאַציע זאָלען געהן צוזאַמען. כדי די אידישע נאַציע זאָל עקזיסטירען מוז אויפגעהאַלטען ווערען די אידישע רעליגיע, דערפאַר האָבען זיי זיך אָפּגעגעבען מיט רעליגיעזע פראַגען און געשאַפען רעליגיעזע תקנות, וואָס דאָס זאָל זיין די אייזערנע וואַנט צו באַשיצען די נאַציע.

„בהעלתך את הנרות”, אז דו ווערסט אָנצינדען די ליכט פון בילדונג, פון וויסענשאפט און פראָגרעס, „אל מול פני המנורה יאירו”, זאָלען זיי לייכטען אנטקעגען דער אידישער מנורה. דו מעגסט זיין א געלערענטער, א גרויסער וויסענשאפטסמאן, אָבער אין דער זעלבער צייט דאַרפסטו אויך זיין א איד. אָבער די יעניגע נאַציאָנאַליסטען אָדער סעקטאַנטען וועלכע ווילען אָבטיילען רעליגיע פון נאַציע, מאַכען א גרויסען טעות. עס איז ניט מעגליך קיין אידיש פאָלק אָהן דער אידישער רעליגיע ווי עס איז ניט מעגליך, אז א איד זאָל זיין רעליגיעז און פארלייקענען זיין אידיש פאָלק, און אויב עס זיינען פאראַן אזעלכע טשיקאווע אידען, געהען זיי סוף כל סוף פון אידען פאַרלאָרען און ווערען פאַרשלונגען פון דער ניט־אידישער סביבה.

דער באגריף פון אידישקייט שליסט איין אין זיך אי די אידישע רעליגיע, אי די אידישע קולטור, תורה און נאַציע. אידישקייט איז דער אלגעמיינער באַגריף פון אַלץ וואָס איז אידיש און וואָס עס לאָזט ניט צו קיין קאָמפּראָמיסען.

**דר. י. ל. שניצער**

ווען מען רעדט וועגען אידישקייט, מיינט מען א אידיש פאָלק, וואָס לעבט אין דעם ריינעם אידישען גלויבען, מיט רעספעקט צו אידישע טראַדיציעס און מיט א טיפען אינטערעס פאר דער אלטער אידישער קולטור און אויך פאר דער נייער.



# רעליגיע און דער באַגרעניצטער שכל

פרעגט מיך א איד א קשיא:

מילא, אין אמאָליגע פינסטערע צייטען, ווען די מענשען זיינען געווען אונגעבילדעט און יעדע ענדערונג אין דער נאַטור פלעגט זיי דערשרעקען, האָט זיך באַשאַפען אין זייער פאַנטאַזיע א געהיימע קראַפט, וועלכע זיי האָבען א נאָמען געגעבען גאָט און געמאכט דערפון א גאנצע רעליגיע, מיט מצוות און מיט מעשים טובים, אָבער אין דעם איצטיגען יאָהרהונדערט, ווען די זון שיינט אזוי העל און ליכטיג, מיר באַהערשען דעם ים, די יבשה און אפילו די לופט אויך, טאָ ווי קומט עס אז מיר זאָלען נאָכגעהן אין די זעלבע טריט פון אונזערע פרימיטיווע עלטערן?

איבערהויפט פארשטעהט ער ניט, ווי אזוי האָבען געקענט אזעלכע גרויסע געלערענטע, ווי דער רמב״ם, דער ראב״ד, רב יהודה הלוי און נאָך אזעלכע אויפגעקלעהרטע קעפּ, רעדען פון רעליגיע און נאָך זיין פרום אויך דערצו?

אלס ענטפער אויף זיין קשיא האָב איך איהם דערצעהלט די מעשה מיט יענעם משוגענעם:

צו דעם „נודע ביהודה" איז אמאָל אריינגעקומען א מאַן און צו איהם א זאָג געטהאָן:

„רבי, דער עולם זאָגט, אז איהר זייט א גרויסער צדיק און איהר קענט באַווייזען געוואלדיגע מופתים, בין איך זיך געקומען איבערצייגען צי דאָס וואָס דער עולם זאָגט איז אמת אדער ניט".

# מענש און תורה

„וואָס פאר א מופת, צוםביישפיעל, פארלאנגט איהר פון מיר?" האָט דער „נודע ביהודה" איהם געפרעגט.

„ניט קיין גאנץ גרויסען מופת", האָט דער מאַן איהם געענטפערט. „אזוי ווי מיר שטעהען דאָ איצט אויפ'ן צווייטען שטאָק, וואָלט איך וועלען אז איהר זאָלט דורכשפּרינגען דורכ'ן פענסטער און בלייבען שטעהן אויף דער ערד א לעבעדיגער".

„און אז איך וועל עס ניט טהאָן, וואָס וועט זיין?"

„דאַן וועט איהר שוין מעהר דעם עולם ניט קענען נאַרען מיט אייערע פאַלשע מופתים, איך וועל אייך מיט מיינע הענד דערשטיקען".

דער „נודע ביהודה" האָט דערזעהען אז ער האָט דאָ צו טהאָן מיט א משוגענעם, האָט ער זיך ניט פאַרלאָרען און זיך צו איהם אָבגערופען:

„מיין פריינד, שפּרינגען פון צווייטען שטאָק אויף דער ערד און בלייבען לעבען, דאָס איז גאָר קיין מופת ניט, קומט מיט מיר ארויס אין דרויסען און איך וועל אייך ווייזען א גרעסערען מופת, איך וועל פון דער ערד ארויפ־שפּרינגען אויפ'ן צווייטען שטאָק דורכ'ן פענסטער אויף דעם זעלבען פּלאַץ וואו מיר שטעהען איצט".

„גוט!" האָט דער משוגענער א זאָג געטהאָן, „איך בין צופרידען לאָמיר געהן אין דרויסען און באווייזט מיר אייער מופת".

פאַרשטעהט זיך דאָך שוין, אז ווען זיי זיינען געקומען אונטען אין גאַס, האָט מען דעם משוגענעם צוגענומען און איהם אוועקגעפיהרט אין משוגעים הויז.

אמת טאַקע, די זון שיינט און מיר באַהערשען דעם ים, די יבשה און אויך די לופט, אָבער שפּרינגען פון אויבען אַראָפּ, פון הימעל אויף דער ערד און זאָגען אז עס איז קיין זאַך ניטאָ, דארף מען קיין רעליגיע אויך ניט האָבען, דאָס קען נאָר א משוגענעם איינפאלען. אויב דו ווילסט שוין יאָ אַן איבערצייגונג האָבען, טאָ שפּרינג בעסער פון אונטען ארויף, באטראכט אונזער ערדישע וועלטעל, ווי אזוי עס איז איינגעאָרדענט און מיט וואָס פאר א הנהגה זי ווערט געפירט, דאן וועסטו קומען צו דער איבערצייגונג אז עפּעס, עפּעס איז דאָך פאראן! איי, דו פארשטעהסט עס ניט? טאָ טהו וואָס דער רמב"ם, דער ראב"ד און רבי יהודה הלוי האָט געטהאָן, ווען זיי זיינען געקומען צו אן ענין וועלכע זיי האָבען ניט פאַרשטאַנען. זיי זיינען

ניט געשפּרונגען פון אויבען ארונטער און געזאָגט אז עס איז ניטאָ, נאָר זיי האָבען געזאָגט: אז זייער שכל איז צו קליין משיג צו זיין אזעלכע הויכע ענינים.



# דער אידישער באַגריף וועגען רעליגיע

דערצעהלט מיר א איד:

ער איז שוין ניט קיין יונגערמאן און איז בטבע זעהר רעליגיעז. די אידישע שוהל און די אידישע טראַדיציעס זיינען איהם זעהר הייליג, דאָך זיינען זיינע אויפפיהרונגען אין לעבען ניט קיין רעליגיעזע. ער גלויבט ניט אין די אלע זאַכען פון א יענער־וועלט. ער גלויבט ניט אין גיהנום און גן־עדן און נאָך אזעלכע זאַכען וואָס מען שטעלט פאָר פון יענער זייט קבר.

איצט בעט ער מיך, איך זאָל איהם זאָגען: ערשטענס, ווי קומט צו א רעליגיעזער נאַטור אזא מין גלויבען און צווייטענס, וואָס איז ער? איז ער א איד אָדער ניט?

מיין פריינד! — האָב איך זיך צו איהם אָבגערופען, — דער באגריף פון רעליגיע איז ביי אידען גאַנץ אנדערש ווי ביי די מענשען פון אנדערע גלויבענס.

ביי די אַמאָליגע „חרטמי־מצרים" און ביי די שפּעטערדיגע קריסטען און מאַכמעדאנער, איז די רעליגיע געווען די הערשאפט פון אן אָרגאַניזירטען פּריסטער־שטאַנד, פון א פאַראייניגטען גלחים קלאַס, וואָס האָט בעאיינפלוסט די פּאָליטיק פון א לאַנד און קאָנטראָלירט דאָס פּריוואַט לעבען פון די גלוביגע.

ביי זיי איז רעליגיע געווען א זאַמלונג פון פאַרגליווערטע געזעצען פון וועלכע די פּריסטער האָבען זיך געהאלטען פאַר גאָט'ס ווערטער.

דערפון האָט זיך אויך גענומען די רעליגיעזע פאַרפאָלגונגען אויף די אידען, ווייל זיי די גלחים האָלטען זיך פאַר די אפּטרופּסים פון די מענשליכע נשמות און מען מוז זיי ראַטעווען.

# מענש און תורה

אַנדערש אָבער איז די אידישע רעליגיע. די אידישע תורה איז ניט עמיצענס פּריווילעגיע, זי איז פאַר אלעמען גלייך. זי זוכט ניט קיין מאַכט, נאָר זי לעהרענט די מענשען ווי צו לעבען אויף דער וועלט. קורץ, זי איז א תורה פון לעבען און איז צוגעפּאסט צום לעבען.

דערפאר איז אין דער אידישער תורה ניט דערמאָנט קיין מצוה פון גלויבען, נאָר פון לערנען און וויסען, ווייל אמונה דארף מען פיהלען. א מענשענ'ס גלויבען ליגט אין האַרצען, און אויף א זאַך וואָס עס ליגט אין האַרצען, קען מען ניט באַפוילען.

ביי די אומות העולם איז רעליגיע גלויבען, אדער איהר פארשפּילט אייער נשמה. ביי אידען אָבער איז רעליגיע אן ענין פון פארנונפט און פון שכל. א איד מוז זיין רעליגיע לערנען, אָט אין דעם ליגט די גרויסקייט פון דער אידישער רעליגיע.

אונזערע אלטע חכמים, די גרויסע אידישע לעהרער, זיינען אויך ניט געווען קלאָהר אין דעם ענין פון יענער וועלט. בן עזאי, רבי הלל, שמואל און נאָך אזעלכע האָבען אפילו געזוכט צו ערקלעהרען דעם ענין פון יענער וועלט אויף א נאַטירליכען וועג, האָבען אָבער אנדערע זיי אָבגעשטריטען. היינט אז זיי אליין זיינען ניט געווען קלאָהר אין דעם ענין, טאָ ווער קען זאָגען באשטימט, אז ער ווייסט די וועגען פון דער אייביגקייט?

קהלת זאָגט אונז: „וראיתי" איך האָב איינגעזעהן, „כי אין טוב" אז עס איז ניטאָ קיין העכערע בעסערע זאך, „מאשר ישמח האדם במעשיו" ווי א מענש זאָל זיך פרעהען מיט זיינע גוטע טהאָטען און מיט זיינע שעהנע האַנדלונגען אויף דער וועלט, „כי הוא חלקו" אָט דאָס איז זיין אויפגאבע, „כי מי יביאנו לראות במה שיהיה אחריו", דען ווער קען דיר ברענגען איבערצייגונגען וואָס שפּעטער וועט זיין אויף יענער זייט קבר?... ווייל קיינער האָט נאָך ביז איצט ניט אויפגעהויבען דעם שלייער פון די אייביגע רעטענישען פון דער וועלט.

געוועהנליך, גליקליך איז דער מענש וואָס האָט אמונה. אמונה איז א טרייסט און א רעטונג. אָבער ניט אלע באַזיצען אַזאַ מין ליכט!... אבער זאָ לאַנג איהר זייט צוגעבונדען צו אייער פאָלק און די אלע אידישע טראַ־דיציעס זיינען אייך הייליג, זייט איהר א פאָלקאָמענער איד.

דר. י. ל. שניצער

# קבלת התורה און חיוב המצוות

אונזערע חכמים זאָגען, אז דערפאַר וואָס מיר האָבען ניט אָבגעהיט די מצוות פון דער תורה, זיינען מיר פארטריבען געווארען פון אונזער לאַנד און געוואָרען וואַנדערערס. פרעגט זיך די פראגע: ווי מיר ווייסען האָט זיך דער אויבערשטער ארומגעטראָגען מיט דער תורה צווישען אלע פעלקער און קיינער האָט איהר אין האַנט ניט געוואָלט אריינגעהמען, נאָר מיר אידען זיינען געווען שעהנע מענשען און האָבען איהר יאָ גענומען. איז דערפאר הייסט עס דארפען מיר האָבען געברענטע צרות פון איהר?... נאָכ'ן שכל נאָך קומט אויס, אז עס האָט געדאַרפט זיין גראדע פארקעהרט. די אומות העולם וועלכע האָבען איהר ניט גענומען האָבען געדאַרפט האָבען די צרות, אָבער מיר אידען וועלכע האָבען די תורה יאָ גענומען, האָט געדארפט זיין וואויל ווי די וועלט, אפילו ווען מיר האָבען די תורה פאַרנאַכלעסיגט אביסעל.

אלס ענטפער אויף דער פראגע קען מען דערצעהלען די מעשה מיט יענעם קארגען גביר:

אין א געוויסער שטאָדט איז געווען א קארגער גביר וואָס פלעגט אן ארעמאן אויף זיין שוועל ניט ארויפלאָזען, אפילו ווען די צדקה־גבאים פלעג־גען אַמאָל שיקען צו איהם אן אורח מיט א צעטעל אויף שבת, פלעגט ער קיינמאָל דעם צעטעל ניט אננעהמען. האָבען די צדקה גבאים אויפגע־האַנגען א מודעה אין שוהל, אז דערפאר וואָס דער גביר נעהמט קיין אורח ניט אויף שבת, וועט ער א גאנץ יאָהר קיין עליה ניט קריגען.

דעם גביר האָט די מודעה ווייניג וואָס געקימערט, נאָר אזוי ווי ער האָט געהאַט אַ זוהן, אפילו אויך זעהר א קארגער, נאָר ער איז גע־שטאַנען אין שידוכים, האָט איהם ניט געפּאסט, אז אַזאַ מודעה זאָל הענגען אין שוהל. האָט ער ערקלעהרט דעם פאָטער, אז ער האָט אן עצה, אז קיין געלט זאָל זיי ניט קאָסטען און זיי וועלען זיך אויך ניט דאַרפען שעהמען פאַר לייטען. זיין עצה איז געווען, אז דער פאָטער זאָל אָננעהמען דאָס צעטעל פון די גבאים און געבען עסען דעם אורח א טרוקען שטיקעל ברויט.

## מענש און תורה

דער פּאָטער איז די עצה זעהר געפעלען געווארען. ער האָט געלאָזט וויסען די גבאים, אז מען זאָל די מודעה פון שוהל ארונטערנעהמען, ווייל פון היינט אָן און ווייטער וועט ער שוין נעהמען אן אורח אויף שבת.

און אזוי איז געווען. ער האָט טאַקע גענומען אן אורח אויף שבת, אבער דער אורח האָט עס, נעביך אויסגעקרענקט. מעהר ווי א פאַרדאַרטע שטיקעל ברויט פלעגט ער ניט קריגען.

איצט פרעגט זיך די פראגע: ווער האָט ערגער געהאנדעלט: דער טאַטע צי דער זוהן? דער טאַטע, אז ער פלעגט קיין צעטעל ניט נעהמען, פלעגט מען דעם אורח אוועקשיקען צו אן אנדער בעל הבית און ער פלעגט עסען שבת ווי געהעריג איז. איצט אָבער, אז זיי האָבען אָנגענומען דאָס צעטעל און הונגערען אויס דעם אָרימאן, איז זייער פאַרברעכען פיעל שווערער.

וואָלטען די אידען ניט אָנגענומען די תורה, וואָלט זייער פארברעכען ניט אזוי גרויס געווען, אָבער אז זיי האָבען אָנגענומען דאָס צעטעל און מבייש געווען די תורה, אויסגעהונגערט די אָרימע לייט און אליין געפרעסען און געטרונקען, איז זייער פאַרברעכען פיעל גרעסער געווען, ווי זיי וואָלטען די תורה אין גאַנצען ניט גענומען.

---

# יונגע און אַלטע

באַקלאָגט זיך פאַר מיר א אידישער כלל־טהוער:

ער איז דער גרינדער פון א באַקאַנטען אידישען צדקה־אנשטאלט. היינט געפינט זיך דער אנשטאלט אין א גרויסער געביידע. ער האָט איצט א גאַנצען שטאַב פון אָנגעשטעלטע און א בודזשעט פון צעהנדליגער טויזענדער דאָלאר א יאָהר, אָבער אָנגעהויבען האָט זיך דער אַנשטאַלט אין א קליינעם אָרעמען טענעמענט־הויז און די ערשטע טהוער און גרינדער זיינען געווען אָרעמע מענשען, ארבייטער און קליינע געשעפטסלייט, וואָס האָבען זיך אליין שווער און ביטער געראַנגעלט מיט זייער עקזיסטענץ.

## דר. י. ל. שניצער

זיי פלעגען קלאפּען אין די טהירען פון די איסט־סיידער און געזאַמעלט גראָשענס. מען פלעגט אומגעהן פון מיטינג צו מיטינג און אפּעלירען פאר געלד, אומגעהן פארקויפען בילעטען פאר „בענעפיטס" און אויפגעבויט אן אינסטיטוציע וואָס איז היינט גרויס און באריהמט און אפּערירט שוין מיט טויזענדער דאלארס.

„אונזערע קינדער — זאָגט ער — זיינען געקומען אויפ׳ן פארטיגען, מיר האָבען פאַר זיי אלץ צוגעגרייט, זייער ארבייט איז היינט פיעל לייכטער ווי אונזערע איז אמאָל געווען, אָבער זיי שטעהען ווייט אוועק פונ׳ם קהל׳שען לעבען, זיי טראָגען אויף זיך ניט די געזעלשאפטליכע פליכטען וואָס מיר האָבען געטראָגען.

„איצט פרעג איך אייך: וואָס וועט זיין מיט אונזערע אינסטיטוציעס און מיט דעם אידישען געזעלשאפטליכען לעבען בכלל, ווען דער אלטער דור וועט אין גאנצען פארשווינדען?"

— מיין פריינד! — האָב איך זיך צו איהם אָבגערופען — איהר האָט אָנגעריהרט א פראגע, וואָס א סך, א סך עלטערע אידישע כלל־טהוער טראַכטען וועגען דעם מיט טרויער.

יאָ, דער היינטיגער דור האָט גאָר קיין באגריף ניט, מיט וויפיעל מסירת־נפש די מעהרסטע אידישע אינסטיטוציעס זיינען אויפגעבויט געווארען און וויפיעל געוואלדיגע קרבנות דער אלטער דור אימיגראנטען האָט פאר זיי געבראכט.

אָבער דאָס איז אונזער אייגענע שולד. מיר האָבען געדאַרפט ערציהען אונזער יוגענד אין דעם גייסט פון געזעלשאפטליכקייט, מיר האָבען גע־דאַרפט איינפלאנצען אין זיי דעם באַוואוסטזיין, אז עס איז זייער הייליגע פליכט פאָרטצוזעצען און אנטוויקלען די פּיאָנערען־ארבייט פון זייערע על־טערען.

און דאָס קען נאָך היינט אויך געטהאָן ווערען, ווען די עלטערען זאָלען זיך נעהמען די מיה צוצוציהען זייערע קינדער צו געזעלשאפטליכער ארבייט און פאַראינטערעסירען זיי אין די אינסטיטוציעס, מיט וועלכע זיי זיינען פארבונדען און וואָס זיי האָבען געהאָלפען שאַפען.

ווען א פאָטער איז א מיטגליד אין אַן אנשטאלט, דארף ער זעהן, אז אויך זיין זוהן זאָל ווערען א מיטגליד און מיט דער צייט איבערנעהמען זיין אַקטיוויטעט.

די עלטערען זיינען ביי די קינדער, ביז א געוויסע פעריאָדע פון זייער לעבען, די העכסטע אויטאָריטעטען, און אויב די עלטערען ווייזען ניט דעם ריכטיגען ביישפיל פאר זייערע קינדער מיט זייערע אייגענע האַנדלונגען, קענען זיי ניט אויסאיבען אויף זיי קיין איינפלוס.

יעדע באַוועגונג מוז האָבען אין איהרע רייהען יונגע און אלטע. די אלטע זיינען די מאָרך פון דער באוועגונג און די יונגע זיינען די הענד, וועלכע פיהרען דורך זייערע פלענער. די אלטע געהען מיט'ן קאלטען רעכענונג; די יונגע מיט באגייסטערונג און פייער. קורץ, „בנערינו ובזקנינו נלך", יונג און אַלט מוזען געהן צוזאַמען, די מיינונגס־פארשידענהייט צווישען יונג און אַלט, האָט געבראכט די שפּאַלטונג פון דאָס אידישע פאָלק נאָכ'ן טויט פון שלמה המלך, די זעלבע מיינונג־פארשידענהייט צווישען די פרושים און די פריצים האָט ארייגעבראכט די רוימער אין ירושלים, און אזוי אויך נאָכ'ן חורבן האָט די זעלבע אונאייניגקייט צווישען יונג און אַלט פאָרטגע־זעצט די צעשטערענדע ארבייט אויף אויף אונזער גייסטיגען געביעט.



# די גאולה אין אידישע הענד

פרעגט מיך א איד א קשיא:

אויף דעם גלות מצרים האָט דער אויבערשטער געגעבען אברהם'ן א דאַטע, אז זיינע קינדער וועלען שקלאַפען פיער הונדערט יאָהר. דער גלות בבל האָט אויך בלויז גענומען 70 יאָהר. דער איצטיגער גלות אָבער איז עפּעס גאָר אָהן א ברעג און אָהן אן ענד. פרעגט זיך די פראגע: מיט וואָס איז דאָס אונזערע איצטיגע זינד אזוי גרויס אז מיר ליידען אָהן א רעכענונג?

אלס ענטפער אויף זיין קשיא האָב איך איהם דערצעהלט די מעשה מיט יענעם געפאנגענעם:

## דר. י. ל. שניצער

אן אַנגעזעהענער רייכער מאַן איז געווען זעהר געאַכטעט ביים קעניג. דער קעניג האָט איהם געהאלטען פאַר א הויז־פריינד און זיך מיט איהם שטענדיג מישב געווען ווי אזוי זיין מלוכה צו פיהרען.

די הויף־לייט האָבען זעהר שטארק מקנא געווען דעם רייכען מאַן, ווארום ער איז אזוי מקורב למלך, האָבען זיי געמאכט א בלבול אויף איהם, אז ער האָט געוואָלט דערמאָרדען דעם קעניג. דער בלבול איז געווען אזוי שטארק געמאכט, אז דער קעניג האָט אָהן א שום חקירה ודרישה געשיקט סאָלדאטען צו דעם רייכען מאן אהיים, אוועקגעשלעפט איהם אין געפענגניס און איהם אריינגעוואָרפען אין א פינסטערען קעלער.

דער אונגליקליכער האָט זיך געבעטען ביי די סאָלדאטען, אז זיי זאָלען איהם זאָגען אין וואָס זיין פארברעכען באשטעהט און אין וואָס ער ווערט באשולדיגט? אָבער זיי זהאָבען איהם גאָרניט געענטפערט, זיי האָבען פאר־שלאָסען די טהיר פון קעלער און איהם געלאָזען אין דער פינסטער.

פון גרויס האַרץ־קלעמעניש איז דער אונגליקליכער אריינגעפאלען אין א טיפען שלאָף און איז אָפגעשלאָפען א היבשע צייט. ווען ער פלעגט זיך שוין יאָ אמאָל אויפכאפען, האָט ער פארגעסען, אז ער איז א געפאַנגענער און ער ליגט אין א פינסטערע תפיסה, נאָר ער האָט געמיינט, אז ער ליגט אין דערהיים און עס איז נאָך נאַכט.

א צייט שפּעטער האָט דער קעניג זיך דערמאָנט אָן זיין פריינד און וועגען דעם וואָס מען באשולדיגט איהם, האָט ער ביי זיך א קלעהר געטהאָן: ער וועט צוגעהן אין דער תפיסה, רעדען מיט איהם און דערגעהן פון איהם דעם אמת וועגען זיין באשולדיגונג.

ווען דער קעניג איז ארונטער אין קעלער, איז ער גראָד אָנגעקומען אין דעם מאָמענט ווען דער געפאנגענער האָט זיך אויפגעכאפט און אויס־געשריען:

— אוי, ווי שרעקליך לאַנג עס ציהט זיך די נאַכט!

— שוטה! — האָט דער קעניג צו איהם א זאָג געטהאָן, — דו רעכענסט, אז דו ליגסט עס ביי זיך אין דערהיים? דו ביזט א געפאַנגענער אין א תפיסה און עס איז שוין עטליכע מאָל געוואָרען טאָג. דאָ אין דער פינסטער ווערסטו קיין טאָג ניט זעהן, אויב דו ווילסט זעהן דעם ליכטיגען טאָג, לעג פאָר פאר מיר דיינע טענות און איך וועל דיך פריי מאַכען.

## מענש און תורה

מיר, אידען, זיצען אין דער פינסטער און וואַרטען ביז עס וועט ווערען טאָג, אָבער דער אמת איז, אז עס איז שוין מעהר ווי איינמאָל געוואָרען טאָג, מיר האָבען שוין מעהר ווי איינמאָל געהאַט די געלעגענהייט זיך צו באַפרייען פון גלות, נאָר מיר האָבען די געלעגענהייט פארשלאָפען, פארזעהן און פאַרנאַכלעסיגט. מען האָט געקענט מיט יאָהרען צוריק דאָ אין אמעריקא באזעצען א פּאָר מיליאָן אידען, נאָר מיר האָבען די געלעגענהייט פאַרשלאָפען. עס איז אונזער אייגענע שולד!



# דער חוט המשולש אינ'ם מענשענס לעבען

רעדט זיך אויס פאר מיר א איד זיין שווער, ביטער האַרץ:

ער איז געקומען אין אמעריקא א בחור'ל פון צוואנציג יאָהר, א וואויל־לערנער און א משכיל. ער האָט זיך א נעהם געטהאָן צו ביזנעס, זיך אוועקגעלאָזען איבער די אמעריקאנער דערפלאך מיט א פּאַק סחורה און די הצלחה איז איהם בייגעשטאַנען. ער האָט געעפענט א סטאָר אין א געוויסע שטאָדט, דאָס געשעפט האָט זיך פאַרנאַנדערגעוואקסען און ער איז געוואָרען א רייכער מאַן.

ער האָט חתונה געהאט מיט א קלוגער און שעהנער מיידעל, וועלכע איז געוועזען א פאַרקויפערין אין זיין דעפּארטמענט סטאָר. זי האָט איהם געבוירען דריי קינדער — צוויי זיהן און א טאָכטער. ער האָט זיי געגעבען די בעסטע ערציהונג לויט זיין שטאַנד נאָך. קורץ, ער איז געווען גליקליך און פּראָמינענט און אלע האָבען איהם מקנא געווען.

פערציג יאָהר האָט ער געארבייט ביז ער האָט אויפגעבויט זיין גרויסען פארמעגען און זיין גרויסען נאָמען. דאן איז געקומען דער קריזיס און האָט פון אַלץ א תל געמאַכט. זיין פאַרמעגען, וואָס ער האָט געהאַט אין היעל־עסטייט און אין ווערט־פּאַפּירען, איז פארלאָרען געגאנגען. זיין דעפּארטמענט סטאָר האָבען די קרעדיטאָרען צוגענומען, און ער איז געבליבען נאָך אָרימער ווי ווען ער איז געקומען דאָ אהער א גרינער.

# דר. י. ל. שניצער

זיינע צוויי זיהן זיינען אנטלאָפען און ער ווייסט ניט וואו זיי זיינען אַהינגעקומען. זיין טאָכטער האָט חתונה געהאט מיט א קריסט, פאר וועלכען זי לעבט זעהר אומגליקליך. ער און זיין ווייב וואוינען איצט אין א פינסטערען צימערעל און לעבען פון דאָס ביסעל צירונג, וואָס זיין ווייב האָט געהאט פון די גוטע צייטען. אלע פאָר וואָכען פארקויפט זי א שטיקעל צירונג און זיי לעבען דערפון. באַלד אָבער געהט שוין דאָס אויך אויס.

די לעצטע צייט איז איהם ארויף אויפ׳ן געדאנק זעלבסטמאָרד צו באַגעהן, אַן ענדע מאכען פון דעם טרויעריגען לעבען און פארטיג, אָבער ווען עס קומט דערצו, ערשיינט פאר זיינע אויגען אונזערע חכמים׳ס ווערטער: „המאבד עצמו לדעת אין לו חלק לעולם הבא״, דער וואָס באַגעהט זעלבסטמאָרד, האָט ניט קיין חלק לעולם הבא. די וועלט זיינע איז שוין כמעט ווי א פארשפילטע, זאָל ער נאָך די האָפענונג אויף יענער וועלט אויך פאַרשפילען?

ווען ער האָט געענדיגט, האָב איך זיך צו איהם אָפּגערופען:

— מיין פריינד, אפילו אין די אייביג־וואַרעמע לענדער זיינען דאָ טעג, ווען דער הימעל באַדעקט זיך מיט בלייענע וואָלקענס, וואָס לאָזען ניט דורך קיין שטראַהל ליכט פון דער זון, אין אזעלכע טעג פיהלען זיך די מענשען שווער, אומעטיג און קאלעמוטנע אויפ׳ן הארצען, אז מען געפינט זיך פשוט קיין אָרט ניט, מען וואָלט וועלען אנטלויפען פון זיך אליין.

סיידען די זון רייסט זיך אויף א ווייל ארויס פון איהר וואָלקענדיגען צודעק, ווייזט דער וועלט איהר ליכטיגען פּנים און טהוט א גלעט מיט איהרע ליבליכע שטראהלען, ווערט מען אביסעל אויפגעמונטערט, פרעהליך און צופרידען, אָבער גאָר אָפּט הענגען די וואָלקענס איבער אונזערע קעפּ א טאָג נאָך א טאָג, און די מענשען געהען ארום ווי אונטער דער וואַנד, פאַרזויערטע און פאר׳מרה־שחורה׳טע.

און דאָך ווייסען אלע, אז הינטער דעם וואָלקען־שלייער שיינט די זון שטענדיג, און אז א טאָג פריהער צי א טאָג שפּעטער, וועט זי זיך צו אונז ווידער באווייזען אין איהר פולען גלאַנץ, ווייל די זון ווערט קיינמאָל ניט פאַרלאָשען. זי שיינט אייביג, טאָ פארוואָס פיהלען מיר זיך אזוי ענטוישט און אומגליקליך ווען א פאַרבייגעהענדער וואָלקען פאַרשטעלט פאר א ווייל די אייביגע זון?

## מענש און תורה

איבער דעם הימעל פון יעדען מענשען טראָגט זיך אויך גאנץ אָפט אריבער א וואָלקען, בייזע צופאַלען, זאָרג, הארצוועהטאָג און סתם צרות. ווער איז פון זיי אויסגעהיט? ביי קיינעם געהט ניט דאָס לעבען ווי א מזמור. אָבער די פארדרוסען, דער גערודעל און די קלעפּ פון שיקזאל, זיינען בלויז פאַרבייגעהענדע, הינטער די וואָלקענס פון די מענשליכע צרות, שיינט די ליכטיגע ווארעמע זון פון לעבען, אָבער מען דאַרף פארשטעהן ווי אָבצושאַצען די ווערדע פונ׳ם לעבען.

אין פרשה תרומה האָט דער אויבערשטער געהייסען מאכען משה׳ן „כרובים״ אויפ׳ן ארון קודש, און די כרובים זאָלען באזיצען דריי וואונ־דערבארע אייגענשאפטען: 1) פורשי כנפים למעלה, 2) סוככים בכנפיהם על הכפרת, 3) ופניהם איש אל אחיו. זיי זאָלען אויסשפרייטען זייערע פליגלען אין דער הויך, האָבען האָפנונג צו דעם אויבערשטען, פארדעקען דעם כפרת מיט זייערע פליגלען, באשיצען דעם אידישען אידעאַל, די אידישע תורה, און די געזיכטער געקעהרט איינער צום צווייטען, אחדות און ליבע צו זיינע מיטמענשען.

האָפנונג, אידעאַל און ליבע. דאָס זיינען די דריי אויפגאבען וואָס א מענש דאַרף האָבען אין זיין לעבען. און דער מענש וועלכער באַזיצט דעם גאָלדענעם „חוט המשולש״, דער קען קיינמאָל ניט פארצווייפעלט ווערען.



## די בוכפיהרונג איבער אונזערע מעשים

דוד המלך זאָגט אונז: „ד׳ יספר בכתוב עמים״, דער אויבערשטער וועט צעהלען מיט דעם שריפט פון די פעלקער. פרעגט זיך די פראגע: מיר האָבען דאַכט זיך א העברעאישע שריפט און א העברעאישע צאָהל ציפער, טאָ ווארום דארף זיך דער אויבערשטער באַנוצען מיט אנדערע שריפט און ציפער?

אלס ענטפער אויף דער פראגע קען מען דערצעהלען די מעשה מיט חיים׳קע בערעל דעם חסיד׳ס:

## דר. י. ל. שניצער

רב בערעל איז געווען דער רייכסטער פלאַקס־הענדלער אין דעם גאנצען געגענד ארום. ער איז געווען זעהר א פרומער איד און נאָך א פארברענטער חסיד דערצו. אלע זיינע שווערע אויפגאבען, סיי אין מסחר און סיי אין זיין פריוואַט לעבען, פלעגט דער רבי מוזען לייזען, און ווי דער רבי פלעגט זאָגען, אזוי פלעגט זיין.

איין־איינציגען זון האָט ער געהאט מיט'ן נאָמען „חיים'קע", געדונגען פאר איהם די בעסטע מלמדים, געשיקט איהם אין פארשידענע ישיבות און איהם געוואָלט מאכען פאר א רב. אָבער עס איז ניט געגאנגען. האָט דער פאָטער איהם צוגענומען צו זיך אין געשעפט און איהם דערלערענט הלכות מסחר.

די ערשטע צייט, ווען חיים'קע איז נאָך געווען אונטער דעם פאָטער'ס רשות, פלעגט ער נאָך כלומרשט אָבהיטען אידישקייט, לייגען תפילין און דערפריה און דאַווענען מנחה און מעריב, אָבער וואָס עלטער ער איז געוואָרען, אלץ פרייער און פרייער איז ער געוואָרען, ביז ער האָט אויפגעהערט אפילו תפילין צו לייגען.

דער פאָטער האָט געפרובירט רעדען צו איהם מיט גוטען און מיט בייזען, אָבער עס האָט ניט געהאָלפען. איז רב בערעל אוועק צו זיין רבי'ן, געעפענט פאר איהם זיין שווער ביטער הארץ און איהם געבעטען, אז ער זאָל זעהן עפּעס וואָס צו טהאָן וועגען דעם.

דער רבי האָט בערלען בארוהיגט און געשיקט רופען חיים'ען צו זיך, און ווען ער איז געבליבען מיט איהם אליין, האָט ער איהם א פרעג געטהאָן:

— זאָג מיר דעם אמת חיים'קע, ווארום האָסטו אויפגעהערט צו לייגען תפילין ?...

— ווייל איך קען ניט זיין קיין היפּאָקריט רבי! האָט חיים'קע איהם געענטפערט, — איך בין זעהר באשעפטיגט, און אז איך פלעג אָנטהאָן די תפילין, איז מיין קאָפּ גאָר געלעגען אין געשעפט. די ליפּען פלעגען מורמלען, אָבער עס איז געווען אָן כונה גאָר סתם געמורמעלט אין דער וועלט אריין. האָב איך ביי זיך באשלאָסען, איידער צו דאַווענען אָהן כונה, איז בעסער גאָרנישט צו דאַווענען.

דער רבי האָט איהם מיט א שמייכעל אויסגעהערט און זיך צו איהם אָבגערופען:

— הער אויס מיין זוהן, דוד המלך זאָגט אונז: „ד׳ יספר בכתוב עמים״, דער אויבערשטער וועט צעהלען מיט דעם שריפט פון די פעלקער. פרעגט זיך די פראגע: האָבען מיר דען ניט אן אייגענע שריפט און אייגענע ציפער? נאָר דער תירוץ איז: אין העברעאיש זיינען אלע ציפער פאראן, נאָר קיין „נול״ האָבען מיר ניט, אז מען דארף האָבען א נול, מוזען מיר אָנקומען צו א פרעמדע שפראַך. ווען א איד לייגט תפילין און דאַווענט מיט כונה, פארשרייבט דער אויבערשטער אין זיין בוך אן איינס, ווען איינער טהוט אָן תפילין און דאַווענט אָהן כונה, טראַכט זיך דער אויבערשטער, קיין איינס קען ער איהם ניט געבען, ווייל ער האָט געדאווענט אָהן כונה, גאָרנישט פארשרייבען אין זיין בוך קען ער אויך ניט, ווייל ער האָט דאָך יאָ אָנגעטהאָן תפילין, גיט איהם דער אויבערשטער א נול, און אזוי ווי קיין נול האָבען מיר ניט אין אונזער שריפט, מוז ער אָנקומען צו דעם „כתוב עמים״.

אָבער אז דו, חיים׳קע, לייגסט גאָר קיין תפילין ניט, קען מען דאָך אויף דיר אפילו קיין נול אויך ניט שרייבען.



# דער געזאַנג איבער אַלע געזאַנגען

רב ישראל האָט שוין, גאָט צו דאַנקען, אָפּגעקיניגט און האָט אוועקגע־לעגט זיין קעניגליכע קרוין אין דעם אַלטען האָפּנונג קעסטעלע, מיט דעם אויסגעשריי: „לשנה הבאה בירושלים״. איצט האָט ער זיך גענומען פאַרטיפען אביסעל אין פּאָעזיע און קוויקט זיך מיט דעם פריהלינגס־ליעד, וועלכער רופט זיך „שיר השירים״, א פּאָעמע וועלכע רעדט פון וואַלד, פעלד, בלומען און ליבע.

„שטעה אויף, מיין געליבטע, מיין שעהנע, קום לאָמיר געהן, דער ווינטער איז אריבער, די קאַלטע רעגענס זיינען אוועק, די שפּראָצונגען זעהען זיך שוין אין לאַנד, דער זינג־פויגעל קומט צוריק, די טירטעל־טויבען לאָזען זיך שוין הערען, דער פייגענבוים בליהט, דער וויינשטאָק צוויטעט, זיי גיבען ארויס א פארפיום ריח. קום געליבטע, שעהנע מיינע,

## דר. י. ל. שניצער

טייבעלע זיסע, דו זיצסט באַהאַלטען אונטער די פעלזען. איך בעט דיך טייערע, לאָמיך דיר אָנקוקען. לאָז מיך הערען דיין שטים, ווייל דיין שטים איז זיס און דיין געזיכט וואונדערבאר שעהן".

יאָ, קיין שעהנערע פאָעמע צו באגעגענען דעם פריהלינג קען גאָר ניט זיין! און אונזערע אלטע אידישע חכמים, וועלכע האָבען אונז געהייסען לייענען פסח שיר השירים, האָבען גאנץ גוט פארשטאנען דעם גייסט פון דעם פריהלינגס־ליעד, וועלכער מורמעלט מיט האָפנונג און טרייסט און מאכט טאנצען די נשמה, ווייל דער וואָס האָט א געפיהל פאר בלומען, דער האָט א געפיהל פאר זיין גאָט, און אין ערגעץ פיהלט ניט א מענש אזוי לייכט אויפ׳ן האַרצען און אזוי געטרייסט, ווי אין דער ערוואַרבענער נאַטור צווישען בלומען.

מען דאַרף ניט זוכען קיין סודות און קיין רמזים אין שיר השירים, ווען מען טראַכט זיך נאָר דאָרטען גוט אריין, קען מען געפינען דאָרטען די העכסטע אידישע מאָראַל, די געטרייקייט צווישען מאַן און פרוי, א ליבע וואָס „מיט א סך וואַסערען קען מען ניט פאַרלעשען און מיט א גאנצע שטוב מיט אוצרות קען מען זי ניט קויפען", א ליבע וואָס ווערט ניט אָפּגעקיהלט און אויסגעוועפּט.

מיר געפינען אין שיר השירים די ריינקייט פון דער משפחה, אויף וועלכער עס האלט זיך דאָס גליק פון דעם גאנצען פאָלק, א פאָלק קען ניט זיין גליקליך אָהן דעם גליק פון איהרע משפחות, און דאָס גליק פון דער משפחה הענגט אָפּ פון די טרייקייט און איבערגעבענהייט פון איהרע אויפ־בויער.

מען געפינט אין שיר השירים, ווי דאָרטען ווערט פאַרדאַמט די אויסגעלאַסענהייט, די צולאָזענקייט, דער פאַרשווענדערישער לוקסוס און די פאַר־דערבליכע ווירקונג פון דעם ווילדען לעבען.

גרעץ און אַנדערע געלעהרטע דענקען, אז ערב די חשמונאים׳ס צייט האָבען די אידישע חכמים געפונען פאר נויטיג באקאנט צו מאַכען צווישען דעם פאָלק דעם שיר השירים, ווייל אין קיין אַנדער צייט האָבען די אידען זיך ניט גענויטיגט אזוי שטארק אין א שארפע לעקציע וועגען אידישע מאָראל, וועגען אידישער טהרת המשפחה, ווי אין יענער צייט.

# מענש און תורה

זיי האָבען געוואָלט אוועקשטעלען די אידישע זיטליכקייט, געגען דער גריכישער אויסגעלאַסענהייט, די ריינע עהרליכע ליבע, געגען דער בעסטיאַ־לישער תאוה, דעריבער האָבען זיי דעם שיר השירים געעפענט פאַר דעם פאָלק.

רבי עקיבא זאָגט אונז, אז די גאנצע אייביגקייט איז ניט אזוי פיעל ווערטה, ווי דער טאָג ווען עס איז די אידען געגעבען געוואָרען דער שיר השירים, ווייל דער שיר השירים איז דאָס הייליגסטע פון אלע שריפטען.

און ווער האָט נאָך אזוי פיעל געוואוסט די גרויסקייט פון א ריינע הייליגע ליבע ווי אונזער גרויסער רבי עקיבא?

ווען ניט זיין געטרייע ווייב, די צארטע אידישע טאָכטער, וואָס האָט זיך אָפּגעזאָגט צוליעב איהם פון איהר פאָטער׳ס רייכטימער און האָט יאָה־רען לאַנג געלעבט אין אָרימקייט און אין עלענד, ווען ניט זיין געטרייע ווייב וואָס האָט צוליעב איהם אזוי פיעל געליטען, וואָלט ער ניט געוואָרען דער גרויסער רבי עקיבא. איהר אמת׳ע, ריינע, הייליגע נשמה ליבע האָט איהם צו דער הויכער שטופע געבראכט, דעריבער איז דער שיר השירים ביי איהם אזוי טייער און הייליג געווען.

שיר השירים, דו געזאנג איבער אלע געזאנגען, אין דיר אָטעמט דער ריח פון רויזען און בלומען, אין דיר שפּיגעלט זיך אָפּ דער ריכטיגער קאָליר פון דעם בלויען הימעל און די זיסקייט פון נאַטור׳ס ריינע און באגייסטערטע ליבע, קיין וואונדער ניט וואָס דו ביזט קודש קדשים!... דו ערמוטיגסט די שוואכע און פלאַנצסט האָפנונג און טרייסט אין די הערצער פון די פאַרצווייפעלטע, אז פון זייער שווערען ווינטער קען א שעהנער פרילינג קומען.

⁂

שיר השירים אשר לשלמה:

אָבוואָהל עס שטעהט ניט שלמה המלך, אדער שלמה בן דוד, נאָר סתם אשר לשלמה, האָט אָבער דער שיר השירים ביים עולם אזוי שטארק אויס־גענומען, אז מען האָט א זאָג געטהאָן: „ישקני מנשיקות פיהו״, דאָס איז ווערטה צו קושען.

## דר. י. ל. שניצער

ביים ספר קהלת אבער, וואו דער מחבר איז געקומען צום עולם מיט שטראָף־רייד, אָבוואָהל דאָרטען שטעהט שוין דעם מחבר׳ס גאַנצע יחוס, בן דוד און מלך בירושלים, האָט איהם אָבער דער עולם אויפגענומען זעהר קאַלט און א זאָג געטהאָן: „הבל הבלים אמר קהלת״, ער רעדט אין גאַנצען נאַרישקייט.



# דער פאַטער אין הימעל פאַרשטעהט אונז

שלמה זאָגט אין שיר השירים: „הביאני אל בית היין ודגלו עלי אהבה״, מיין געליבטער האָט מיך געבראַכט אין א וויין־הויז און האָט מיך מיט זיין פאָהן באַשיצט. זאָגט דער מדרש: „אל תקרי דגלו אלא דלוגו״, רוף ניט זיין פאָהן, נאָר זיין איבערהיפּען, אפילו זיין איבערהיפּען איז אויך געוועזן מיט ליבע. פרעגט זיך די פראַגע: פאַרוואָס פאַסט ניט דעם מדרש דאָס וואָרט דגלו ?... מיט וואָס איז דער וואָרט דלונו שעהנער ?

אלס ענטפער אויף דער פראַגע קען מען דערצעהלען די מעשה מיט יענעם רב:

א מתנגד׳ישער רב האָט זיך געוואָלט באַקאָנען מיט דער חסידישער התנהגות, איז ער געקומען אין קלויז וואו רבי לוי יצחק בערדיטשעווער האָט געדאווענט און האָט געזעהן ווי די חסידים לויפען ארום איבער׳ן קלויז הין און צוריק, אין טלית און אין תפילין אָנגעטהאָן און מען דאווענט היילענדיג, כאַפּענדיג און שלינגענדיג די ווערטער, די תפילות קומען ארויס צודרעהט און צוקריפּעלט, און איידער וואָס ווען, האָט מען שוין אָפּגעדאַווענט און מען מאכט שוין א שנעפּסעל.

פאַרדריסט עס דעם רב זעהר שטאַרק, סטייטש ? די רופען זיך דאָס חסידים ?... אָפּגעמורמעלט און צוקאַליעטשעט א פּאָר תפילות און שוין אָפּגעדאווענט ?...

געהט ער צו, צו עטליכע מתפללים און זאָגט צו זיי:

— שעהמען דארפט איהר זיך! — דאָס הייסט ביי אייך געדאווענט ? איבערגעהיפּט גאַנצע שטיקער און געזאָגט באַ־בא און וואַ־וואַ!

## מענש און תורה

קוקען איהם די אידען אָן פאר'חידוש'ט, הויבען מיט זייערע פלייצעס און טראַכטען ביי זיך, אז דער פרעמדער רב איז משוגע געוואָרען, דער רב אָבער האָט געהאלטען אין איין מאכען די זעלבע העויות, באַ־בא און וואַ־וואַ, ביז ער איז ארויס מיט לשון און צו זיי געזאָגט, אז זיי האָבען גערעדט צום רבונו של עולם צוהאַקטע ווערטער, אזוי ווי אַ קליין קינד וואָס קען ניט רעדען.

רבי לוי יצחק, וועלכער האָט צוגעקוקט פון וויטען די גאנצע סצענע, איז צוגעגאנגען צום רב און האָט מיט א שמייכעל צו איהם געזאָגט:

— נעמט ניט פאר אומגוט, מיין טייערער רב, דער מדרש זאָגט אונז אויף דעם פסוק, „ודגלו עלי אהבה, אל תקרי דגלו אלא דלוגו", איבער־היפען, פרעגט זיך די פראגע, פארוואָס עפעס דלוגו איבערהיפען?... נאָר דער תירוץ איז, אז דער אויבערשטער האָט אונז אזוי ליעב, אז אפילו דלוגו, ווען מיר היפען איבער שטיקלאך דאוונען, איז דאָס איהם אויך אָנגעלעגט.

— איהר האָט ווידער באמערקט, אז זיי זיינען ווי א קליין קינד וואָס קען ניט רעדען, דאָס זעהט איהר האָט איהר גאַנץ ריכטיג געזאָגט. מיר אידען זיינען טאקע „בנים למקום" דעם אויבערשטענס קינדער, און ווען א קינד ליגט אין וויגעל און מאכט באַ־בא און וואַ־וואַ, איז קיין פרעמדע טאַקע פארשטעהען איהם ניט, אבער ווען טאַטע־מאַמע געהען צו, פארשטעהען זיי תיכף וואָס דאָס קינד וויל.

מיר אידען זיינען אויך דעם אויבערשטענס קינדער, און דער טאַטע אין הימעל פאַרשטעהט אונז אפילו ווען מיר מאכען באַ־בא און וואַ־וואַ!

## יוגענד און אַלטקייט

קומען צו מיר איניגע יונגע לייט מיט דער פאָלגענדער פראגע:

ביי א פריינד אין הויז האָבען זיי געטראָפען א פרוי פון א יאָהר 54, וועלכע האָט אויף זיי זעהר א שטארקע ווירקונג געמאכט.

# דר. י. ל. שניצער

אַכט קינדער האָט די פרוי אויף דער וועלט געבראַכט און אלעמען חתונה געמאַכט, דאָך אָבער האלט זי זיך נאָך אזוי יונג און אָנציהענד, אז מען מוז זי באַוואונדערען. זי איז פול מיט לעבען און אינטערעסירט זיך אין יעדער זאַך, פונקט ווי מיר, יונגע.

ווען זי איז אוועקגעגאנגען, האָט זיך אָנגעהויבען ביי אונז א דעבאטע: „ווען הויבט אָן א מענש אַלט צו ווערען?"

זיי האָבען א לאַנגע צייט דעבאטירט און צו קיין באשלוס ניט געקומען, איז ביי זיי געבליבען זיך צו ווענדען צו מיר און הערען וואָס איך האָב צו זאָגען וועגען דעם.

— מיינע פריינדע! — האָב איך זיך צו זיי אָפּגערופען, — א באוואוס־טער דאָקטאָר, מיט'ן נאָמען וויליאם אסלער, איז אמאָל איינגעלאדען גע־וואָרען צו א באנקעט אין לאָנדאָן. אין זיין רעדע האָט ער געזאָגט, אז א מענש נאָך פערציג יאָהר דאַרף כלאָראָפאָרמירט ווערען, ווייל ער איז שוין נוצלאָז. די בעסטע ארבייט האָט ער שוין אָפּגעטאָן און קען שוין מעהר קיין נוצען ניט ברייגנען.

איז אָבער געקומען דער גרויסער וויסענשאפטסמאן, וואָלטער ב. פיטקין, און האָט באהויפּטעט, אז מענשען הויבען אָן ווירקליך צו געניסען פונ'ם לעבען ערשט נאָך פערציג יאָהר. ער ווייזט אָן אין זיין בוך, אז ביז פערציג יאָהר זאַמעלט א מענש אָן כחות און ערפאהרונג, וואָס ברייגען איהם גרויסע נוצען אויף די שפּעטערדיגע יאָהרען. ביז פערציג יאָהר פארזייהט דער מענש זיין פיזיש און גייסטיג פעלד, פון וועלכע ער הויבט אָן ערשט נאָך פערציג יאָהר צו באקומען זיינע פרוכטען.

ער ווייזט ווידער אָן, אז די וויכטיגסטע פּאָעטישע ווערק, די וויכטיגסטע ערפינדונגען אויף אלע געביטען פון אונזער ציוויליזאציע, זיינען געמאכט געוואָרען פון מענשען אריבער פערציג יאָהר.

דעריבער קען מען ניט זאָגען אויף אזעלכע מענשען, אז זיי זיינען אלט און ברייגען שוין מעהר קיין נוצען ניט אויף דער וועלט, ווען זיי ווייזען ארויס די שטארקסטע קראַפט פון זייערע געדאנקען און די מוטיגסטע טהאַטען אין זייער לעבען.

ווען זשע ווערט דאָך א מענש אלט?

# מענש און תורה

דער תירוץ איז, אז ניט אלע מענשען ווערען אַלט אין די זעלבע יאָהרען. יעדער מענש איז א קאָמפּליצירטע מאַשין, וואָס באשטעהט ניט בלויז פון איין סאָרט מאַטעריאל, נאָר פון עטליכע מאַטעריאלען, פיזישע און גייסטיגע. א מענש קען זיין פיזיש אַלט און גייסטיג יונג, און אויך פאַר־קעהרט.

דר. אסלער האָט גערעדט פון קערפּער, פון פיזישער קראַפט, אז ביי פערציג יאָהר דערגרייכט א מענש זיין שטאַרקסטע קראַפט. א באוויז האָבען מיר, אז די בעסטע פּרייז־פייטערס, די בעסטע באָל אָדער טעניס שפּילער, זיינען אלע יונגע מענשען. נאָך פערציג יאָהר הויבען אָן ביי א סך מענשען די מוסקולען און די נערוועז צו ווערען שוואכער. דאָס מיינט אבער ניט, אַז נאָך פערציג יאָהר פאַרלירט א מענש זיין מעגליכקייט זיך צו באַנוצען מיט זיינע חושים און ארויסווייזען זיינע פעהיגקייטען, ווי ער האָט ארויס־געוויזען צום ביישפּיעל צו פינף און צוואנציג יאָהר. דער פּראָצעס פון אונטערגאַנג געהט אָן ביי א געזונטען מענשען זעהר לאַנגזאַם. די נאַטור, ווידער, וואָס נוצט אָפּ זיין ענערגיע און פארניכטעט זיינע לעבענס־צעלען, שאַפט אויך אַנדערע אויף זייער פּלאַץ, נאָר וואָס עלטער א מענש ווערט, אלץ לאַנגזאַמער טהוט די נאַטור איהר צוריקבויאונג־ארבייט, דעריבער ווערט אַן עלטערער מענש שוואַכער און שוואַכער.

גייסטיג אָבער קען א מענש זיין צו זעכציג יאָהר פיעל שטארקער ווי ער איז געווען צו דרייסיג יאָהר. די וויסענשאַפט האָט באוויזען, אז דער מאַרך איז דער איינציגער אָרגאַן אינ׳ם מענשליכען קערפּער, וואָס ווערט ניט אַלט, און וואָס מעהר מען נוצט איהם, אלץ שארפער און שטארקער ווערט ער.

א מענש, וואָס נוצט ניט זיין מאַרך און לעבט ווי א בהמה, הויבט אָן צו ווערען גייסטיג אַלט אין די פערציגער יאָהרען. א מענש אָבער, וואָס דענקט און נוצט זיין מאַרך, ווערט בלויז פיזיש אביסעל שוואַכער נאָך די פער־ציגער יאָהרען, אָבער ער ווערט ניט אַלט.

קורץ, קיין מענש ווערט ניט אַלט, ווען ער איז געזונד אין קערפּער און רייך אין גייסט. דעריבער איז שוין קיין וואונדער ניט וואָס די פרוי איז צו פיער און פופציג יאָהר אזוי אַנציהענד און אינטערעסאנט, ווייל זי האָט ווארשיינליך געקוקט אויפ׳ן לעבען אביסעל מעהר פילאָזאָפיש. זי האָט

זיך ניט אויסגעלעבט... זי האָט ניט געררויכערט, ניט געטרונקען, ניט גע־שפּילט אין קאָרטען און נאָך אזעלכע זאַכען וואָס רואינירען דאָס געזונד. דערצו באַזיצט זי נאָך געוויס אביסעל גייסט אויך. אָט די אלע זאכען האַלט איהר יונג און אנציהענד.



# ווען דער יצר טוב פאַרבלאָנדזשעט

פרעגט מיך א איד א קשיא:

ער איז אפילו בעצם ניט אַזאַ צאַצקעדיגער איד. ער ארבייט, צום ביישפּיל, שבת און טהוט אזעלכע זאַכען וואָס א ריכטיגער פרומער איד וואָלט עס ניט געטאָן, דאָך אָבער, ווען עס איז געוואָרען אין ניו יאָרק א טומעל וועגען די כשרות פראגע, האָט עס איהם זעהר שטארק פארדראָסען, סטייטש, פאַרוואָס זאָל ער ניט האָבען פאר זיינע פאָר סענט קיין ריכטיגע כשרות? האָט ער זיך אוועקגעזעצט און אויסגעארבייט א פּלאַן ווי אזוי די כשרות־פראַגע זאָל געשליכטעט ווערען. נאָר ווען ער איז געקומען מיט זיין פּלאַן צו א געוויסען רב, האָט דער רב איהם מיט א שמייכעל אויס־געהערט און געזאָגט צו איהם: „איך וועל נאָכדענקען אייער פּלאַן", און ביז היינטיגען טאָג האָט דער רב זיין פּלאַן קיין ברעקעל אויפמערקזאמקייט ניט געשאָנקען. פרעגט זיך די פראגע: ווי קומט עס וואָס דער רב האָט זיך אזוי קאַלט באנומען צו איהם?

אלס ענטפער אויף זיין פראגע, האָב איך איהם דערצעהלט די מעשה מיט דעם יצר־טוב׳ס סטרייק:

צו רב וועלוועלע, דעם ווילנער שטאָדט־מגיד, איז געקומען דער ווילנער צענזאָר, הערר טונענטאל, מיט א בוך אין האנד און איהם דערצעהלט, אז ער געהט גרינדען א כשר׳ע קיך פאר די אידישע סטודענטען, וועלכע געהען אין די „שקאָלעס", און האָט פארלאנגט, אז רב וועלוועלע זאָל זיך דער ערשטער חתמ׳ענען אין בוך.

— איך וועל אייך דערצעהלען א מעשה, — האָט רב וועלוועלע צו איהם געזאָגט. — און פון דער מעשה וועט איהר פארשטעהן, ווארום איך קען

מיך אין אייער בוך ניט חתמ׳ענען. „דער יצר־טוב איז אמאָל געקומען צו בית דין של מעלה און געזאָגט, אז ער וויל זיך ענטזאגען פון זיין שטעלע. איז געוואָרען א גרויסער רעש אין הימעל: סטייטש, אָהן דעם יצר־טוב וועט דאָך דער יצר־הרע חרוב מאכען די וועלט!״

— ווארום ווילסטו זיך ענטזאגען פון דיין שטעלע? — האָט דער יושב ראש איהם א פרעג געטאָן.

—איך וועל אייך זאָגען, — האָט דער יצר טוב איהם געענטפערט, — אַמאָליגע צייטען, ווען איך האָב א אידען אָנגעמוט צו טאָן א מצוה, האָט ער מיך גלייך צוגעהערט. היינט אבער לויף איך ארום א גאנצען טאָג, רייד און רייד און מען הערט מיך ווי אין טראָק.

— מיר וועלען דיר פארגרינגערען די ארבייט, — האָט דער יושב ראש צו איהם געזאָגט. — אין יעדער שטאָדט וועלען מיר באַשטימען א רב אָדער א מגיד, וואָס וועט דיר ארויסהעלפען. אז דו וועסט האָבען עפּעס א וויכטיגע זאַך, וועסטו מעהר ניט דארפען ארומלויפען צו יעדען איינעם, דו וועסט פארלייגען דיין ענין פאר דעם רב אדער פאר דעם מגיד און ער וועט שוין איבעררייידען מיט׳ן פאָלק.

— איהר פארשטעהט, הערר טונענטאל? — אָט דאָס איז די אויפגאבע פון א רב אָדער פון א מגיד. זיי זיינען דעם יצר טוב׳ס חברים. ווען דער יצר טוב האָט עפּעס א דבר מצוה, קומט ער צו מיר אפילו אין מיטען דער נאַכט. ער קען מיך שוין איבער דרייסיג יאָהר און ווייסט זעהר גוט מיין וואוינונג. אָבער איך קען בשום אופן ניט פארשטעהן, ווארום דער יצר טוב האָט היינטיגען מאָל פאַרבלאָנדזשעט צו אייך?



# זכות אבות און אייגענע פאַרדינסטען

משה רבנו זאָגט צו די אידען: „רק באבותיך חשק ד׳ לאהבה אותם ויבחר בזרעם אחריהם בכם מכל העמים״ — איהר אליין זייט גאָרניט ראוי געווען צו זיין דעם אויבערשטענס אויסדערוועהלטע פאָלק, נאָר ווייל ער האָט זעהר שטארק ליעב געהאט אייערע עלטערען, דעריבער האָט ער אייך אויסגעקליבען

# ד״ר. י. ל. שניצער

פון אלע פעלקער. דאָס הייסט, אז מיט אונז אליין וואָלט גאָר דער אויבער־שטער קיין געשעפטען ניט געמאכט, ווייל מיר זיינען ניט אזעלכע צאַצקעדיגע סוחרים, נאָר אזוי ווי מיר זיינען די אייניקלאך פון אברהם, יצחק ויעקב, געניסען מיר דאָס זייער זכות, זייער פארמעגען וואָס זיי האָבען ביי דעם אויבערשטען איינגעלעגט. פרעגט זיך די פראַגע: אויב נאָר זכות אבות אליין איז אונזער גאנצער אינוועסטמענט, טאָ מיט וואָס פאר א רעכט האָט אונז דער אויבערשטער דערלאַנגט א תורה מיט מצוות און מעשים טובים און אונז דאָס נאָך געהייסען אָבהיטען? נאָך דעם פעקעל סחורה נאָך קוקט גאָר אויס אז מיר לעבען ניט פון זכות אבות, נאָר דער אויבערשטער האָט מיט אונז פערזענליך גאָר געטהאָן ביזנעס.

אלס ענטפער אויף דער פראגע קען מען דערצעהלען די מעשה מיט יענעם יורש:

אן אלטער רייכער מאַן האָט געהאט א קליין קינד וואָס איז איהם געבוירען געוואָרען אויף די עלטערע יאָהרען. ער האָט דאָס קינד זעהר ליעב געהאט און האָט עס געוואָלט באַזאָרגען, האָט ער צוזאמענגענומען זיין גאַנצען קאַפּי־טאל און עס איבערגעגעבען צו איינעם פון זיינע בעסטע פריינד און האָט איהם געמאכט פאר אן אפטרופוס איבער זיין קינד, ער זאָל עס ערציהען און אויפפאסען אויף דער ירושה.

ווען דער פאָטער איז געשטאָרבען, האָט דער אפטרופוס צוגענומען דעם אינגעל צו זיך און אויפגעפאסט אויף איהם ווי אויף אן אייגען קינד, און אז דער אינגעל איז גרעסער געוואָרען, האָט ער איהם צוגענומען צו זיך אין געשעפט, געלערענט איהם מסחר און איהם נאָך געצאָהלט דערצו א שעהנעם געהאלט. ווען דער בחור איז אַלט געוואָרען 21 יאָהר און האָט זיך דער־וואוסט אז ער איז א רייכער יורש, האָט ער א טראַכט געטהאָן ביי זיך: וואָס לוינט זיך מיר גאָר אין גאנצען צו ארבייטען? יונג בין איך און געלד האָב איך אויך גענוג, דארף מען זעהן א לעב צו טהאָן אביסעל. און ניט ארבייטען שווער און ביטער פאר א צוגעצעהלטען גראָשען. קורץ, ער האָט זיך געווענדעט צו זיין אפטרופוס ער זאָל איהם אָבגעבען זיין ירושה, ער וויל אָנפאנגען צו לעבען ווי ער אליין פארשטעהט, און ניט ווי מען דיקטירט איהם.

„גוט, מיין זוהן! — האָט דער אפטרופּוס זיך צו איהם אָפּגערופען, — אויב דו ווילסט דיין געלד, וועל איך דיר דאָס גלייך געבען, אָבער מיין עצה איז אז דו זאָלסט דיין ירושה ניט אָנריהרען, לאָז עס ליגען אין באַנק ווי געוועזן. ווארום קוים הויבסטו אָן צו פאַרתכל׳עווען דיין ירושה־געלד, אזוי בלייבסטו אָן ארעמאן אן אביון. זוך בעסער צו לעבען איצט פון דיין אייגענער ארבייט און לאָז איבער די ירושה אויף שפּעטער, אויף די עלטערע יאָהרען, ווען דו וועסט שוין ניט קענען ארבייטען״.

אונזערע אבות האָבען אויך איינגעלעגט ביי דעם אויבערשטען זייער זכות אַז דאָס זאָל ליגען פאַר זייערע קינדער, אָבער אונזער גוטער אפּטרופּוס אין הימעל האָט ניט געוואָלט אז מיר זאָלען דעם גאנצען זכות אויף אַמאָל אויפעסען און נאכהער זאָל פאר אונז גאָרנישט בלייבען. האָט ער אונז געגעבען א תורה מיט מצוות און מעשים טובים און צו אונז געזאָגט: פאַר־דינט, קינדערלאך, אייער אייגענעם זכות, לעבט פאַרלויפיג פון אייערע אייגענע מעשים און לאָזט איבער דעם זכות פון אייערע אבות אויף שפּעטערע צייטען.



# דער עם סגולה און גוי קדוש

אונזערע חכמים זאָגען: אז דער אויבערשטער האָט אונז אויסגעקליבען פון אלע פעלקער און זיך מיט אונז משדך געווען און זיין ליבע צו אונז איז אזוי גרויס, אז ער רופט אונז: „עם סגולה״, „גוי קדוש״, געליבט פאָלק, הייליג פאָלק, גאָלדען פאָלק, און נאָך אזעלכע שעהנע, זיסע און ליבליכע נעמען. פרעגט זיך די פראגע: וואָס איז דאָס פאַר אַ מין סאָרט ליבע וואָס ער ווייזט אונז ארויס? די אלע אויסגעבראַקירטע כלות זיינע איז וואויל ווי די וועלט, זיי לעבען זיך א גוטען טאָג און זיינען גליקליך און צופרידען און די אויסדערוועהלטע פון זיין האַרצען, וועמען ער ליעבט אזוי היים און טייער, דאַרף, נעביך, דורכמאַכען אלערליי צרות, אלערליי גזרות אין דער וועלט. זי האָט ניט קיין היים, זי האָט ניט קיין הויז, נע ונד איהר

גאַנץ לעבען און ליידעט הונגער, מאַנגעל און נויט. הייסט דאָס א ריכטיגע ליבע?

אלס ענטפער אויף דער פראגע קען מען דערצעהלען די מעשה מיט יענעם אלמן׳ס ליבע:

א איד אן עושר איז געוואָרען אן אלמן. אין זיין שטאָדט האָט זיך געפונען א פיינע פרוי, אן אלמנה, וועלכע האָט געפיהרט זעהר גרויסע געשעפטען, קיין גאנץ גרויסען קאַפּיטאַל האָט זי קיינמאָל ניט געהאט, זי האָט בלויז געהאַנדעלט אויף זכות אבות. איהרע עלטערען זיינען זעהר באַוואוסטע סוחרים געווען, האָט מען איהר אויף זייער סמך א גרויסען קרעדיט געגעבען. דעם אלמן איז די פרוי געפעלען געוואָרען און עס איז געוואָרען צווישען זיי א שידוך.

נאָך תנאים האָט זיך אָבגערופען דער חתן צו דער כלה: „הער אויס, מיין טייערע! קיין נדן פארלאנג איך פון דיר ניט, אלעס וואָס איך וויל פון דיר איז, אַז דו זאָלסט זעהן פאר דער חופה צו ליקווידירען דיינע אלטע געשעפטען און באצאָהלען אלע דיינע חובות וואָס דו ביזט שולדיג, ווייל דו געהסט איצט אריין אין א ניי לעבען, אין א נייער אַטמאָספערע. דעריבער וויל איך ניט אז דיין קאָפּ זאָל ליגען אין דיינע אלטע מסחרים. איך וויל דיך האָבען אין גאנצען פאר זיך אליין״.

די פרוי האָט איינגעשטימט, אָבער ליקווידירען איהרע אלטע געשעפטען האָט זי זיך ניט געאיילט און אנשטאָט צו ווערען א קלענערער בעל חוב, זיינען איהרע חובות געוואָרען פון טאָג צו טאָג אלץ גרעסער און גרעסער. דער חתן האָט דערזעהען אז עס נעהמט גאָר קיין סוף ניט, זי פארדרעהט זיך אלץ מעהר און מעהר אין חובות און צאָהלט קיינעם ניט, איז ער געגאנגען שטילערהייט צו איהרע קרעדיטאָרען און האָט זיי געגעבען עצות ווי אזוי שנעלער איינצומאָהנען זייער געלד פון דער פרוי. די קרעדיטאָרען האָבען איהם געפאָלגט, זיי האָבען זי פארקלאָגט אין געריכט און צוגענומען פון איהר די גאנצע סחורה וואָס זי האָט געהאַט.

ווען זי האָט זיך דערוואוסט אז איהר אייגענער חתן האָט דאָס איהר אָבגעטהאָן, איז זי זעהר אין כעס געוואָרען און איז געקומען צולויפען צו איהר חתן און אָנגעפאנגען צו שרייען: „אָט אַזוי האָסטו דאָס מיך ליעב? געהייסען פרעמדע מענשען אז זיי זאָלען מיר שלעפּען אין געריכט און אָנטהאָן

מיר אזוי פיעל צרות? ווען פאר דער חתונה באַהאַנדעלסטו מיך אזוי, היינט וואָס וועט שוין זיין נאָך דער חתונה?״

„הער אויס מיין טייערע, — האָט דער חתן געענטפערט — אמת, איך גיב צו אז איך האָב דאָס געהייסען דיינע קרעדיטאָרען, זיי זאָלען דיר קיין רוהיגע מינוט ניט געבען, אָבער איך האָב עס ניט געטהאָן, ווייל איך האָב דיך חס ושלום פיינד. ניין! איך האָב עס געטהאָן, ווייל איך האָב דיך צו־פיעל ליעב. איך קען ניט לעבען אָהן דיר! אָט דעריבער האָב איך אָנגע־שיקט דיינע קרעדיטאָרען אויף דיר, ווייל וואָס שנעלער זיי וועלען זייער חוב איינמאָהנען, אלץ גיכער וועל איך קומען צו מיין ציעל מיט דיר זיך צו פאַראייניגען! איך האָב עס געטהאָן אויס ליבע צו דיר, ניט אויס פיינד־שאַפט״.

אמת, מיר זיינען טאקע דעם אויבערשטענס געליעבט פאָלק, אבער מיר האָבען א סך זינד, א סך חובות אויף זיך, וואָס צוליעב דעם קען ער זיך מיט אונז ניט פאַראייניגען. דעריבער שיקט ער אָן אויף אונז אין יעדען דור אונזערע קרעדיטאָרען אין דער פאָרמע פון אנטיסעמיטען כדי מיר זאָלען וואָס שנעלער באפרייט ווערען פון אונזערע זינד. וואָס מעהר צרות מיר האָבען, אלץ קלענער ווערען אונזערע שולדען, אונזערע זינד און אלץ גיכער וועלען מיר זיך מיט אונזער געליבטען פאַראייניגען.



## פאַרוואָס אידען זיינען צוזייט און צושפרייט

פרעגט מיך א איד א קשיא:

אונזערע חכמים זאָגען: „צדקה עשה הקדוש ברוך הוא עם ישראל שפזרם לבין הגוים״ — מיר אידען, הייסט עס, זיינען ווערטה געווען פאַר אונזערע זינד א פיעל גרעסערע שטראָף, נאָר אזוי ווי דער אויבערשטער איז א בעל רחמן, האָט ער מיט אונז געטהאָן צדקה און אונז בלויז צושפרייט צווישען די פעלקער. פרעגט זיך די פראגע: פאַרוואָס איז אויף אונז אויס־געגאָסען געוואָרען דער צאָרן מעהר ווי אויף אנדערע נאַציאָנען? עס זיינען פאַראַן לענדער וואָס באָדען זיך אפילו איצט אויך אין בלוט און אין טרעהרען,

## דר. י. ל. שניצער

פונדעסטוועגען דולדעט זיי דער אויבערשטער, שוויגט זיי, און לאָזט זיי שאַלטען און וואַלטען און אונז האָט ער געמאַכט פאַר נע־ונד׳ניקעס און נאָך מיט א צדקה דערצו! מיט אלע אונזערע חסרונות שטעהן מיר נאָך היינט אויך פיעל העכער פון אנדערע פעלקער, מיר רויבען ניט מיר מאָרדען ניט, מיר מאַכען קיין פּאָגראָמען ניט, טאָ פאַרוואָס קומט אונז אַזאַ מין גרויסע שטראָף?

אלס ענטפער אויף דער פראגע קען מען דערצעהלען די מעשה מיט יענעם איידעם:

א קליין שטעדטעלדיגער עושר האָט געהאָט אַ בת יחידה, האָט זיך איהם פאַרוואָלט קריגען פאַר איהר א לייטישען מאַן, איז ער אוועקגעפאָהרען אין א גרויסער שטאָדט, וואו עס איז געווען א ישיבה און געבעטען דעם ראש הישיבה אז ער זאָל איהם אויסקלייבען דעם בעסטען ישיבה־בחור פאר זיין טאָכטער.

„געלד איז קיין מניעה ניט, — האָט ער צום ראש הישיבה געזאָגט, — איך וועל איהם געבען נדן וויפיעל איהר וועט מיר הייסען און אויך אייך, רבי, וועל איך זעהר שעהן באַפרידיגען פאר אייער טרחה, אבי דערלאנגט מיר אן איידעם א צאַצקע״.

„גוט! — האָט דער ראש הישיבה איהם געענטפערט, — איך האָב פאַר אייך א בחור אן אויסנאהם! ער איז א גרויסער למדן און נאָך א מתמיד דערצו, טאָג און נאכט זיצט ער איבער דער גמרא און לערענט, ער איז אויך זעהר א שעהנער און א גרויסער בעל יחוס. איך דענק, אז דער בחור איז פאר אייך ווי געוואונשען״.

דער ראש הישיבה האָט צוזאמענגעפיהרט דעם בחור מיט׳ן מחותן און עס איז געוואָרען א שידוך. דער עושר האָט גלייך מיטגענומען דעם בחור מיט זיך און אין א פּאָר וואָכען ארום איז געווען חתונה.

נאָך דער חתונה האָט דער שווער באמערקט, אז דער איידעם פוילט זיך עפּעס אונטער מיט׳ן לערנען. ער געהט אוועק אין בית המדרש אויף א שטונדע אָדער צוויי, נאָכדעם אָבער געהט ער ארום ליידיג און טהוט גאָר־נישט. האָט ער זיך צו איהם אָבגערופען:

„הער אויס, מיין ליבער איידעם! מיר געפעהלט ניט דיין האַנדלונג, איך האָב דיר געגעבען נדן און אויך אייביגע קעסט כדי דו זאָלסט זיצען און

לערנען בהתמדה. צום סוף דרעהסטו זיך אריין אויף א שטונדע צייט אין בית המדרש, און די איבעריגע צייט געהסטו ארום אין גאנצען ליידיג, וואו איז יושר ?"

„הערט צו, מיין ליבער שווער ! — האָט דער איידעם איהם געענטפערט, — ווי וועניג איך לערען, לערען איך אלץ מעהר ווי די יונגע לייט פון אייער שטעדטעל. געהט אדרבא אריין אין בית המדרש, וועט איהר זעהן ווי פוסט און לעער דאָרטען איז, איך בין דער איינציגער וואָס לערען נאָך כלומרשט אביסעל, און ווען אפילו איך זאָל אינגאנצען אויפהערען צו לערנען, וועט נאָך אלץ בלייבען ביי מיר אין קאָפּ מעהר תורה וויפיעל אייער גאנצע שטעדטעל פארמאָגט".

„ווי קומסטו זיך צו גלייכען צו די גראָבע יונגען פון שטעדטעל ? — האָט דער שווער אויף איהם גענומען שרייען, — איך האָב דיך גענומען פון דער ישיבה און דאָרטען האָט מען מיר געזאָגט, אז דו ביזט א גרויסער למדן און נאָך א מתמיד דערצו, וויל איך, אז דו זאָלסט זיך דאָ אויך אזוי אויפפיהרען ווי דאָרטען. דו האָסט קיין רעכט ניט זיך צו גלייכען צו די היגע מענשען, ווי קומסטו צו זיי ? און ווי קומען זיי צו דיר ? איך האָב דיך גענומען פאר אן אויסנאהם, וויל איך אז דו זאָלסט בלייבען אן אויס־נאָהם !"

ווען מיר אידען קומען צו דעם רבונו של עולם מיט דער טענה: ווי שלעכט מיר זיינען, זיינען מיר אלץ בעסער פון די פעלקער צווישען וועלכע מיר לעבען. ענטפערט ער אונז: וואָס האָט איהר זיך צו גלייכען צו די אַנדערע פעלקער ? איהר זייט ביי מיר א הייליג פאָלק פון אלטע צייטען, און פון אלטען יחוס, איך האָב אייך געווידמעט צו מיין נאָמען נאָך איידער די וועלט איז באַשאַפען געווארען, דעריבער שטראָף איך אייך מעהר ווי אַנדערע פעלקער, ווייל איהר זייט ביי מיר א זיידענער בגד, און אויף א זיידענעם בגד איז דער קלענסטער פלעקעלע קענטיג !...

דר. י. ל. שניצער

# די דריי שותפים אינ׳ם מענשען

„שלשה שותפים יש באדם, הקב״ה, ואביו ואמו״ — דריי שותפים באטייליגען זיך אין דעם באַשאַף פון מענשען: דער אויבערשטער און פאָטער און מוטער. פרעגט זיך די פראגע: פאַרוואָס נעהמט זיך איין שותף מעהר רעכט און מעהר מאכט ווי די אנדערע צוויי? טאַטע־מאַמע האָבען בלויז צו זאָגען איבער זייער קינד כל־זמן ער איז קליין. ווערט ער אָבער עלטער, גרעסער און האָט חתונה, אזוי געהט ער ארויס פון זייער רשות און זיי האָבען מעהר גאָרנישט וואָס צו זאָגען איבער איהם. דער דריטער שותף אָבער לאָזט גאָר דעם מענשען ניט אָפּ פון זיך. פונ׳ם וויגעלע ביז׳ן גריבעל האַלט ער איהם אין זיין צוויק און דיקטירט איהם ווי ער זאָל געהן, ווי ער זאָל זיך פיהרען און ווי ער זאָל האַנדלען. מיט וואָס איז דער שותף מעהר יחסן ווי די אַנדערע צוויי שותפים?

אלס ענטפער אויף דער פראגע מען מען דערצעהלען די לעגענדע מיט יענע דריי חברים:

דריי חברים פון איין שטאָדט האָבען באַשלאָסען זיך ארויסצולאָזען איבער דער וועלט אין דריי באזונדערע געגענדען און לערנען דאָרטען חכמה און וויסענשאַפט. זיי האָבען דערביי אָבגעמאכט אז אין א געוויסער צייט ארום זאָלען זיי זיך צונויפקומען אין דער זעלבער שטאָדט און אָבגעבען א באַריכט איינער דעם צווייטען וואָס זיי האָבען אויפגעטהאָן.

ווען די דריי חברים זיינען אין אייניגע יאָהר ארום צוריק צוזאַמענגעקומען אין דער זעלבער שטאָדט, האָט יעדערער פון זיי געגומען דערצעהלען וואָס פאר א חכמה ער האָט זיך אויסגעלערענט. איינער האָט געוויזען א שפּאַקטיוו וואָס מען קען זעהן אויף הונדערטער מיילען ווייט. דער צווייטער האָט געוויזען א פליה־מאַשינקע, וואָס מען קען אין א פּאָר מינוטען צייט הונדערטער מייל פליהען, און דער דריטער האָט זיי געוויזען א קעסטעלע פּילען, וואָס היילען אלע קראנקהייטען אין דער וועלט.

איין טאָג, ווען די דריי חברים האָבען זיך געפונען אויף א הויכען באַרג הינטער דער שטאָדט, האָט זיך זיי פאַרוואָלט א קוק צו טהאָן אויף גאָט׳ס שעהנעם ווייטען וועלטעל, האָבען זיי אָנגעשטעלט די שפּאַקטיוו און גענומען קוקען, האָבען זיי געזעהן ווי אין דער הויפּט־שטאָדט, וואו דער מלך וואוינט,

# מענש און תורה

לויפען ארום מענשען זעהר צוטראָגען. זיי האָבען אָנגעשטעלט דעם שפּאָק־טיוו אויף דעם מלך׳ס פּאַלאַץ, האָבען זיי דורך א פענסטער דערזעהן ווי דעם מלך׳ס איין־איינציגע טאָכטער ליעגט אויפ׳ן בעט זעהר קראַנק. דאָקטוי־רים שטעהן ארום איהר מיט אראָבגעלאָזטע קעפּ; קענטיג, זיי ווייסען ניט מיט וואָס זי צו קורירען. האָט א זאָג געטהאָן דער חבר פון די פּילען: „שנעל, ברודערקע, שטעל אָן דיין פליה־מאַשינקע, און לאָמיר פליהען צו איהר. מיינע פּילען וועלען איהר באַלד געזונד מאַכען״.

און אזוי איז געוועזן. אין א פּאָר מינוטען צייט זיינען זיי שוין געוועזן אין דער רעזידענץ־שטאָדט און זיך געמאָלדען צום מלך. דער מלך האָט זיי אריינגעפיהרט צו זיין קראַנקער טאָכטער אין צימער און ווי די פּרינ־צעסין האָט נאָר איין פּיל איינגענומען, אזוי איז זי גלייך געזונד געוואָרען.

די שמחה פון מלך איז געוועזן אונגעהויער. ער האָט געמאכט א באָל פאר די דריי געלערנטע יונגע לייט און צו זיי געזאָגט: „מיט וואָס קען איך אייך באלוינען פאר דעם וואָס איהר האָט מיין איינציגע טאָכטער געראַטע־וועט? געבען אייך געלד? ווייס איך אז דאָס גאנצע גאָלד און זילבער פון דער וועלט איז ניט גענוג צו באצאָהלען פאר דעם וואָס איהר האָט דער־האַלטען מיין טאָכטער ביים לעבען. איך וועל אייך אָבער געבען אזא זאך וואָס איז נאָך פיעל טייערער פאר געלד. איך וועל איינעם פון אייך מאכען פאר מיין איידעם און ווער דער יעניגער זאָל זיין, דאָס מוזט איהר אליין צווישען זיך ענטשיידען״.

ווען די דריי חברים האָבען דאָס דערהערט, האָבען זיי אָנגעפאַנגען צווישען זיך צו שטרייטען. איינער האָט געזאָגט: „ווען ניט מיין שפּאַקטיוו, וואָלט איהר ניט געוואוסט אז די פּרינצעסין איז קראַנק״. דער צווייטער האָט געזאָגט: „ווען ניט מיין פליה־מאַשינקע, וואָלט איהר אזוי גיך ניט געקומען צו איהר״. און דער דריטער האָט געזאָגט: „ווען ניט מיינע פּילען, וואָלט די פּרינצעסין ניט געזונד געוואָרען״.

ווען דער מלך האָט געזעהן אז די דריי חברים קענען צווישען זיך ניט דורכקומען, האָט ער צו זיי געזאָגט: „איך גיב דאָס איבער צו מיין טאָכטער, זאָל זי ענטשיידען וועמען זי וויל האָבען פאר א מאַן״.

ווען די דריי חברים האָבען פאר די פּרינצעסין פאָרגעלעגט זייערע טענות, האָט זי זיך צו זיי אָבגערופען: „אמת, מיין לעבען האָב איך אייך דרייען צו

## דר. י. ל. שניצער

פאַרדאַנקען און איך קען אייך פאַרזיכערען אז דאָס וואָס איהר האָט פאר מיר געטהאָן וועל איך קיינמאָל ניט פארגעסען. נאָר אזוי ווי עס האנדעלט זיך איצט וועגען מיין צוקונפט, — וועל איך אייך עפעס זאָגען. דו, מיין פריינד, מיט׳ן שפאקטיוו, און דו, מיין פריינד מיט דער פליה־מאשינקע, איהר האָט שוין אייער ארבייט פאר מיר אָבגעטהאָן. פון אייך האָב איך שוין מעהר ניט וואָס צו ערווארטען, אָבער מיין פריינד מיט די פילען, איהם קען איך נאָך אין דער צוקונפט אויך דארפען, ווייל מען איז דאָך מעהר ניט ווי א מענש, מען ווערט אמאָל קראנק, מען ווערט אָמאָל שוואך, קען ער מיט זיינע פילען מיך אימער געזונד מאכען. דעריבער וויל איך בלייבען ביי איהם!״

טאַטע־מאַמע, ווי זיי האָבען געבראַכט דאָס קינד אויף דער וועלט און איהם אויף די פיס געשטעלט, האָבען זיי שוין זייער ארבייט אָבגעטהאָן. אָבער דעם דריטען שותף דארף דער מענש האָבען זיין גאנצען לעבען. ער טרייסט איהם, ער שטאַרקט איהם און קורירט איהם.



# צדקה און כבוד

די גמרא זאָגט אונז: „אין אדם נוקף אצבעו מלמטה אלא אם כן מכריזין עליו מלמעלה״ — אפילו ווען א מענש שלאָגט זיך אָפּ א פינגער אויף דער וועלט, איז דאָס אויך א גזר מן השמים. הייסט עס, אז דער איצטיגער קריזיסעל אונזערער איז אויך א הימעלשע מעשה. פרעגט זיך די פראגע: „מה הועילו חכמים בתקנתם?״ — וואָס פאר א נחת־רוח האָט דער אויבער־שטער דערפון, אז ער האָט שוין צוגענומען די פאָר דאָלאר פון אונזערע אחינו בני ישראל?

אלס ענטפער אויף דער פראגע קען מען דערצעהלען די מעשה מיט יענעם אלמן:

א איד אן עושר איז געוואָרען אן אלמן, האָט מען איהם גענומען רעדען פארשידענע שדוכים מיט אלמנות, גרושות און אויך מיט מיידלאך פון יחוס׳דיגע עלטערען, אָבער דער אלמן האָט זיך בארעכענט, אז ער וועט

# מענש און תורה

בעסער חתונה האָבען מיט זיין קעכין. אמת, עס איז אפילו ניט אזא יחוס־דיגער שדוך, אָבער אַלץ בעסער ווי אריינצונעהמען א פרעמדע אין הויז. זי קען שוין זיין באַטור און ווייס ווי ארומצוגעהן ארום איהם און ארום זיינע קינדער. פאר דער חופה האָט ער זיך צו איהר אָפּגערופען:

— דו זאָלסט ניט מיינען, אז מיט דעם וואָס איך האָב דיך אויסגעקליבען פאר מיין ווייב און מאַך דיך איצט פאר דער גאַנצער באַלעבאָסטע, זיינען דיינע פליכטען קלענער געוואָרען. ניין, דיינע פליכטען זיינען איצט פיעל, פיעל גרעסער געוואָרען. אלס קעכין האָסטו בלויז געהאט איין ארבייט: צו שטעהן אין קיך און קאָכען עסען, די איבעריגע ארבייט פלעגט געטהאָן ווערען פון אנדערע דינסטען. איצט אָבער, אז דו ווערסט מיין באלעבאָסטע, וועסטו מוזען זאָרגען פאר די גאנצע בעל הבית׳שקייט!... און ווען א דינסט וועט ניט טהאָן ריכטיג איהר ארבייט, וועסטו זיין פאַראַנטוואָרטליך פאר דעם. וועסטו דאָך מיר פרעגען, וואָס פאר א גליק דו כאַפּסט דאָ? וועל איך דיר ענטפערען: אז כל זמן דו וועסט זיך האַלטען קליין אין דיינע אויגען, און דו וועסט אָפּהיטען דיינע פליכטען, וועל איך פארגעסען, אז דו ביזט געוועזען א קעכין, און איך וועל דיך שעצען און רעספּעקטירען. קוים אָבער וועסטו זיך אָנפאנגען צו בלאָזען, גרויס האלטען זיך און ניט טהאָן דיינע פליכטען, דאן וועל איך אימער געדענקען, אז דו ביזט געוועזען א פּראָסטע דיענסט, אן איינפאכע קעכין!

אן אָרעמאַן האָט בלויז איין פליכט: צו געבען זיין ווייב און קינדער א שטיקעל ברויט. ווען דער אָרעמאַן ווערט אָבער רייך, דאן ווערען שוין זיינע פליכטען פיעל, פיעל גרעסער. ער דאַרף אויפפּאַסען אויף זיינע אָרעמע ברידער, העלפען זיי אין נויט, אונטערשטיצען ווי ווייט מעגליך זייערע אַנשטאַלטען, זייערע אינסטיטוציעס. קורץ, ער דאַרף לעבען אי פאר זיך און אי אויך פאר אנדערע. קוים אבער נעהמט זיך דער אויפגעקומענער עושר בלאָזען, גרויסהאלטען און לעבט בלויז פאר זיך אליין — אמת, ער וואַרפט אמאָל צו א פּאָר דאָלאר, אָבער דאָס איז מעהר פאר כבוד, ווי פאר צדקה — אזוי דערמאָנט איהם באלד דער אויבערשטער זיין אמאָליגען יחוס און זאָגט צו איהם: „פיינטערעל, סטאָליארטשיקעל, שוסטערעל, שניידערעל, געה צוריק צו דיין אמאָליגער ארבייט און פארטיג. איך האָב דיר ניט געגעבען קיין עשירות, אז דו זאָלסט דיין אייגען בייכעל פּאשען.

דר. י. ל. שניצער

# קרח דער צושטערער פון פראַגרעס

פרעגט מיך א איד א קשיא:

ער קען מיט זיין שכל ניט פארשטעהן פארוואָס האָט דער אויבערשטער אויסגעקליבען פאר קרח'ן מיט זיין קאָמפּאניע אַזאַ מין שטראָף ווי איינגעזונקען צו ווערען לעבעדיגערהייט אין דער ערד? שוין האָט דער אויבערשטער ניט געקענט אָנשיקען אויף זיי א מגפה, אזוי ווי ער האָט די מרגלים באשטראָפט, אָדער אן אנדער מין שטראָף, פארוואָס גראָד אזא מיתה משונה ווי איינגעזונקען צו ווערען לעבעדיגערהייט אין דער ערד?

אלס ענטפער אויף זיין קשיא האָב איך איהם דערצעהלט די מעשה מיט יענעם סוחר:

איינער איז אַמאָל אריינגעקומען אין א גרויסען קליידער־געשעפט, און זיך געוואָלט קויפען א מלבוש. פרעגט איהם דער קליידער־הענדלער: קענט איהר מיר ניט זאָגען מיין פריינד וואָס פאר א מין מלבוש ווילט איהר האָבען? א גוטען, צי א ביליגען? לאַכט זיך דער מאַן גוט פאַנאַנדער און גיט א זאָג:

— פעטער לעבען איך בין ניט פון די יאָלדען וועלכע מען קען איינרעדען אז עס איז דאָ גוטע סחורה און ערגערע סחורה. איך פארשטעה צו גוט פון די קונקעל־מונקעל געשעפטען, מען נעהמט דיזעלבע סחורה און מען צולעגט זי אין פארשידענע פּאָליצעס, און מען שרייט אז די זיינען די צאַצקעס, און די זיינען די ערגערע... ניין פעטערעל, מיר וועט איהר ניט פייפען!... ביי מיר האָבען אלע יונים איין פנים, און אלע קליידער זיינען ביי מיר גלייך!...

— איהר וועט מיר מוחל זיין מיין פריינד — האָט דער קליידער־הענדלער זיך צו איהם אָפּגערופען — איך האָב ניט געוואוסט אז איך האָב אזא גרויסען מבין פאַר זיך, קומט זייט מוחל ארונטער מיט מיר אין קעלער, דאָרטען האָב איך זעהר א גרויסען לאַגער מיט סחורה און איהר וועט זיך קענען נעהמען וועלכען מלבוש איהר וועט אליין ווילען, און פאר איין פּרייז.

ווען זיי זיינען ארונטער אין קעלער האָט דער מאן מיט שרעק אויסגערופען:

## מענש און תורה

— וואָס תכריכים ווייזט איהר מיר ?...

— אָט די קליידער מיין פריינד זיינען אלע גלייך ! — האָט דער קליידער־הענדלער איהם מיט א שמייכעל געענטפערט, — צווישען די מלבושים איז ניטאָ קיין בעסערע און קיין ערגערע... אָט דער קעלער איז פּאָר אייך ווי געוואונשען !... אבער ניט מיין קליידער געשעפט דאָרט אויבען אין דער הויך !...

קרח מיט זיין קאָמפּאניע האָבען אויך געשריען אז עס איז ניטאָ קיין העכערע און קיין קלענערע מענשען !... „כלנו חכמים", אלע זיינען חכמים, „כלנו נבונים", אלע זיינען פארשטענדיגע, „כלנו קדושים", אלע זיינען הייליגע, „ומדוע תתנשאו", ווארום זאָלט איהר משה און אהרן זיך העכער האַלטען פון אונז ?... איך האלט ניט פון קיין מורי־מורנו'ס !... האָט ער גע־שריען, איך האלט ניט פון קיין יחסנים ! מיר זיינען אלע אזעלכע קנאקערס ווי איהר !... ניטאָ קיין מיוחסים !...

אויב אזוי ? האָט דער אויבערשטער צו איהם א זאָג געטהאָן, דו זוכסט גלייכע מיוחסים ? טאָ געה מיר אין דער ערד אריין ! דאָרטען וועסטו געפינען אַזאַ מין גלייכהייט !... דער רייכער, דער אָרעמער, דער למדן, דער גראָבער יונג, דער יחסן, דער שפל. דער בעל הבית און דער קנעכט זיינען דאָרטען אלע גלייך, אלע האָבען דאָרטען די זעלבע מאָס ערד, די זעלבע עשירות, און די זעלבע מלבושים !... אויף דער וועלט אָבער האָב איך גע־מאַכט אן אונטערשיעד צווישען אלע מיינע באַשעפענישען, כדי די וועלט זאָל פּראָגרעסירען, דער קלענערער שטרעבט צו ווערען גרעסער, דער אָרע־מער רייכער, דער גראָבער יונג נעהמט זיך צום לערנען. אָט דער שטרע־בען איבערצושטייגען יענעם, דאָס האָט געפיהרט מיין וועלט צום פּראָגרעס !...



## די ליבשאַפט צו ארץ ישראל

פרעגט מיך א איד א קשיא :

ווען מיר קוקען נאָך אונזער היסטאָריע, געפינען מיר אז די גאנצע צייט וואָס מיר אידען האָבען געלעבט אין ארץ ישראל, האָבען מיר קיין

# דר. י. ל. שניצער

גרויס נחת דאָרטען ניט געהאט, מלחמות מיט די ארומיגע פעלקער, מלחמות צווישען יהודה און ישראל. ביים צווייטען בית המקדש ווידער איז אויך בעסער ניט געווען, האָט איין חשמונאי געהאלטען מיט די פּרושים, האָט ער די צדוקים גע׳הרג׳עט, האָט דער צווייטער חשמונאי געהאלטען מיט די צדוקים האָט ער די פּרושים גע׳הרג׳עט, און דאָס ווייסען מיר, אז וואו עס איז קיין שלום ניטאָ דאָרטען איז די מאַטעריעלע לאַגע אויך ניט אזוי גלענצענד. און דאָך ליגט ארץ ישראל טיעף איינגעבאקען ביי דעם אידען אין הארצען אז ער קען גאָר אָן איהר ניט פאַרגעסען. דער איד האָט שוין געהאט איניגע מאָל די געלעגענהייט זיך איינצוואָרדענען אין אנדערע לענדער און לעבען ווי אלע אנדערע פעלקער, אָבער ער וויל ניט, ווייל ארץ ישראל געהט איהם פון זינען ניט ארויס. פרעגט זיך די פראגע: וואָס פאר א מאכט, וואָס פאר א קראַפט ליגט אין דעם שטיקעל טרוקענעם ערד, אז דער איד קען זיך גאָר ניט שיידען פון איהר?

אלס ענטפער אויף זיין קשיא האָב איך פאר איהם געשילדערט די געשיכטע פון בוירדס־איילאנד (פויגעל אינזעל):

אין דער מעקסיקאנער בוכטע, וואָס איז באקאנט אלס „גאָלף אָוו מעקסיקא״, ניט ווייט פון דער פלאָרידער גרענעץ, ליגט א קליינע גרופּע קרעלען אינזלען וועלכע מען רופט „מארטוגאָס״. יעדער אינזעל איז גרויס א שפּאַן אויף א שפּאַן און דאָרטען האָבען פויגלען פון דעם מין „ים שוואלבען״ געמאַכט זייער ישוב.

צוויי באַזונדערע ראסען זיינען זיי. שווארצע און ווייסע. און דאָך הערשט דאָרטען ביי זיי אן אייביגער שלום. קיינער ווייסט ניט פון וואנען זיי קומען און אין וועלכע לענדער זיי האָבען געווינטערט. נאָר ווי עס קומט פּסח צייט קומען זיי אויפ׳ן אינזעל און לייגען זייערע אייער אויפ׳ן זאַמד.

אויף דעם אינזעל זיינען פאַראַן טויזענדער און טויזענדער נעסטען וועלכע קוקען אויס איינער ווי דער אנדערער. אויך די אייער זיינען גלייך אז קיין מענשליך אויג קען זיי ניט אונטערשיידען, אָבער יעדער שוואַלב דערקענט איהר היים און ווייסט איהר איי. זי וועט ניט פאַרנעהמען קיין אנדערענ׳ס נעסט, און ניט אויסבריהען קיין פרעמדער׳ס איי. ווארום די שוואלבען, ווי עס קוקט אויס, האָבען נאָך צו קאָמוניזם זיך ניט דערטראכט. זיי היטען אָפּ זעהר שטארק פּריוואט אייגענטהום.

## מענש און תורה

מענשען וואָס זיינען באקאנט מיט דער געגענד דערצעהלען, אז אמאָל איז דער אינזעל געווען באוואקסען מיט טראָפּישע פלאנצונגען ווי אין א גן־עדן, אָבער די „אַריקאנען" האָבען געמאכט פון דעם אינזעל א תל. א גרויסע שטרעקע איז פארזונקען געוואָרען אין וואסער און פון דעם איבעריגען איז יעדער גרעזעלע פאַרשוואונדען. עס איז קוים איבערגעבליבען אן אָקער זאַמדיג וויסט לאַנד, אָבער די שוואַלבען ווילען פון דאָרטען ניט אוועק. קומט א שטורם־ווינד און מאכט חרוב זייערע נעסטען, בויען זיי אנדערע. עס איז זיי טייער זייער אלטע היים, דאָס לאַנד פון זייערע אבות.

מיט יאָהרען צוריק האָבען געוויסע וויסענשאפטסלייט געמאכט אן עקס־פּערימענט. מען האָט גענומען די שוואלבען און זיי אוועקגעפיהרט צו אן אינזעל פאר טויזענד מייל ווייט, און דאָרט האָט מען זיי פרייגעלאָזען. מיט אייניגע טעג שפּעטער האָבען זיי זיך אלע צוריקגעקעהרט אין זייערע אייגענע נעסטען, אין זייער אלטער היים אויף דער פויגעלס־אינזעל.

שטעהען אונזערע געלעהרטע פארטראַכט און זוכען דעם שליסעל צו דעם סוד פון דער נאַטור. פון וואַנען נעהמט זיך ביי די שוואלבען אַזאַ שטאַרקע ליבע צו זייער היים, צו זייער וויסט, קאלכיג שטיקעל לאַנד?

דאָס זעלבע איז אויך מיט ארץ ישראל. מיר האָבען ליעב דאָס חרוב'ע שטיקעל לאַנד אזוי ווי די שוואַלבען ליבען דעם פויגעלס־אינזעל. פארוואָס מיר ליבען עס אזוי שטארק? צו דעם סוד איז קיין שליסעל ניטאָ! דאָס איז א געפיהל וואָס וואקסט מיט דעם אידען פון דעם כסא של אליהו, ביז דעם טהרה־ברעט. א געפיהל פון וועלכען מיר שעפּען כח, ווילען און גלויבען צו קעמפען און צו לעבען! מעגען מיר זיין אין אמעריקא, אין ענגלאנד, אין פראנקרייך, אין דייטשלאנד, מעגען מיר וואוינען אין די שעהנ־סטע הייזער, אין די רייכסטע פּאַלאַצען, אָבער אונזער היים איז ארץ ישראל.



## רייכקייט ניט קיין סימן פון גליק

רעדט זיך אויס פאר מיר א איד זיין שווער ביטער הארץ: ער איז שוין דאָ 40 יאָהר אין לאַנד, דורכגעטרייסעלט שוין פארשידענע געשעפטען,

## דר. י. ל. שניצער

אָבער עס געהט איהם אלץ מיט דער פּוטער אַראָפּ. איבערהויפּט פאַרדריסט איהם ווען ער זעהט לייטע, וועלכע זיינען מיט איהם גלייך אריבערגעקומען, און אלע האָבען זיך זעהר פיין ארויפגעארבייט, און ער איז אימער אויף גרויסע צרות. אמת, א סך האָבען טאקע איצט זייער געלד פארלאָרען. איינער אין וואָל סטריט, דער צווייטער אין ריעל־עסטייט, דער דריטער אין א באַנק, אָבער זיי האָבען דאָך געהאַט וואָס צו פאַרלירען. ער אָבער האָט דאָס אויך ניט געהאַט.

איהם צו טרייסטען, האָב איך איהם ערקלעהרט דאָס וואָס די גמרא זאָגט אונז: „נאמר ברית במלח, ונאמר ברית ביסורים, מה מלח ממתקת את הבשר, אף יסורים ממרקין עונותיו של אדם“, עס שטעהט דאָס וואָרט „ברית“ ביי זאלץ און עס שטעהט דאָס וואָרט „ברית“ ביי יסורים, אזוי ווי זאַלץ מאכט געשמאק דאָס פלייש, אזוי מאַכען יסוריםליידיג פון זינד.

עס זיינען פאַראַן צווייערליי סאָרטען אויף דער וועלט: רייכע, וואָס זייער הצלחה איז גאָר למעלה מן הטבע, צו וואָס זיי ריהרען זיך צו מאכען זיי געלד, און אָרעמע, וואָס עס געהט זיי אימער מיט דער פּוטער אַראָפּ; געהען, נעביך, אום די אָרעמע זעהר פארצווייפעלט און האָבען גרויס יסורים דערפון. סטייטש, יענע מאכען געלד און לעבען א גוטען טאָג, און זיי דאַרפען זיך פּלאגען און מאַטערען.

האָבען אונזערע חכמים זיי גענומען טרייסטען: ערגערט זיך ניט, קינדערלאך! ווייל איהר קענט ניט וויסען ווען דער שוך קוועטשט. עס קען גאָר זיין אז אייך איז פיעל בעסער פון זיי. געלד איז געגליכען צו זאלץ. אָהן זאַלץ קען די וועלט ניט אויסקומען און אָהן געלד קען אויך די וועלט ניט אויסקומען, אָבער זאַלץ מוז אויך האָבען א געוויסע מאָס! צופיעל זאַלץ עסען איז געפעהרליך, און צופיעל געלד האָבען איז אויך געפעהרליך. אמת, מען פּלאגט זיך און מען מאַטערט זיך, אָבער אזוי ווי א קליין ביסעלע זאלץ מאכט געשמאק דאָס פלייש, אזוי לייטערט אייך דאָס פּלאגען זיך פון זינד, פון תאוה, פון הולטייסטווע, פון שאַרלאַטאַנסטווע און פון נאָך אזעלכע מעלות וועלכע די רייכע באזיצען. טרייסעלט דורך זייערע פעקלאך, וועט איהר געפינען אז דאָרטען געפינט זיך מעהר צרות און מעהר יסורים ווי אין אייערע פעקלאך.

דאָס דערמאָנט מיך די לעגענדע פון יענעם כאליף:

## מענש און תורה

צום קלוגען כאליף פון באגדאד זיינען געקומען די איינוואוינער זיך קלאָגען אויף זייער פינסטערען ביטערען מזל. יעדערער האָט געקלאָגט אז ער איז מעהר געשטראָפט פון אלעמען, ער טראָגט אויף זיך דעם שווערסטען פּאַק מיט זאָרג.

„וואָס ווילט איהר זאָל איך טהאָן?" האָט דער כאליף זיי געפרעגט.

„עס זיינען פאַראַן אין דיין מדינה א סך מענשען וואָס זיינען רייך, און לעבען א גוטען טאָג, ווילען מיר אויך אמאָל פארזוכען דעם טעם דערפון. מיר ווילען האָבען די פּריווילעגיע זיך צו בייטען מיט זיי. זייערע פּעקלאך זיינען געוויס גרינגער פון אונזערע".

דער קלוגער כאליף האָט געהייסען אלעמען צוזאמענברענגען זייערע פּעק צרות אין איין באַרג, און עס גוט דורכמישען, נאָכדעם זאָל יעדערער נאָך דער רייהע נאָך געהן און אויסקלייבען א פּעקעל וואָס איהם געפעלט. און אזוי איז געווען, מען האָט אָנגעוואָרפען א גאנצען באַרג פּעקלאך צרות, גרויסע פּעקלאך און קליינע פּעקלאך, און דער עולם האָט אָנגעפאנגען קלייבען. געזעהן האָבען זיי, אז קיין צרות פעהלט ניט, ווייל אלע האָבען פּעקלאך געבראכט, נאָר זיי וועלען געהען אויסזוכען עפּעס א קלענערען און א גרינגערען פּעקעל. און די ענדע איז געווען, אז יעדער איינער האָט אויסגעקליבען זיין אייגען פּעקעל, ווייל אנטקעגען יענע פּעקלאך איז זיינער געווען דער גרינגסטער. יענע פּעקלאך זיינען נאָך מיט מעהר צרות אָנגעפּאקט געווען!



# די אוניווערסאַלע אידייען אינ'ם אידענטום

לויט דער טראַדיציע פון אונזערע חכמים איז אום ראש השנה אָפּגעשאַפט געוואָרען די אידישע שקלאפעריי אין מצרים. די דערנידעריגטע און באליידיגטע אידען, די פּיתום און רעמסס־בויער זיינען אין דעם טאָג פרייע מענשען געוואָרען. אמת, זיי האָבען דאָס לאנד פון זייערע פייניגער ניט פאַרלאָזען ביז מיט א האלב יאָהר שפּעטער, אבער אין דעם טאָג זיינען זיי באַפרייט געווארען פון דער „עבודת־פרך" און מען קען זיך

# דר. י. ל. שניצער

פאַרשטעלען וואָס פאר א גרויסער יום טוב יענער ראש השנה איז ביי זיי געווען.

ווען די אידען זיינען צוריק געקומען פון גלות בבל און האָבען זיך דעם ערשטען ראש השנה ביים דאוונען זעהר שטאַרק צעוויינט, האָבען די אידישע פיהרער עזרא און נחמיה צו זיי א זאָג געטהאָן:

„ווייבט ניט און טרויערט ניט! געהט און עסט געשמאקע געריכטען, טרינקט גוטע משקה און שיקט אויך צו די, וועלכע פארמאָגען גאָרנישט, ווייל דער טאָג איז הייליג צו אונזער האַר. די פרייד מיט גאָט דארף אייך קרעפטיגען".

נאָר דער גלות האָט אונזערע הערצער אזוי פארביטערט, אז עס ווייבט זיך ניט ווילענדיג. „עיני עיני ירדה מים",ביידע אויגען גיסען מיט טרע־רען, איין אויג אויף דעם אלטען חורבן, און די צווייטע אויג אויף די איצ־טיגע צרות.

אָבער ניין, ישראל, דו האָסט קיין רעכט ניט צו וויינען! הויב אויף דיין קאָפּ, זיי שטאָלץ און קוק דער וועלט גלייך אין די אויגען אריין! דו ביזט פונקט אזוי גוט ווי אלע מענשען און אפשר נאָך בעסער פון זיי, דו האָסט געגען קיינעם ניט געזינדיגט, קיינעם ניט באַ׳עוולה׳ט און פון קיינעם גאָר־ניט גענומען.

דו האנדעלסט אימער יושר׳דיג מיט דיינע שכנים, דו מאכסט אויף זיי קיין פּאָגראָמען ניט, דו פּלינדערסט ניט זייער פארמעגען, דו שענדעסט ניט זייערע טעכטער, דו ביזט אויך א געטרייער בירגער אין די לענדער וואו דו וואוינסט. דו דערפילסט עהרליך דיינע פליכטען צו די רעגירונגען און אין צייט פון א מלחמה, צי פון אן אנדער פורעניות, גיסטו די מעהרסטע קרבנות און ליידסט מעהר פון אלעמען.

און אויב אימיצער האָט געזינדיגט, האָבען זיי, די שכנים דיינע, געזינ־דיגט אנטקעגען דיר, אָבער ניט דו געגען זיי. און אויב עס דארף זיך ווער שעהמען, איז דאָס זייער שאנד ניט דיין שאנד.

דו האָסט איצט אוועקגעלאָזען א יאָהר, וואָס כאַפּט אָן א שרעק א קוק צו טהאָן אויף די געזיכטער פון דיינע ציוויליזירטע שכנים, א יאָהר, פון מיטעלאלטערליכע גזירות און אינקוויזיטאָרישע פייניגונגען, וואו מ׳האָט געוואָרפען אן אויג איז געווען א חורבן און א פארוויסטונג. א יאָהר פון

# מענש און תורה

שנאה, פון אנטיסעמיטישע העצערייען פון ערנידערונגען און באליידיגונגען געגען דיר.

ווען דער מלאך המות וועט זיין שווערד אין שייד צוריק אריינשטעקען, וועט די וועלט ניט פארגעסען די פארגאָסענע בלוט פון דיינע קינדער. אָבער וואָס פאר א ביטערע ענטוישונג, וואָס פאר א שווארצער סוף! מיר דאכט זיך, אז איך הער דעם געשריי פון די אונגליקליכע מאַמעס:

— גזלנים! מערדער! גיט אונז אָפּ אונזערע קינדער! אונזער בלוט און פלייש!

ניין, ישראל, דו האָסט מיט קיין זאַך ניט פארזינדיגט געגען די פעלקער, נאָר זיי האָבען שווער פארבראָכען געגען דיר.

אָבער זיי ניט פארצווייפעלט, ישראל! הויב אויף מיט שטאָלץ דיין קאָפּ און מיט א הארץ פול מיט האָפנונג, געה ראש השנה אין שוהל און דערמאָן דעם וועלט באשעפער אויף די אידישע צרות, ווייל דער יום טוב רופט זיך „יום הזכרון", דער טאָג פון דערמאָנען, רעד צו איהם ישראל דורך דעם „שופר", דורך דעם ווייער־לאָז טעלעגראַף, דערמאָן איהם זיינע ווערטער, וואָס ער האָט אונז צוגעזאָגט דורך זיינע נביאים, זאָל דער תקיעה, תרועה, שברים, אויפרודערען די הימלען און פאָדערען גערעכטיגקייט!

ישראל, דיך איז ווירקליך צו באוואונדערען! אין דער צייט, וואָס דו שטעהסט, נעביך, אליין א געבויגענער און א צובראָכענער, בעטסטו נאָך פאר דעם וואוילשטאַנד פון דער גאַנצער וועלט: „ויעשו כולם אגודה אחת לעשות רצונך בלבב שלם", אז אלע פעלקער, אלע מענשען זאָלען זיך פאראייניגען און מאכען א פעלקער־בונד צו טהאָן גאָט'ס ווילען מיט'ן גאַנצען הארצען. ניין, דאָס איז ניט קיין אתה־בחרתנו'איזם, קיין ביטע צו בעפאָרצוגען דאָס אידישע פאָלק איבער אלע אנדערע פעלקער, נאָר א היסטאָרישע מיסיע פון דעם „עם הספר" צו זיין דער פאַקעל צו באלייכטען דעם דרך האמת, דער פאקטאָר צו פארשפרייטען די ערהאבענע אידעען פון אוניווערסאלען צדק און יושר. אויסצוראָטען די רשעות און ממשלת זדון פון דער וועלט.

## דר. י. ל. שניצער

# דער אידישער און קריסטליכער ניי יאָהר

פרעגט מיך א איד א קשיא:

אלע פעלקער פייערען זייער ניי־יאָהר מיט יובעל און מיט פרייד, אלע האָטעלען, קאַבאַרייען און אמוזירונגס־פלעצער זיינען אָנגעפילט מיט לוסטיגע און פרעהליכע מענשען, און מען עמפּפאנגט דעם ניי־יאָהר מיט הילכיגע און גליקליכע אויסגעשרייען. דער איד, אָבער, עמפּפאנגט זיין ראש השנה מיט אימה, מיט פחד, מיט יאָמער און מיט קלאָג, די הויט ציטערט פון שרעק און מען געהט אין שוהל עפּעס אזוי ווי מען וואָלט געגאנגען צו א לויה. פרעגט זיך די פראגע: פאַרוואָס איז דאָס אזוי?

אלס ענטפער אויף זיין פראגע, האָב איך איהם דערצעהלט די מעשה מיט יענעם זוהן:

א רייכער פאָטער האָט געהאָט איינציגע זיהן, וועלכע האָבען זיך אויפ־געפיהרט ניט נאָך זיין געשמאק נאָך. פרעסען, טרינקען, געהן אויפ׳ן גײעג און זיך ארומ׳הרג׳ענען איינער מיט׳ן צווייטען, דאָס איז געווען זייער גאנ־צער אידעאל. האָט דער פאָטער ביי זיך א טראַכט געטהאָן: אז פון די גרויסע ערוואַקסענע זיהן זיינע, וועט ער שוין קיין פיעל נחת ניט האָבען, ווייל דער הולטייסקער לעבען איז שוין צופיעל אריין אין זייער מאַרך און אין זייערע ביינער. דערפאר אָבער, קען ער נאָך פיללייכט האָבען אביסעל נחת פון זיין אינגערען זוהן. אמת, ער איז אפילו אויך ניט קיין גרויסער צאַצקע, נאָר ער איז נאָך יונג און נאָך ניט אזוי פאַרדאָרבען ווי זיינע עלטערע ברידער. פיללייכט וועט מען נאָך פון איהם עפּעס א שטיקעל תכלית קענען מאַכען.

און אזוי איז געווען! דער אינגערער זוהן האָט זיך דאַן ארומגעוואלגערט אין עגיפּטען און געפיהרט דאָרטען זעהר א טרויעריגען לעבען, האָט דער פאָטער געשיקט דאָרטען צו איהם א ספּעציעלען שליח, געגעבען איהם א געשריבענעם וועג־ווייזער מיט תקנות ווי אזוי ער זאָל זיך פיהרען, געהאלטען איהם א שטיקעל צייט אין דער מדבר, כדי איהם אָפּצוגעוואוינען פון זיינע פריהערדיגע זיטען, נאכהער האָט ער איהם געגעבען א שטיקעל לאַנד און דער זוהן האָט אָנגעהויבען צו פיהרען א וועלט פאר זיך אליין.

# מענש און תורה

די ערשטע צייט איז דעם זוהן זעהר גוט געגאנגען. ער האָט אָפּגעהיט דעם פאָטער׳ס תקנות, אויסגעמיידט זיינע עלטערע ברידער און געלעבט א שטילען, רוהיגען, מאָראַלישען לעבען. יעדען ניי־יאָהר, ווען דער טאטע פלעגט צו איהם קומען צו באזוך, פלעגט ער איהם עמפפאנגען מיט געזאנג און מיט טראָמפּייטען, גרייטען פאר איהם א רייכען טיש און פראוען פאר איהם א ריח־ניחוח סעודה.

האָבען אָבער די עלטערע ברידער מקנא געווען ישראל׳יקס גדולה, האָבען זיי איהם גענומען ביסלעכווייז צוציהען צו זיך, איינלאַדען איהם צו זייערע הוליאנקעס, אָנ׳שכור׳ן איהם מיט זייערע וויינען און פארבלענדען זיינע אויגען מיט זייערע פארשייטע טעכטער. איז דער פאָטער אין כעס געוואָרען אויף איהם, ארויסגעטריבען איהם פון זיין לאנד און איהם גע־מאַכט פאר א וואַנדערער.

וואַנדערט נעביך ישראל פון איין פלאץ צו דעם צווייטען און ליידט צרות, יסורים, מאנגעל און נויט. שטעהט אָפּ א קורצע צייט אין א לאנד, ארבייט זיך אביסעל ארויף און מיינט, אז ער האָט שוין א מקום מנוחה געפונען, פלוצלונג הייסט מען איהם נעמען זיין וואנדער־שטעקען אין האַנד און זיך זוכען אן אנדער פלאַץ.

אַ גאַנץ יאָהר פיהלט ער ניט אזוי שטאַרק זיין ביטערע לאַגע, ווייל ער איז פאַרנומען מיט א לעבען צו מאכען פאר זיין פאַמיליע. נאָר ווען עס קומט ראש השנה, זיין ניי־יאָהר און ער גיט א קוק וואָס פאַר אַ קלאָגעדיגען יאָהר ער האָט דורכגעמאכט, אזוי ווערט איהם נעביך ביטער אויף דעם האַרצען.

אפילו אין אמעריקא, א לאנד, וועלכע באשטעהט פון עמיגראנטען, איז ער נאָך מיט איהר אויך ניט זיכער, ווייל ווען עס זאָל זיך דאָ צום ביישפּיל מאַכען, א פוילישע פראגע, א איטאַליענישע פראגע, אפילו א כינעזישע פראגע, האָבען זיי איבערגעלאָזען אין דער אלטער היים א רעגי־רונג, וואָס וועט זיך פאר זיי אָננעהמען. דער איד אָבער איז אן עלענדער וואַנדערער. מעהר ווי מיט טרערען קען ער אויף זיין שיקזאַל ניט פלייצען. דעריבער קען ער ראש השנה ניט פרעהליך זיין, ווייל ביי איהם איז — „בכסה ליום חגנו״ א צוגעדעקטער יום טוב. מיר קענען ניט וויסען, וואָס מאָרגען וועט זיין!

## דר. י. ל. שניצער

# די עליה און ירידה

פרעגט מיך א געוועזענער רייכער איד א קשיא:

ווי עס קוקט אויס, האָט דער אויבערשטער זעהר גרויס הנאה חוזק צו מאַכען פון זיינע מענשלעך. ער איז אַמאָל געווען אן אָרימאן אן אביון, ניכיי וואָלט איהם דער אויבערשטער געלאָזען ביי זיין פריהערדיגער אָרימ־קייט, וואָלט ער פארשפאָרט זיך איצט אזוי פיעל צו ערגערען. איז ער געגאנגען און האָט איהם רייך געמאַכט און איצט האָט ער אלעס פון איהם צוריק צוגענומען. פרעגט זיך די פראגע: צו וואָס האָט ער געגעבען און צו וואָס האָט ער עס צוריקגענומען?

אלס ענטפער אויף זיין קשיא האָב איך איהם דערצעהלט די מעשה מיט יענעם בן יחיד:

א גרויסער גביר האָט געהאַט איין־איינציגען זוהן, געוועהנליך פלעגט ער פאַר איהם מאַכען זעהר טייערע קליידער פון די פיינסטע שטאָפען, אָבער דער אינגעל איז זעהר א נאַכלעסיגער געווען, אין א פאָר טעג צייט פלעגט דער מלבוש שוין זיין פול מיט פלעקען און איינגעריכט אין בלאָטע, דער פאָטער האָט געהאט זעהר פיעל עגמת נפש דערפון. ערשטענס, איז איהם א שאָד געווען דער מלבוש, ער האָט אָפּגעקאָסט א סך געלד, און צווייטענס, האָט איהם פארדראָסען זיין זוהנ׳ס נאַכלעסיגקייט, וואָס ער ווייס ניט ווי אזוי צו שעצען אַזאַ שעהנעם בגד. ענדליך נאָך א לאנגען טראכטען איז דער פאָטער געפאלען אויף א פּלאַן, ער וועט שוין אויסלערנען זיין בן־יחיד ווי אויפצופּאַסען אויף א שעהנעם בגד. און ווען דער אינגעל איז אריינגעקומען אין הויז מיט א פארפלעקטען רעקעל, האָט דער פאָטער איבערגעקעהרט דעם בגד מיט דעם אונטערשלאג ארויף, אָנגעטהאָן עס אויפ׳ן אינגעל און איהם אזוי ארויסגעשיקט אין גאַס.

ווען דער אינגעל האָט זיך באוויזען אין גאַס מיט׳ן איבערגעדרעהטען בגד, האָבען זיינע חברים געלאכט פון איהם. די עלטערע מענשען, ווידער, האָבען געמיינט, אז דער גביר טהוט דאָס אויס קארגשאפט. דער אינגעל זאָל אזוי גיך דעם בגד ניט אויסטראָגען, און ווען א נאָהענטער פריינד

## מענש און תורה

האָט דעם גביר געבומען מוסר׳ן ווארום ער באהאנדעלט אזוי שלעכט זיין איין־איינציג קינד, האָט דער גביר איהם געענטפערט:

„דאָס איז דער איינציגער מיטעל איהם צו מאַכען צו פאַרשטעהן ער זאָל וויסען ווי צו שעצען א שעהנעם בגד, ער איז מיר צו ליעב און צו טייער, אז איך זאָל איהם געבען א שווערע שטראָף, האָב איך בלויז איבער־געדרעהט אויף איהם דעם בגד דאָס וועט זיין פאר איהם א ווארנונג״.

דאָס וואָס דער אויבערשטער האָט איבערגעדרעהט די קאַפּאָטע פון די אויפגעקומענע מענשעלאך, האָט ער ניט חוזק געמאכט פון זיי, נאָר דאָס איז א ווארנונג אויפצופאַסען אביסעל בעסער אויף דעם שעהנעם בגד, אז זיי זאָלען איהם ניט שמוציג מאכען, אבער אז זיי וועלען אין דער צוקונפט זיך בעסער אויפפיהרען וועט דער בגד צוריק איבערגעקעהרט ווערען אויף דער ריכטיגער זייט.

# דער איד בין העמים

ווען מיר קוקען דורך אונזער היסטאָריע, געפינען מיר, אז די גאנצע צייט וואָס מיר אידען זיינען געזעסען אויף אונזער לאנד זיינען מיר ניט געווען אזעלכע גרויסע גייסטיגע צאצקעס. קערפערליך, קען זיין, זיינען מיר יאָ אביסעל ענטוויקעלט געוואָרען, ווייל עס האָט געבומען א רעכט ביסעל צייט די באבילאָנער און שפּעטער די רוימער אונז צו באַזיעגען, אָבער אין גייסטיגע זאכען קומט אויס זיינען מיר זעהר הינטערשטעליג געווען, ווייל מיר האָבען זיך געריסען די גאַנצע צייט צו געצען־דינסט און אימ־פּאָרטירט אין אונזער לאַנד פרעמדע און מיאוס׳ע מנהגים. פרעגט זיך די פראַגע: מיר זיינען דאָך שוין דאַן אויך געווען דעם אויבערשטענס „אתה־בחרתנו׳קעס״ טאָ פאַרוואָס האָט מען דאַן אונזער גייסטיגען אוצר ניט ארויסגעזעהן?

אלס ענטפער אויף דער פראגע קען מען דערצעהלען די מעשה מיט יענעם רב׳ס זוהן:

# דר. י. ל. שניצער

אין א געוויסער גרויסער שטאָדט איז געווען א רב, א צדיק, א גאון און א גרויסער חכם אין וועלט־זאַכען, פון דער גאנצער געגענד ארום פלעגט מען קומען צו איהם אויף דין תורה׳ס און אויך עצות פרעגען.

דער רב האָט געהאט א זוהן אויך א למדן און א מושלם בכל המעלות, אָבער צום פאָטער איז ער ניט געקומען. ווען דער רב פלעגט אמאָל אוועק־פאָהרען אויף א פאָר טעג צייט און איבערלאָזען דעם זוהן אויף זיין פלאץ, פלעגט קיינער צו איהם ניט קומען, ווייל אנטקעגען זיין גרויסען טאַטען האָט ער אויסגעקוקט אין די אויגען פון די בעלי־בתים קליין, אונוויסענד און נאַריש, און דאָס האָט דעם רב זעהר פארדראָסען: סטייטש, ער ווייס דאָך אז זיין זוהן איז א גרויסער למדן און נאָך א קלוגער אויך דערצו, טאָ פאַרוואָס זאָל דער עולם פון איהם ניט האַלטען?

נאָך א לאַנגען ישוב הדעת איז ביים רב געבליבען אז דער זוהן מוז אוועקגעהן פון איהם. ער וועט אויסזוכען פאַר איהם עפּעס א קליין ווייט שטעדטעל און איהם מאכען דאָרטען פאר א רב, ווייט אוועק פון טאַטען, און ביי פּראָסטערע בעלי־בתים וועט דער זוהן אויך נעהמען שיינען.

און אזוי איז געווען. דער זוהן האָט געפאָלגט די עצה פון זיין פאָטער. ער האָט אויסגעזוכט א קליין שטעדטעל ווייט אוועק פון פאָטער וואו די איינוואוינער זיינען געווען גרויסע עמי הארצים און פּראָסטאקעס, און האָט זיך אהין איבערגעצויגען, און באַלד האָט אָנגעהויבען צו קלינגען ארום דער גאַנצער געגענד, אז אין יענעם און יענעם שטעדטעל געפינט זיך א רב וואָס איז א גרויסער למדן, א גאון עולם, און זעהר א גרויסער חכם. צו זיין גרויסקייט און צו זיין פרומקייט איז גאָר קיין גלייכען ניטאָ.

אין אונזער הייליגען לאַנד האָט זיך די גרויסקייט פון אידישען פאָלק ניט געקענט ארויסזעהן צוליב דעם, ווייל מיר זיינען געווען צו נאָהענט צו אונזער גרויסען פאָטער אין הימעל. האָט אונז דער אויבערשטער פאַרשיקט צווישען די אומות העולם, און ערשט צווישען זיי קען מען ארויסזעהן אונזערע גרויסע מעלות.

# עבירה גוררת עבירה

פרעגט מיך א איד א קשיא:

קהלת זאָגט אונז: „שמח בחור בילדותך". פרעה זיך, בחור׳ל, מיט דיין יוגענד, „ויטיבך לבך בימי בחורותיך" — און גיב נאָך דיין הארץ בחור׳ווייז, „והלך בדרכי לבך ובמראי עיניך" — און טו וואָס דיין הארץ געלוסט און וואָס דיינע אויגען זעהען. זעהר א שעהנע שטיקעל פילאָזאָפיע! כל זמן דו ביזט יונג, ברודערקע, לעב און געניס! קומט ער אבער אין צווייטען האלבען פסוק און גיט זיך א זאָג: „ודע כי על כל אלה יביאך אלהים במשפט" — דו זאָלסט אָבער וויסען, ברודערקע, אז פאר די אלע זאַכען וועט דיך דער אויבערשטער נעהמען אויפ׳ן צימבעל. פרעגט זיך די פראַגע: אז אויב נעהמען אויפ׳ן צימבעל, טאָ פאַרוואָס הייסט ער איהם פריהער לעבען א גוטען טאָג?

אלס ענטפער אויף זיין קשיא האָב איך איהם דערצעהלט די מעשה מיט יענעם לץ:

אן אָרעמאן איז געקומען אין א שטאָדט, איז איהם אנטקעגען געקומען א לץ, א שפּאַס־מאַכער, געגעבען איהם „שלום עליכם" און איהם געפרעגט פון וואנען קומט א איד? און וואוהין געהט א איד? און נאָך אזעלכע פראגעס. דער אָרעמאן האָט פאַר איהם געעפענט זיין שווער ביטער הארץ און איהם דערצעהלט, אז ער האָט שוין פון צוויי טעג ניט געגעסען און האָט ניט וואו א נאַכט איבערצונעכטיגען.

„קומט צו מיר אהיים! — האָט דער לץ זיך צו איהם אָבגערופען — איהר וועט ביי מיר קריגען עסען, טרינקען און אויך א צימער צו שלאָפען". דער אָרעמאן האָט זיך זעהר דערפרעהט און געדאַנקט דעם אויבערשטען וואָס ער האָט איהם צוגעשיקט אַזאַ גרויסען בעל צדקה. דער לץ האָט גענומען דעם אָרעמאן און איהם אריינגעפיהרט אין אן אכסניא און איהם געהייסען געבען עסען, טרינקען און אויך א צימער צו שלאָפען.

דער אָרעמאן איז דאָרטען אָבגעוועזען א פּאָר טעג, און ווען ער האָט גענומען זיינע פּעקלאך און געוואָלט אוועקגעהן, האָט דער בעל־אכסניא

צו איהם א זאָג געטהאָן: „זייט אזוי גוט רב קרוב און באצאָהלט מיר פאָר אייער צימער און פאר אייער עסען די פאָר טעג".

„סטייטש!" האָט דער אָרעמאן אויסגעשריען, „יענער האָט דאָך מיר געזאָגט, אז איך קען דאָ זיצען און עסען פריי אָהן געלד".

„ניט ביי מיר, רב קרוב" — האָט דער בעל אכסניא זיך צו איהם אָבגערופען, און דערביי האָט ער צוגענומען זיינע פעקלאך און איהם געהייסען געהן שאַפען געלד.

מיט א פאַרביטערט האַרץ איז, נעביך, דער אָרעמאן ארויס אין גאַס און האָט ניט געוואוסט וואָס צו טאָן. איז צוגעקומען צו איהם דער זעלבער לץ אָבער שוין אנדערש פארשטעלט, און ווען דער אָרעמאן האָט איהם דערצעהלט וואָס מיט איהם האָט פּאסירט, האָט זיך דער לץ אָבגערופען:

„רעכט אויף אייך! ווי איז דאָס א מענש אזוי נאַריש און לאָזט זיך פארפיהרען פון א לץ? אָבער אזוי ווי איהר זייט שוין ארייגעפאלען, איז מיין עצה אז איהר זאָלט געהן צוריק אויף דער אכסניא און זיצען דאָרט און עסען ביז איהר וועט אָפּעסען דעם ווערטה פון אייערע זאכען".

קהלת שטעלט פאָר דעם יצר הרע ווי ער רעדט איין אין די אינגערע יאָהרען דעם מענשען אז ער זאָל לעבען א גוטען טאָג. — „שמח בחור בילדותך". ווען דער מענש אָבער ווערט עלטער און זעהט אז ער איז א גרויסער בעל חוב, א גרויסער בעל עברה געוואָרען, קומט דער זעלבער לץ שוין גאָר מיט אנדערע ווערטער: „ודע כי על כל אלה יביאך אלהים במשפט" — סיי ווי סיי וועט מען דאָך דיך שוין צימבלען אויף יענער וועלט, טאָ זינדיג ווייטער פאר די זעלבע שמיץ.

---

# געלד אלס אָבגאָט

קומט מיינער א לאנדסמאן מיר צו באזוך. אין די גוטע צייטען האָב איך איהם ניט אָנגעזעהן, נאָר איצט איז ער דאָ.

א זייגער־מאכער איז ער געווען אין דער היים, געקומען אין אמעריקא און זיך געעפענט א סטאָרקע אין א קליין שטעדטעל לעבען ניו יאָרק און

# מענש און תורה

געמאכט זיך א שטיל רוהיג לעבען. די אויגען אָבער זיינען גרויס, פאר זיי איז גאָר קיין גענוג ניטאָ. האָט ער אוועקגעוואָרפען די זייגער־מאכעריי און איז געוואָרען א גאָלד־ראַפינירער, א גאָלד־שמעלצער, ער פלעגט אויפ־קויפען אלטע גאָלד און דאָס צושמעלצען, נאָכדעם פלעגט ער דאָס פאר־קויפען מיט א גרויסען פּראָפיט. און אזוי ווי ער איז קיין מקפיד ניט געווען נאָכצופרעגען זיך פון וואַנען דאָס גאָלד קומט, צי דאָס איז עהרליכס אדער גע׳גנב׳עט, האָט טאַקע זיין געשעפט געגומען שטייגען פון טאָג צו טאָג און אין א קורצער צייט איז ער א רייכער מאַן געוואָרען.

שמעלצענדיג דאָס גאָלד האָט ער אויך זיין אַמאָליגע אידישקייט איבערגעשמאָלצען און עס איז ארויסגעקומען א מעטאַלענע בריאה מיט א אידישער נאָז. גאָלד איז געוואָרען זיין גאָט, רייכטהום — זיין גלויבען און די שמעלצעריי — זיין מזבח הזהב. אויף דעם מזבח האָט ער מקריב געווען זיין ווילען, זיין הארץ, זיין געוויסען, זיין אידישקייט און אויך זיינע קינדער. זיינע צוויי זיהן האָבען חתונה געהאט מיט גויעס און זיין בת יחידה האָט צוליב איהר איירישען געליבטען זיך איבערגעפּעקעלט אין יאָסקעס קאטוילישען חדר. קורץ, פון זיין הויז איז א „מענעדזשערי״ געוואָרען. ער, סתם א בריאה אָהן א קאָפּ און אָהן מארך, זיין ווייב א ספק חיה און א ספק בהמה — דאָס הייסט, א צווייפּעלהאפטע באַשעפעניש. זיינע זיהנ׳ס קינדער פּראָטעסטאנטען, און זיין טאָכטער׳ס קינדער קאטוילקען. א מין מצרים׳דיי־גער ערב רב.

דאַרף זיך גראָד מאכען א גרויסע צירונג גנבה אין שטעדטעל. די גנבים זיינען געכאַפּט געוואָרען און האָבען אויסגעזאָגט, אז ער האָט פון זיי די גע׳גנב׳עטע צירונג אָבגעקויפט. פארשטעהט זיך, אז מען האָט איהם ארעסטירט און איהם געשטעלט אונטער בייל.

א פאַרמעגען האָט איהם אָפּגעקאָסט אז מען זאָל זיין משפט אין אַן אַנדער באַצירק איבערטראָגען. זיין טענה איז געווען, אז אין דער זעלבער שטאָדט וועט ער קיין גערעכטיגקייט ניט קריגען, ערשטענס, ווייל ער איז א איד און די באַפעלקערונג פון דער שטאָדט איז צו אידען ניט אזוי פריינדליך, און צווייטענס, האָט ער אין דער שטאָדט זעהר פיעל פערזענליכע שונאים. זיין וואונש איז ערפילט געווארען, אבער אויך דאָרטען אין יענעם באַצירק

## דר. י. ל. שניצער

האָט מען איהם געפונען שולדיג און ער איז פאַראורטיילט געוואָרען אויף א פּאָר יאָהר געפענגניש.

דער משפּט האָט זיין גאנצע געלד איינגעשלונגען, דערפאר אבער האָט די געפענגניש זיין אידישע נשמה אביסעל אויסגעלייטערט. ער האָט זיך באַזעצט מיט זיין ווייב אין ניו יאָרק, און זיי זיינען געוואָרען מיטגלידער אין „עדת ישראל". איז ער דאָס איצט געקומען מיר אָנזאָגען די שמחה, אז ער און זיין ווייב זיינען שוין, גאָט צו דאנקען, באזאָרגט מיט קברים און מיט תכריכים.

קוקענדיג אויף מיין לאַנדסמאַן איז מיר פארענטפערט געוואָרען די קשיא.

אין פּרשה כי־תשא שטעהט, אז משה רבנו האָט גענומען דאָס גאָלדענע קאַלב און עס צומאָלען אויף זאַמד און עס אריינגעשאָטען אין וואסער און געגעבען דאָס וואסער טרינקען דעם פאָלק. פרעגט זיך די פראגע: וואָס האָט משה געמיינט מיט דיזער צערעמאָניע? האָט ער געמיינט אז די גאָלד־זאַמד וועט ברייננען טויט אדער קראנקהייט אויף די טרינקער?

נאָר דער תירוץ איז, אז משה רבנו האָט געוואָלט מיט דעם ווייזען ווי שעדליך עס איז די מאַכט פון גאָלד, נאָר פיעל פיעל שעדליכער ווי די אמאָליגע מאַכט פון פויסט. אין די אַמאָליגע „כל דאל־ים גבר" פעריאָדע פלעגען די שטארקע שטענדיג האלטען מלחמה צווישען זיך, אָבער דעם שוואכען האָבען זיי אימער געזוכט צו באשיצען. די מאכט פון גאָלד אָבער האָט ניט אזעלכע איידעלע געפיהלען. זי קען צונעהמען דאָס לעצטע שטיקעל ברויט פון פאָלק אבי איהר הויפען מאגנאטען צופרידען צו שטעלען. גאָלד רואינירט דעם מענשען, גאָלד פיהרט צו אויסגעלאסענהייט און צו פארשווענדונג. גאָלד ערנידעריגט די מאָראל פון די ארעמע און לערענט זיי גנבה, גזלה, רויבעריי און שווינדעל.

מיט געבען טרינקען די גאָלד־זאַמד וואַסער דעם מדבר פאָלק האָט משה געוויזען אז גאָלד, ווי דין איהר זאָלט עס ניט צומאָהלען, וועט קיין מאָל ניט שווימען פון אויבען, נאָר עס וועט אימער פאלען צום גרונד. אזוי איז אויך מיט די יעניגע וועלכע מאכען גאָלד פאר זייער אָבגאָט. די מוזען פאלען גייסטיג און מאָראַליש צום אָבגרונד.

# מענש און תורה

מיין לאַנדסמאַנ׳ס געשיכטע דערמאָנט מיך די מעשה מיט יענע גנבים:

רב ישראל ראַפּאָפּאָרט, דער פרומער גביר פון שטאָדט, האָט געהאט ביי זיך א משרת, וועלכער האָט יאָהרען לאַנג געדינט ביי איהם. רב ישראל האָט איהם געהאלטען פאר אן אייגענעם מענשען און האָט געהאט צו איהם דעם פולען צוטרויען.

די לעצטע צייט האָט דער משרת גענומען באַמערקען ווי רב ישראל נעהמט יעדען אבענד ארויס א שעהן געשניצט קעסטעלע פון זיין שראנק, געהט מיט דעם אריין אין זיין חדר מיוחד, זאמט זיך דאָרט אָפּ ביי א שטונדע צייט, נאכהער פארשליסט ער צוריק דאָס קעסטעלע אין זיין שראנק מיט גרויס פאָרזיכטיגקייט. דעם משרת איז די זאַך פאָרגעקומען זעהר זאָנ־דערבאר און זיין נייגעריגקייט האָט זיך גענומען צושפּילען אין איהם: פארוואָס האלט רב ישראל דאָס קעסטעלע אזוי טייער? וואָס קען זיך דאָרטען געפינען? ניט אנדערש ווי דאָרטען ליגט די פאמיליען ציערונג, וואָס דאָס געהט איבער בירושה פון איינעם צום אנדערען. און אזוי ווי יעדער גייציגער מענש האָט הנאה צו צעהלען זיין געלד, אזוי האָט רב ישראל אויך גרויס פארגעניגען צו קוקען יעדען אבענד אויף זיין קעסטעלע גאָלד.

אוי, ווען ער קען דערטאַפּען דאָס קעסטעלע! ער וואָלט דאַך דער גליקליכסטער מענש אויף דער וועלט געווען! ער וואָלט אוועק אין אן אַנדער לאַנד און געלעבט דאָרט א גוטען טאָג. אָבער וואָס איז די פעולה? רב ישראל האלט דאָס שליסעל פון שראַנק ביי זיך און לאָזט עס פון האנד ניט ארויס.

קורץ, דאָס קעסטעלע איז איהם פון זינען ניט ארויס. וואו ער איז געגאנגען און וואו ער איז געשטאַנען האָט ער נאָר געטראכט פון קעסטעלע. ענדליך איז ער געפאַלען אויף אַ פּלאַן. אויב ער קען דאָס גאַנצע קעסטעלע גאָלד ניט האָבען, זאָל ער וויינינגסטענס האָבען דערפון א העלפט. ער איז אוועק צו „נאָטקע זשלאָב", דער רבי פון אלע גנבים און האָט איהם דער־צעהלט די מעשה, און נאָטקע האָט איהם פארזיכערט אז ער וועט זיך טיילען מיט איהם העלפט אויף העלפט.

אין א שרעקליך פינסטערע נאַכט, א שטורעם־ווינד האָט גערוישט און געטריבען די כמארעס איינע אויף די אנדערע אונטער דעם קנאק פון דונער,

איז נאָטקע געגאנגען מאכען די „פאטשינקע". דער משרת האָט פאר איהם געעפענט דעם פענסטער און נאָטקע האָט מיט זיינע קלאפער־געצייג ארויס־גענומען דאָס קעסטעלע פון שראנק און גענומען לויפען מיט'ן משרת אויסען שטאָדט אין וואַלד אריין. דאָרטען וועלען זיי עפענען דאָס קעסטעלע און זיך טיילען מיט דעם אוצר.

לויפענדיג אין דער פינסטער זיינען זיי אייניגע מאָל געפאלען און זיך צוקאַליעטשעט די הענד מיט די פיס, אָבער ווער האָט געקוקט אויף די אַלע זאַכען? באַלד, באלד וועלען זיי האָבען א פארמעגען אין זייערע הענד און זיי וועלען לעבען א גוטען טאָג.

ענדליך זיינען זיי געקומען צו א פארבאָרגענעם פלאץ אין וואַלד און נאָטקע האָט זיך גענומען צו דער מלאכה עפענען דאָס קעסטעלע.

ווען ער האָט אויפגעבראָכען דעם דעק, האָט ער דערזעהען ווי אין קעסטעלע ליגען ווייסע זאכען. ער נעהמט זיי פאנאנדער און זיין הארץ איז איינגעפאלען פון שרעק. דאָרטען זיינען געלעגען רב ישראל'ס תכריכים וואָס ער האָט זיך געמאכט ביים לעבען, און אלע נאכט פלעגט ער די תכריכים אריינגעהמען צו זיך אין צימער און זאָגען „וידוי".

אין רעגען, אין שטורעם, אין דונער און אין בליץ לויפען מענשען און יאָגען זיך נאָך דאָס קעסטעלע גאָלד. יאָ עהרליך, ניט עהרליך — מען קוקט גאנץ ווייניג אויף די אלע זאכען, און אז מען האָט שוין געהאלטען עס א ווײלע אין די הענד, וואָס בלייבט אונז איבער? תכריכים און אמאָל דאָס אויך ניט. גאנץ אָפט שטארבט מען אין פרעמדע תכריכים.

## פרומקייט אין אמעריקא

פרעגט א איד א קשיא:

ער וואָלט וועלען וויסען די אורזאך, ווארום ווען מען קומט דאָ אין אמעריקא ווארפט מען גלייך די ערשטע זאַך אַראָפּ פון זיך דאָס ביסעל אידישקייט. ער קען צום ביישפיל לייטע, וועלכע זיינען געווען אין דער אַלטער היים זעהר פרום, זיי פלעגען אָפּהיטען די קלענסטע מצוות פון דער תורה, און דאָ אין אמעריקא האָבען זיי איבערגעקעהרט די קאַפּאָטע און

# מענש און תורה

געוואָרען אין גאנצען דער היפוך וואָס געווען. פרעגט זיך די פראגע: ווע־מענס שולד איז דאָס? איז דאָס די שולד פון דעם אמעריקאנער פרייען קלימאט? אדער ניין, די אידען זיינען אין דערהיים אויך ניט פרום געווען, נאָר זיי האָבען געטראָגען א מאַסקע אויף זיך?

אלס ענטפער אויף זיין קשיא, האָב איך איהם דערצעהלט די מעשה מיט יענעם אַרענדאר:

יאָסקע דער ארענדאר איז געווען זעהר חשוב ביי זיין פּריץ, אָהן איהם פלעגט דער פּריץ קיין זאַך ניט טהאָן, יעדע פאַרהאַנדלונג, וואָס פלעגט פאָרקומען אין הויף, איז דורך יאָסקע׳ס הענד דורכגעגאנגען.

גאנץ אָפט פלעגט דער פּריץ מאַכען א הוליאנקע ביי זיך אין הויף און פלעגט יאָסקע׳ן אויך איינלאדען, אבער מעהר ווי א שנעפּסעל פלעגט יאָסקע ניט מאכען, דער פּריץ האָט זיך געפונען זעהר שטארק באליידיגט דערפון, זיינע הוליאנקעס האָבען א נאָמען אין דעם גאנצען געגענד ארום און זיין ארענדאַר ריהרט זיך צו זיינע אכילות און צו זיינע טייערע וויינען ניט צו, און אז ער האָט יאָסקע׳ן אמאָל פאָרווירפע געמאכט פאר זיין האנד־לונג, האָט יאָסקע זיך אָפּגערופען:

— אדוני פּריץ׳ל! דו זאָלסט, חס ושלום, ניט דענקען אז איך וויל דיך באליידיגען דערמיט, חלילה!... נאָר אזוי ווי דו ווייסט אז איך בין א איד, איז אונז אידען ניט ערלויבט צו עסען טרפות און טרינקען קריסטליכע וויין.

— פארוואָס, יאָסקע?

קיין ריכטיגע ערקלערונג דערפאר ווייס איך ניט, נאָר אזוי האָט אונז משה רבנו אָנגעזאָגט און אזוי היטען מיר דאָס אָפּ.

— ווען איינער צום ביישפּיעל זאָל דיך וועלען דער׳הרג׳ענען פאר ניט עסען אונזערע אכילות און ניט טרינקען אונזערע וויין, וואָס וואָלסטו דאן געטהאָן? — האָט דער פּריץ איהם א פרעג געטהאָן.

— דאָס ווייס איך ניט, פּריץ׳ל, נאָר איך דענק, אז וואו עס איז פאַראַן סכנת־נפשות, איז עפּעס אנדערש! א באווייז האָב איך פון שבת. אָפּהיטען שבת איז די גרעסטע מצוה פון דער תורה, נאָר וואו עס איז פאראן א סכנת־נפשות, מעג מען מחלל שבת זיין.

א קורצע צייט שפּעטער האָט דער פּריץ געמאכט א הוליאנקע און האָט

יאָסקע׳ן אויך איינגעלאדען. ער האָט אָנגעגאָסען א גלעזעל וויין, אָנגעשטעלט געגען יאָסקע׳ן א רעוואָלווער און א געשריי געטהאָן:

— אויב דו טרינקסט ניט מיין וויין, יאָסקע, דערשיס איך דיך דאָ אויף אָן אָרט!

— אויב איך בין שוין יאָ געצוואונגען צו טרינקען פריץ׳ל — האָט יאָסקע צו איהם געזאָגט — טאָ גיס־זשע שוין אָן א גרעסער גלעזעל!

מען איז געקומען אין אמעריקא און מען זאָגט — אז שבת, צום ביי־שפּיעל מוז מען דאָ ארבייטען, ווייל אויב ניט, דארף מען שטארבען מיט דער פאמיליע פון הונגער. היינט אז עס איז שוין יאָ „פּקוח נפשות״, גיסט מען שוין אָן פאראיינס א גרעסער גלעזעל.



# קורץ גערעדט, אָבער צו דער זאַך

נאָך דער היסטאָריע נאָך קוקט אויס, אז אונזער משה איז ניט געווען פון די גרויסע גלענצענדע רעדנער. ער זאָגט אליין אויף זיך, אז ער איז א כבד פה. פרעגט זיך די פראגע: ווי קומט עס, אז דער אויבערשטער זאָל אָנפארטרויען אזא גרויסע וויכטיגע און דיפּלאָמאַטישע שליחות צו א שטומען רעדנער?

אלס ענטפער אויף דער פראגע קען מען דערצעהלען די מעשה מיט יענער אסיפה:

נאָכ׳ן ערשטען ציוניסטישען קאָנגרעס האָט רבי שמואל מאָהילאָווער צונויפגערופען אן אסיפה פון אלע ציוניסטישע פיהרער קיין ביאליסטאָק. עפענענדיג די אסיפה, איז רבי שמואל׳ס ערשטע ווערטער געווען:

„רבותי, איידער מיר געהען צום ריכטיגען תוך פארלאנג איך פון אייך צוויי זאכען. ערשטענס, צו זיצען אין היטלען, און צווייטענס, צו רעדען אידיש״. צווישען די דעלעגאטען האָבען זיך אָבער געפונען אזעלכע וואָס האָבען קיין אידיש ניט געקענט רעדען, האָט זיך אויפגעהויבען איינער פון די דעלעגאטען און האָט א זאָג געטהאָן: „רבי, אייער בקשה צו זיצען אין היטלען ווען מיר אייך צוליעב טהאָן, אָבוואָהל דאָס איז אויך אביסעל

שווערליך, אבער צוליעב אייער כבוד וועגען וועלען מיר דאָס טהאָן, אָבער רעדען אידיש — דאָס קענען מיר אייך ניט נאָכגעבען, ווייל אונז איז זעהר שווער ארויסצוברענגען אונזערע געדאַנקען אין אידיש. מיין מיינונג איז, אז יעדער זאָל זיך רעדען אין זיין שפּראַך און מיר זאָלען האָבען אן איבערזעצער".

„ביין! — האָט זיך רבי שמואל צו זיי מיט א שמייכעל אָפּגערופען — איך האָב אייך געבעטען רעדען אידיש ניט מחמת מען פארשטעהט דאָ קיין אנדער שפּראַך ניט, נאָר ווייל צו אונזער ענין איז בעסער צו רעדען אידיש. איהר ווייסט דאך אז משה רבנו איז געווען א כבד פה און א כבד לשון, פרעגט זיך די פראגע: ווארום האָט דער אויבערשטער אויסגעקליבען צו שיקען צו פרעה'ן א שליח וואָס איז שווער אויפ'ן לשון? נאָר דער תירוץ איז: ווען צו פרעה'ן וואָלט געקומען א דעלעגאט א בעל לשון, א פייער־דיגער רעדנער, וואָלט ער, ווי דער שטייגער איז, אוועקגעלייגט פאר איהם א פייערדיגע רעדע וועגען פרייהייט, אזוי לאנג מאריך בדרוש געווען, אז ער וואָלט פארגעסען דעם עיקר — די אידישע גאולה. אָבער אזוי ווי משה איז געווען א כבד פה, איז ער געקומען צו פרעה'ן און האָט א זאָג געטהאָן קורץ און שארף „שלח את עמי" שיק ארויס מיין פאָלק און — פארטיג!...

איך ווייס ברידערלאך, אז איהר זייט אלע, ברוך השם, גרויסע וויכטיגע רעדנער, האָב איך מורא, אז איהר וועט זיך צולאָזען מיט אייערע שעהנע דרשות וועגען ארץ ישראל און מיר וועלען צום עיקר קיינמאָל ניט קומען, אָבער אז איהר וועט רעדען אידיש, וואָס דאָס איז פאר אייך אביסעל שווער־לאך, וועט איהר קיין לאנגע דרשות ניט האַלטען נאָר איהר וועט רעדען צו דער זאַך".

# צדקה און אָרימקייט

פרעגט מיך א איד א קשיא:

אין פרשה תרומה האָט דער אויבערשטער אויסדריקליך אָנגעזאָגט די אידען, אז זיי מוזען געבען צדקה. הייסט עס, אז צדקה איז א מצות עשה

פון דער תורה. פרעגט זיך די פראגע: ערשטענס, פארוואָס מאכט מען אויף צדקה קיין ברכה ניט פונקט ווי אויף יעדער אנדער מצוה?... און צווייטענס, ווארום האָט דער אויבערשטער געמאכט, אז די צדקה, וואָס א גביר גיט שוין יאָ אמאָל, זאָל אזוי שווער אָנקומען?...

אלס ענטפער אויף זיין ערשטע קשיא האָב איך איהם ערקלעהרט: אז ווען מען זאָל דאַרפען מאכען א ברכה ביי צדקה געבען, וואָלט זיך אָנגעפאַנגען געוויינליך ווי דער שטייגער איז מיט שהיות, מיט כונות, וואשען די הענד, זאָגען א יהי־רצון און נאָך אזעלכע זאכען, ביני לביני וואָלט דער אָרעמאן נעביך אויסגעגאנגען פון הונגער.

אויף די צווייטע קשיא זיינע, האָב איך איהם דערצעהלט די מעשה מיט יענעם רייכען מאַן:

א רייכער מאן האָט געהאט א זוהן וואָס האָט געלערענט אין א ווייטע שטאָדט, און אזוי ווי דער פאָטער האָט איהם געדארפט שיקען געלד אויף דער הוצאה, פלעגט ער איהם שיקען געלד דורך אזעלכע מענשען, ביי וועלכע עס איז געווען זעהר שווער איינצומאָהנען, האָבען זיך די מענשען געוואונדערט ווארום דער פאָטער שיקט זיין זוהן געלד נאָר דורך אזעלכע קארגע און שלעכטע צאָהלער, און ווען איינער האָט אַמאָל דעם פאָטער א פרעג געטהאָן אז ער זאָל איהם ערקלעהרען די אורזאכע פון אזא מין האנדלונג, האָט דער פאָטער איהם געענטפערט:

מיין זוהן, פארשטעהט איהר מיך, איז ערצויגען געוואָרען ביי מיר אין הויז אין לוקסוס און אין פארגעניגען, ער האָט קיינמאָל ניט געוואוסט פון דאגות און אויך ניט דעם ווערטה פון קיין געלד, ווען איך זאָל איהם שיקען דורך אזעלכע מענשען, וואָס וועלען איהם דאָס געלד באלד אויסצאָהלען, האָב איך מורא, אז ער וועט דאָס געלד באַלד אויסברייגגען אויף נאַרישע פאַרגעניגענס און מיט שלעכטע חברים, דעריבער שיק איך איהם דאָס געלד מיט א שלעכטען קאַרגען צאָהלער. ביי איהם וועט ער שוין דאָס גאנצע געלד ניט קענען ארויסקריגען, נאָר ער וועט איינמאָהנען ביסלעכווייז וויפיעל ער דאַרף האָבען אויף עסען און אויף די נויטיגסטע זאכען צום לעבען.

ווען דעם אָרעמאן וואָלט גרינג אָנגעקומען זיין צדקה, וואָלט ער געוואָרען א פוילענצער זיין גאנצען לעבען, און וואָלט אויך פארלאָרען זיין זעלבסט־

רעספעקט. איצט אָבער, אז עס קומט איהם אָן זעהר שווער ארויסצוקריגען פון דעם שליח זיין צדקה, וועט ער זוכען מיט אלע מעגליכקייטען צו ווערען א געבער און ניט קיין נעהמער.



# די ווירקונג פון שטראָף

פרעגט מיך א מאָדערנער פילאָזאָף א קשיא:

מיר האַלטען אין איין שרייען, אז משה איז אמת און זיין תורה איז אמת. פארשטעהט זיך דאָך שוין ממילא, אז דאָס וואָס די תורה שרייבט דארף דאָך געוויס זיין קודש קדשים, צום סוף לאָזט זיך גאָר אויס, אז דאָס איז א בוידעם מיט אַ פאָליצע! אָט, צום ביישפּיעל, האָט די תורה אונז אָנגעזאָגט: אז דו וועסט טהאָן די און די עברה, וועסטו האָבען „כרת", דאָס הייסט יונג־אָבגעשניטענע יאָהרען. אָט האָט ער אָבגעטהאָן אין זיין לעבען א סך, א סך עברות פאר וועלכע עס קומט כרת און ער איז שוין אריבער די זעכציגער יאָהרען. פרעגט זיך די פראגע: ווען עס וואָלט געווען אמת ווי די תורה האָט געשריבען, טאָ פארוואָס איז ער יונגערהייט ניט געשטאָרבען?

אלס ענטפער אויף זיין קשיא, האָב איך איהם דערצעהלט די מעשה מיט יענעם רייכען פאַכטער.

חיים דער פאַכטער איז געווען א רייכער איד און דערצו נאָך זעהר א הייסער חסיד. אָהן דעם רבינ׳ס אַן עצה פלעגט ער זיך קיין קעהר און קיין ריהר ניט טהאָן. איז ער אמאָל געקומען צום רבי׳ן און איהם געבעטען ער זאָל איהם זעהן העלפען: היות, אזוי ווי עס איז שוין די דריטע פּאָר פערד וואָס מען גנב׳עט איהם ארויס פון זיין שטאל, על כן פארלאנגט ער, אז דער רבי זאָל איהם געבען א ברכה, אז מען זאָל מעהר זיינע פערד ניט גנב׳ענען.

אויסהערענדיג חיים׳ס בקשה, האָט דער רבי זיך דערמאָנט, אז מיט א ווײַלע צוריק איז געווען ביי איהם לייזער דער מילנער און האָט, נעביך, געקלאָגט מיט ביטערע טרעהרען, אז זיין גאנצע בעל־הבית׳שקייט, דאָס הויז מיט זיין מיהל איז מיט א פייער ארונטער, מעהר ווי די צוויי גרויסע הינט

זיינע איז איהם ניט געבליבען. האָט דער רבי א זאָג געטהאָן צום רייכען פאַכטער:

„הער אויס, חיים! פאָהר אריבער צו לייזער דעם מילנער, גיב איהם א הונדערטער און נעהם ביי איהם א הונט און שטעל איהם אריין אין דיין שטאַל, וועט מען מעהר דיינע פערד ניט גנב'ענען".

חיים האָט געטהאָן ווי דער רבי האָט איהם געהייסען. ער האָט גע־געבען לייזער'ן א הונדערטער און גענומען ביי איהם א הונט און אריינגע־שטעלט ביי זיך אין שטאַל אוןביידע זיינען געהאָלפען געוואָרען. לייזער האָט געהאלט געלד אויפצובויען צוריק זיינע בעל־הבית'ישקייט און חיים'ס פערד האָט מען מעהר ניט גע'גנב'עט, ווייל דער הונט איז געווען זעהר א גוטער שומר.

חול המועד פסח, ווען חיים איז ארויס ביי זיך אין געשעפט, איז איהם פינסטער געוואָרען פאַר די אויגען. ער האָט דערזעהן ווי זיין שומר, זיין הונט, האָט געבראַכט צו שלעפען פון ערגעץ א שטיק ברויט און עסט חמץ בפסח. ער האָט גלייך איינגעשפּאַנט זיין פערד און איז אוועקגעלאָפען צום רבי'ן און האָט א געשריי געטהאָן:

„רבי'נקע, ראַטעוועט! מיין הונט האָט זיך היינט אָנגעגעסען מיט חמץ, און פאַר עסען חמץ קומט דאָך כרת, דאַן וועל איך בלייבען אָהן א הונט און מען וועט ווייטער מיינע פערד גנב'ענען".

דער רבי האָט א שמייכעל געטהאָן און זיך צו איהם אָבגערופען:

„האָב קיין מורא ניט, חיים! דיין הונט וועט גאָרנישט שאַטען, ווייל כרת איז נאָר פאַר מענשען, אָבער ניט פאַר הינט".



# קנאה און שנאה

אין פרשה תולדות געפינען מיר, אז עשו קלאָגט פאַר זיין טאַטען: „ויעקבני זה פעמים", אז יעקב האָט איהם שוין צוויי מאָל אָנגעפייפט, הייסט עס, אז איהם פאַרדריסט ניט אזוי שטאַרק די ברכות, נאָר דאָס וואָס יעקב האָט איהם גענאַרט. שפּעטער אָבער שטעהט: „וישטום עשו את יעקב

# מענש און תורה

על הברכה אשר ברכו אביו", עשו האָט געטראָגען א שנאה אויף יעקב׳ן צוליעב די ברכות וואָס דער פאָטער האָט איהם געבענשט. פרעגט זיך די פראַגע: וואָס האָט עשו׳ן מעהר פאַרדראָסען, צי דער שפּיצעל וואָס יעקב האָט איהם אָבגעטהאָן, אָדער טאקע די ברכות וואָס יעקב האָט פון פאָטער ארויסגעקראָגען?

אלס ענטפער אויף דער פראגע קען מען דערצעהלען די מעשה מיט יענעם גביר:

עס איז געווען אמאָל א גרויסער גביר, וועלכער האָט געהאט א נאָמען פאר זעהר א גרויסען אכזר. יעדער וואָס האָט מיט איהם געהאנדעלט, האָט נאָכדעם געהאט צו זינגען און צו זאָגען. דערצו איז ער נאָך זעהר תקיף געווען ביי זיך. צו קיין דין־תורה פלעגט ער ניט געהן, אויף בוררים פלעגט ער זיך אויך ניט פארלאָזען. קורץ, עס איז זעהר שווער געווען מיט איהם אויסצוקומען. אז ער פלעגט אראָפּרייסען פון מעקלעריי אָדער פון אנדערע זאַכען, האָט מען געמוזט צונעמען ווי פיעל ער האָט געגעבען. געה קלאָג זיך מיט איהם, אַז ער געהט ניט צו קיין דין תורה!

דאַרף זיך טרעפען א געשיכטע, אז דער גביר האָט גראָד געהאט א סכסוך מיט א פרומען אידען. ער האָט געמאָהנט ביי איהם א געוויסע סומע געלד און דער איד האָט זיך ניט וויסענדיג געמאכט. אין געריכט האָט ער איהם ניט געקענט נעהמען, ווייל דער איד האָט איבערגעשריבען זיין גאנצען פארמעגען אויף דער ווייב׳ס נאָמען, האָט זיך דער גביר מישב געווען: אזוי ווי ער איז א פרומער איד, וועט ער איהם רופען צו א דין־תורה, און אזוי ווי ער איז דער גביר און דער תקיף פון שטאָדט, וועט דער רב געוויס זיין אויף זיין זייט.

דער רב איז אָבער געווען א צדיק תמים, וואָס קיין רייכקייט און קיין תקיפות האָבען ביי איהם קיין ראָלע ניט געשפּילט.ביידע בעלי דינים זיינען געווען ביי איהם גלייכע יחסנים. איז ווען ער האָט אויסגעהערטביידענס טענות, האָט גראָד דער פרומער איד געוואונען דעם דין תורה.

דער גביר איז געוואָרען אויפ׳ן רב אש להבה און האָט איהם גענומען פאַרפאָלגען אויף יעדען טריט און שריט. דער רב אָבער האָט זיך ניט וויסענדיג געמאכט, ער האָט געליטען און געשוויגען.

## דר. י. ל. שניצער

דעם צווייטען טאָג פסח האָט זיך געמאכט ביי דעם גביר א שאלה און דער רב האָט חמצ׳דיג געמאכט אלע זיינע כלים. דאָס איז געווען פארבונדען מיט זעהר א גרויסען געלד־שאָדען, אָבער דער גביר האָט הכנעה׳דיג מקיים געווען דעם רב׳ס פסק און האָט געקויפט נייע כלים, האָבען די בעלי בתים א פרעג געטהאָן דעם רב, אז ער זאָל זיי ערקלעהרען, פאר וואָס ביי יענעם דין תורה איז דער גביר איהם געוואָרען א שונא מות און ביי דעם פסק האָט ער זיך גאָר ניט אנטקעגען געשטעלט? בייביידע זאכען, דאכט זיך, האָט דער גביר געליטען א פארלוסט אין געלד, טאָ וואָס איז דער אונטערשיד פון יענעם היזק ביז דעם היזק? האָט דער רב זיי געענטפערט:

„אמת, טאקע, אז דער לאו פון „לא תגזול״ און דער לאו פון „כל מחמצת לא תאכלו״ זיינען ביידע גלייך, נאָר ביי דער שאלה פון חמץ ליידעט ער אליין דעם היזק, קיין צווייטער האָט דערפון קיין נוצען ניט. ביי דעם דין תורה אָבער האָט זיך געהאנדעלט וועגען געלד זאכען. ווען ער האָט פארלאָרען און דער צווייטער בעל דין האָט געוואונען, אָט דאָס האָט ער ניט געקענט פארטראָגען. סטייטש, פאר וואָס זאָל יענער האָבען ריוח?

„וישטום עשו את יעקב״, עשו׳ן האָט געברענט די שנאה, ניט אזוי צוליעב זיין אייגענעם היזק, נאָר „על הברכה אשר ברכו אביו״, ווארום דער טאַטע האָט איהם אויך געבענשט. יעקב׳ס ריוח האָט איהם געקרענקט, יעקב׳ס ריוח האָט איהם זעהר שטארק פארדראָסען, דעריבער איז ער איהם א שונא געוואָרען.

---

# ארץ ישראל

אונזערע חכמים זאָגען: ווען די אידען זיינען געגאנגען אין דער מדבר, האָבען זיי נאָר געהאלטען אין איין קוקען אין דער ריכטונג וואו מצרים ליעגט. משה רבנו, ווידער, האָט געהאלטען אין איין קוקען אין דער ריכטונג וואו ארץ ישראל ליעגט. פרעגט זיך די פראגע: די אידען האָבען דאָך געוואוסט אז דער אויבערשטער פירט זיי אין דעם לאַנד וואָס

## מענש און תורה

ער האָט זייערע עלטערען פארשפראָכען, טאָ פארוואָס האָבען זיי געהאלטען אין איין קוקען וואו מצרים ליגט?

אלס ענטפער אויף דער פראגע קען מען דערצעהלען די מעשה מיט יענעם פאָטער און זוהן:

אן אלמן, וועלכער האָט געהאט איין־איינציגען זוהן, האָט גענומען א צווייטע פרוי וועלכע איז געוועזן זעהר א גרויסע מרשעת, פארשטעהט זיך אַז דער בן־יחיד האָט קיין האָניג ניט געלעקט ביי זיין שטיפמוטער. פלעגט דער פאָטער אלץ אומגעהן טראכטענדיג: אוי, ווי דערלעבט מען שוין די מינוט, אז זיין זוהן זאָל אויסוואקסען און חתונה האָבען, דאָן וועט ער פטור ווערען פון זיין שלעכטער שטיפמוטער.

ווען דער זוהן איז אויסגעוואקסען איז געקומען צום פאָטער א שדכן און האָט פאָרגעשלאָגען פאר זיין זוהן א שדוך מיט א רייך מיידעל פון א ווייטער שטאָדט און האָט גענומען לויבען דאָס מיידעל און די מחותנים ביז אין זיבעטען הימעל אריין, אָבער אזוי ווי דער פאָטער האָט צו דעם שדכן קיין גרויס צוטרויען ניט געהאט, איז ער אליין געפאָהרען אין יענער שטאָדט און זיך געזעהן מיט די מחותנים און מיט דער כלה און דער שדוך איז איהם זעהר געפעלען געווארען. ער האָט אָבגעמאכט, אז אין דריי מאָנאַטען ארום זאָל זיין די חתונה.

ווען ער איז געקומען אהיים און האָט דערצעהלט דעם זוהן וואָס פאר א גליק־שדוך ער האָט פאר איהם, האָט זיך דער זוהן זעהר דערפרעהט און גענומען צעהלען די טעג פון די דריי מאָנאַטען, ווייל ער האָט שוין געוואָלט וואָס גיכער פטור ווערען פון זיין שטיפמוטער׳ס זיסער באהאנדלונג. און ווען עס איז געקומען דער גליקליכער טאָג, האָט דער פאָטער געדונגען א פוהר און מען איז געפאָהרען אויף דער חתונה.

פאָהרענדיג, האָט דער חתן אלע ווײַלע א פרעג געטהאָן דעם בעל עגלה וויפיעל מייל זיי זיינען שוין פון דערהיים אָבגעפאָהרען. דער פאָטער, ווידער, האָט אלע ווײַלע דעם בעל עגלה געפרעגט: ווי ווייט האָבען זיי נאָך צו פאָהרען צו יענער שטאָדט וואו די כלה געפינט זיך? האָט דער בעל עגלה דעם פאָטער א פרעג געטהאָן:

„קענט איהר מיר ניט זאָגען, מיין פריינד, ווארום האָט איהר זיך פאר־ביטען מיט די פראגעס? אייער פראגע, ווי ווייט מיר האָבען נאָך צו פאָהרען

צו דער שטאָדט וואו די כלה וואוינט, האָט געדאַרפט אייער זוהן פרעגען, און די פראגע, ווי וויט מיר זיינען שוין פון דערהיים אָפּגעפאָהרען, האָט איהר געדאַרפט פרעגען, ווייל איהר האָט דאָרטען אייער פלונית'טע איבער־געלאָזען. צום סוף האָט איהר זיך גאָר פארביטען מיט די יוצרות".

„איך וועל אייך זאָגען, — האָט דער פאָטער איהם געענטפערט, — מיין זוהן האָט נאָך זיין כלה ניט געזעהן. ער ווייס נאָר איין זאך: ער האָט זיך אָנגעליטען ביי זיין שטיפמוטער א סך צרות, איז וואָס ווייטער ער דער־ווייטערט זיך פון איהר, אלץ פרעהליכער ווערט ער. איך אָבער ווייס יאָ, וואָס פאר א כלה ער קריגט און אין וועלכע גוטע הענד ער פאַלט אריין, דעריבער צעהל איך שוין די מינוטען וואָס גיכער איהם גליקליכער צו זעהן."

ווען די אידען זיינען ארויס פון מצרים, האָבען זיי ניט געוואוסט וואָס פאַר אַ שעהן לאַנד דער אויבערשטער האָט פאר זיי אָנגעגרייט, זיי האָבען זיך בלויז געפרעהט וואָס זיי דערווייטערען זיך אלץ מעהר פון דעם לאנד וואו זיי זיינען קנעכט געווען. משה אָבער האָט יאָ געוואוסט וואָס פאַר אַ שעהן לאנד ארץ ישראל איז, האָט ער געהאלטען זיינע אויגען געריכטעט ניט צו דעם אָרט פון וואנען זיי זיינען געקומען, נאָר צו דעם אָרט וואוהין זיי זיינען געגאנגען, ווייל ער האָט געוואָלט אז זיין פאָלק זאָל שוין וואָס גיכער גליקליכער זיין...



# סביבה און מיאוסע רגילות'ן

ווען די אידען האָבען געמאכט דעם עגל, טענה'ט משה צום רבונו של עולם: „למה ד' יחרה אפך בעמך אשר הוצאת מארץ מצרים בכח גדול וביד חזקה", ווארום ביזטו אזוי אין כעס אויף דיין פאָלק וואָס דו האָסט ארויסגענומען פון מצרים מיט גרויס מאַכט? פרעגט זיך די פראגע: וואָס איז דאָס פאר א טענה? גראַד פארקעהרט, נאָך די ווערטער נאָך, האָט דער אויבערשטער געדאַרפט נאָך מעהר אין כעס זיין, ער נעהמט ארויס א פאָלק

פון מצרים מיט גרויס מאכט, צום סוף געהען זיי און מאכען א קאַלב פאַר א גאָט.

אלס ענטפער אויף דער פראגע קען מען דערצעהלען די מעשה מיט יענעם איידעם:

א גרויסער גביר האָט חתונה געמאכט זיין טאָכטער מיט א קליינשטעטעלדיגען ישיבה בחור, ער האָט איהם צוגעזאָגט צו געבען קעסט פון דאָס שעהנסטע און דאָס בעסטע, אבי ער זאָל נאָר זיצען און לערנען.

איין טאָג, ווען דער גביר איז גראדע אין דרויסען ניט געווען, האָט דער איידעם צופעליג פארבלאָנדזשעט אין קיך — און דערזעהענדיג דאָרטען שוואַרצע ברויט מיט הערינג און מיט ציבעלעס, זיינע אַמאָליגע טאָג־טעגליכע מאכלים, האָט ער זיך ניט געקענט באהערשען און האָט זיך צוגעכאפט דערצו מיט אַזאַ אימפעט, מיט אַזאַ אויסטערלישער תאוה, דאָס ער האָט זיך איבער־געגעסען און איז שרעקליך קראנק געוואָרען.

ווען דער שווער איז אהיים געקומען און האָט דערהערט וואָס מיט דעם איידעם האָט פּאַסירט, איז ער זעהר שטארק אין כעס געוואָרען און האָט אָנגעפאַנגען צו שרייען אויפ׳ן איידעם:

— דו אזעלכער, און אזעלכער, ווי פּאַלסטו אויס זיך אָנצועסען מיט אזעלכע גראָבע מאכלים, אין דער צייט וואָס ביי מיר אין הויז שטעהט גרייט פאַר דיר דאָס בעסטע און דאָס שעהנסטע ?...

„אמת, אמת, — האָט דער איידעם זיך צו איהם אָבגערופען, — אייערע מאכלים זיינען טאקע א סך בעסער, אָבער איהר דאַרפט ניט פאַרגעסען, שווער לעבען, פון וואַנען איך שטאַם און פון וואָס פאר קבצנ׳ישער שטוב איך קום ארויס... דאָרטען האָט מען מיך דעם גאַנצען לעבען געקאָרמעט מיט שווארצע ברויט, מיט הערינג און ציבעלעס, דעריבער אז איך האָב אין קיך דערזעהן מיינע אמאָליגע מאכלים, האָב איך ניט געקענט גובר זיין די תאוה, ווייל פון א רגילות איז זעהר שווער זיך אָפּצוגעוועהנען״.

אָט דאָס האָט אויך משה רבנו גע׳טענה׳ט מיט׳ן רבונו של עולם, „למה ד׳ יחרה אפך בעמך״, נאָך וואָס זאָלסטו גאָט אויף זיי אין כעס זיין ?... פאַרגעס ניט פון וואַנען עס שטאַמט דער דאָזיגער איידעם מיט וועלכען דו האָסט זיך מתחתן געווען, „אשר הוצאת מארץ ישראל״ דו האָסט זיי ארויסגענומען פון מצרים, פון א מקום טומאה, און פון עבודה זרה, דערמאָן

**דר. י. ל. שניצער**

זיך נאָר אין וואָס פאר א הויז ער האָט זיך ערצויגען און צווישען וועלכע מענשען ער האָט די גאַנצע צייט געלעבט. איז עפּעס א חידוש וואָס ער קען אזוי גיך ניט ארויסרייסען פון זיך די אלטע מיאוס׳ע רגילות׳ן?...



# מרגלים

ווי מיר ווייסען, האָבען די אידען א סך, א סך גרויסע עבירות געטהאָן, מען דאַרף ניט מעהר די זינד פון עגל הזהב, פונדעסטוועגען האָט דער אויבערשטער זיי מוחל געווען, אָבער די זינד פון די מרגלים האָט ער זיי ניט מוחל געווען און עס איז געבליבען א בכיה לדורות. פרעגט זיך די פראגע: מיט וואָס איז אזוי די זינד פון די מרגלים ערגער ווי די אלע זינד וואָס זיי האָבען באגאנגען?

אלס ענטפער אויף דער פראגע קען מען דערצעהלען די מעשה מיט יענעם יורש־עצר:

א מלך האָט געהאט א סך קינדער, אָבער קיינער פון זיי איז ניט פּאַסיג געווען איבערצונעהמען דעם כסא־המלכות, ווייל זיי זיינען געווען גרויסע שאַרלאַטאַנעס. מעהר ווי פרעסען, טרינקען, שפּילען אין קאָרטען און געהן אויף געיעג האָבען זיי ניט געקענט. האָט דער מלך באשלאָסען צו אַדאָפּטירען און ערציהען א יורש־עצר, וואָס זאָל נאָכגעהן זיינע וועגען און פיהרען די מלוכה אזוי ווי ער וועט איהם דיקטירען.

צופעליגערווייזע האָט זיך דער מלך דערמאָנט, אז ער האָט אַמאָל געזעהן ביי זיינעם א פריינד א בחור׳ל א צאצקע: שעהן, קלוג און זעהר געראָטען. האָט ער אוועקגעשיקט א שליח, אז מען זאָל דעם בחור׳ל ברענגען צו איהם און ער איז איהם זעהר געפעלען געוואָרען.

אין זיין רעזידענץ האָט ער איהם פאָרלויפיג ניט געוואָלט האַלטען, ווייל ער האָט ניט געוואָלט, אז דאָס רייכע שטאָדט־לעבען זאָל איהם איבערפיהרען, האָט ער איהם אוועקגעשיקט אין דער מדבר, אָנגעשטעלט פאר איהם לעה־רער, דינער און פעכטער, אז מען זאָל איהם לערנען, בילדען, פאַרהאַרטעווען

# מענש און תורה

זיינע מוסקולען און מאַכען איהם ניט אזוי פאר א געבילדעטען מענשען, נאָר אויך פאר א העלד, א גבור און א קריעגס־מאַן.

דער מלך האָט גענומען קריגען עפּעס ניט אזעלכע שעהנע באריכטען פון זיין יורש־עצר. ער מאכט סקאַנדאַלען, אז דאָס עסען געפעלט איהם ניט, דאָס טרינקען געפעלט איהם ניט, דערצו איז איהם איינגעפאַלען אין קאָפּ צו ווערען א סקולפּטאָר, ער האָט אויסגעגאָסען א קעלבעל און טאנצט ארום איהר מיט גרויס התפּעלות. אָבער דער מלך האָט זיך ניט וויסענדיג גע־מאַכט. ער האָט גערעכענט, אז דאָס איז א אינגעלשער קאפּריז, ער וועט עלטער ווערען, וועט ער מעהר שכל באקומען.

ווען די פּעכטער האָבען געמאָלדען דעם מלך, אז זיי האָבען שוין זייער גאַנצע קונסט דעם יורש־עצר איבערגעגעבען, האָט דער מלך באשלאָסען צו מאַכען א פּראָבע און זעהן ווי מוטיג דער יורש־עצר איז. האָט ער איהם געהייסען שיקען מרגלים אויסצופּאָרשען א געוויס לאנד, נאכהער זאָל ער נעהמען אן ארמעע סאָלדאטען און געהן דאָס איינגעהמען.

ווי ערשטוינט אָבער איז דער מלך געוואָרען, ווען די מרגלים זיינען געקומען צוריק און געמאָלדען, אז דאָס לאנד איז זעהר א באפעסטיגטע און די מענשען זיינען דאָרטען זעהר שטארקע. האָט דער יורש־עצר זיך אוועקגעזעצט אויף דער ערד און אָנגעפאנגען ביטער צו וויינען. דאָס האָט שוין דער מלך ניט געקענט מעהר פארטראָגען, האָט ער ארויסגעגעבען א באַפעהל, אז דער יורש־עצר זאָל בלייבען זיין גאַנצען לעבען אין דער מדבר און דאָס געוויין זאָל בלייבען א בכיה לדורות, פאר זיינע קינדער, אז זיי זאָלען זעהן וואָס פאר א פייגלינג זייער טאַטע איז געוועזן.

ווען פאָלקס קריגער זעצען זיך אוועק וויינען ווי ווייבער, דאָס האָט שוין דער אויבערשטער ניט געקענט פאַרטראָגען, דעריבער האָט ער זיי די זינד ניט מוחל געוועזן.

דר. י. ל. שניצער

# צדיק ורע לו

אונזערע חכמים זאָגען: „חלילה להקב״ה לעשות דין בלא דין״, דער אויבערשטער וועט, חס ושלום, ניט טהאָן קיין זאַך אָהן גערעכטיגקייט. פרעגט זיך די פראגע: עס דרעהען זיך ארום אויף דער וועלט אזוי פיעל שאַרלאַטאַנעס, אויסוואורפען, ליידאקעס, רעקעטעריס, גענגסטערס, וועלכע טוען אָב אלע נידערטרעכטיגע זאַכען אויף דער וועלט און זיי לעבען און עקזיסטירען. ווען שטראָפט דער אויבערשטער? דעם גוטען, דעם פרומען און דעם עהרליכען סטייטש, וואו ליגט דאָ די גערעכטיגקייט?

אלס ענטפער אויף דער פראגע קען מען דערצעהלען די מעשה מיט׳ יענע צוויי גוטע פריינד:

בערעל און שמערעל האָבען געלעבט צווישען זיך אזוי ווי צוויי לייב־ליכע ברידער. מען פלעגט געהן צוזאַמען, פאַרברענגען צוזאמען און מען איז געווען איבערגעבען איינער דעם צווייטען מיט לייב און לעבען.

איין טאָג האָבען זיך דיביידע גוטע פריינד באַגעגענט אין גאס און אנשטאָט זיך צו באגריסען אויף זייער געוועהנליכען שטייגער, איז בערעל ארויפגעפאלען אויף שמערלען און איהם גענומען זידלען און מאכען פון איהם אש און בלאָטע. שמערעל האָט איהם אָנגעקוקט ווי משוגע, ער האָט ניט געקענט פארשטעהן פון וואנען קומט צו בערלען אזא מין כעס, און פאַרוואָס באליידיגט ער איהם אזוי, ער פיהלט זיך געגען איהם גאָרנישט שולדיג. נאָר אזוי ווי ער איז איהם געווען אן אמת׳ער גוטער פריינד, האָט ער אלעס אראָפּגעשלונגען און איהם ניט געענטפערט.

אויף מאָרגען איז בערעל געקומען צולויפען אין שמערעל׳ס הויז און איז ארויפגעפאלען שמערלען אויפ׳ן האַלז און איהם גענומען קושען, האלזען און איהם געבעטען אז ער זאָל איהם מוחל זיין וואָס ער האָט איהם נעכטען אזוי באַהאַנדעלט.

„סטייטש בערעל? וואָס איז נעכטען געווען מיט דיר? ווארום האָסטו מיך אזוי שטאַרק באליידיגט? האָב איך עפּעס געזינדיגט אנטקעגען דיר?״

„ניין, מיין פריינד, ניין! — האָט בערעל איהם געענטפערט. — דו האָסט געגען מיר גאָרנישט געזינדיגט, נאָר דו ווייסט דאָך, איך האָב אויפ־

געשטעלט אזא שעהנעם געשעפט און געגעבען אלע מיינע אָנגעשטעלטע די מעגליכקייט צו לעבען עהרליך, רוהיג און צופרידען, צום סוף האָבען זיי גענומען זיך בונטעווען אנטקעגען מיר, גנב׳ענען, גזלן, רויבען און שלאָגען זיך איינער מיט׳ן צווייטען. מיין הארץ האָט אין מיר אזוי געזאָדען אויף די מענשען, אז איך האָב געמוזט אויף אימיצען מיין כעס אויסלאָזען. היינט צו וועמען האָב איך געקענט מיין כעס אויסלאָזען? צו יענע רשעים, צו יענע באַנדיטען? ווען איך זאָג זיי איין וואָרט, וואָלטען זיי מיר צעהן מאָל אזוי פיעל צוריק געזידעלט און וואָלטען מיר נאָך מעהר צו להכעיס געטהאָן, האָב איך אויסגעלאָזען מיין כעס צו דיר, מיין פריינד, ווייל איך וויים, אז צוליעב אונזער אלטער פריינדשאפט וועסטו עס מיר פארשוויגען!״

ווען דער אויבערשטער וואָלט אויסגעלאָזען זיין כעס צו די רשעים און צו די לײדאקעס, וואָלטען זיי נאָך פיעל ערגער געוואָרען און נאָך מעהר אויף להכעיס געלעסטערט זיין הייליגען נאָמען. אָבער די גוטע, די פרומע, די געטרייע פריינד זיינע, נעהמען אָן מיט ליבשאפט די שטראָף וואָס ער גיט זיי, ווייל זיי ווייסען אז ניט זיי מיינט ער דאָס.



# זוכען אן אורח און באַהאַנדלען איהם גוט

פרעגט מיך א איד א קשיא:

ער זעהט ניט איין וואָס די תורה מאכט דאָ אַזאַ מין גרויסען פאַראַד פון אברהם׳ס גאַסטפריינדשאפט, אָט איז ער א איד וואָס האלט א רעסטאָראנט און ער איז וויט, ווייט אוועק פון פרומקייט, פון דעסטוועגען טרעפט זיך גאַנץ אָפט, אז אַן אָרימאַן קומט אריין און בעט עסען, זעצט ער איהם אוועק ביים טיש, גיט איהם עסען און טרינקען און מאכט דערפון גאָר קיין צימעס ניט, און ביי אברהם׳ן האָט מען געמאכט דערפון א גאַנצען פּודינג. פרעגט זיך די פראגע, מיט וואָס איז דאָס אברהם׳ס גאסטפריינדשאפט גרעסער געווען ווי זיינע?

אלס ענטפער אויף זיין פראגע, האָב איך איהם דערצעהלט די מעשה מיט יענעם אָרימאַן:

## דר. י. ל. שניצער

אַ אינגעל איז געקומען פון חדר און זיך געזעצט ביים טיש עסען מיטאָג. ביים מאָהלצייט זיינען געזעסען צוויי פרעמדע מענשען, איינער איז געגאַנגען זעהר רייך אָנגעטאָן, קענטיג, אז ער איז געווען א רייכער מאן, דער צווייטער איז געגאַנגען אין צוריסענע קליידער און האָט אויסגעזעהן ווי אן אָרעמאן וואָס געהט ארום איבער די הייזער.

ווען מען האָט דערלאַנגט דאָס עסען צום טיש, האָט דער רייכער מאן זיך גענומען צו דער אכילה און גענומען פּאַקען אין זיך אָהן א שיעור, דער אָרעמאן אָבער האָט גענומען פון אלעם צוביסלאך, עפּעס אזוי ווי ער וואָלט גאָרניט הונגעריג געווען.

דער אינגעל האָט זיך ניט געקענט אָבוואונדערען: סטייטש ? פאַרוואָס עסט דער רייכער מאן אזוי פיעל און דער אָרימאן אזוי ווייניג. דעם רייכען מאַן פעהלט דאָך קיין עסען ניט אויס און דעם אָרעמאן יאָ, האָט דאָך געדאַרפט זיין פארקערט ?

ווען מען האָט אָבגעגעסען, האָט דער אינגעל א פרעג געטהאָן זיין מוטער: „זאָג מיר, מאַמע, פאַרוואָס האָט דער רייכער מאַן געגעסען מיט אַזאַ אַפּעטיט, עפּעס אזוי ווי ער וואָלט געהונגערט א פּאָר טעג צייט און דער אָרעמאַן האָט זיך קוים, קוים צו אלעס צוגערירט ?"

„איך וועל דיר ערקלעהרען מיין זוהן, — האָט די מוטער איהם געענט־פערט. — דער אָרעמאן איז געוויס געווען מעהר הונגעריג ווי דער רייכער מאַן און האָט אויך געהאַט א פיעל גרעסערען אפּעטיט, נאָר דעם רייכען מאן האָבען מיר געלאַדען צום טיש, מיר האָבען איהם געדאַרפט איינִיגע מאָל בעטען ביז ער האָט איינגעוויליגט צו עסען מיט אונז, אום אונז צו פאַרשאַפען פארגעניגען, האָט ער געגעסען א סך. דער אָרעמאן אבער, האָט זיך אליין איינגעלאַדען. מיר האָבען זיך אויף איהם ניט געריכט, גראָד ווען מיר האָבען געדאַרפט געהן צום טיש, איז ער אריינגעקומען אין הויז. זיך געשטעלט ביי דער טהיר און געפרעגט, אויב מיר קענען איהם געבען עפּעס וואָס צו עסען. פארשטעהט זיך דאָך, אז דער טאַטע האָט איהם געהייסען זיך זעצען ביים טיש און מיטהאלטען מיט אונז מיטאג, און ווייל דער אָרעמאן האָט זיך געפיהלט אז ער איז אן איינגעבעטענער גאַסט, האָט ער זיך געשעהמט א סך צו עסען."

## מענש און תורה

אברהם אבינו איז געלאָפען די אָרעמע לייט אנטקעגען, זיך געבוקט פאר זיי און שטאַרק געבעטען, אז זיי זאָלען זיך אָבשטעלען ביי איהם אויף א מאָהלצייט און ניט געוואָרט אז דער אָרעמאן זאָל אריינקומען צו איהם אין רעסטאָראנט און בעטען, אז מען זאָל איהם עפעס וואָס געבען צו עסען. אָט דעריבער איז אברהם׳ס גאסטפריינדשאַפט געווען אן אויסנאהם. ער האָט דעם אָרעמאן געזוכט, ניט דער אָרעמאן איהם.



# נאַכמאַכונג און נאַכקרימעניש

פרעגט מיך א איד א קשיא:

ער האָט דאָ א לאַנדסמאַן מיט׳ן נאָמען חיים׳קע, מיט וועמען ער האָט זיך צוזאמען אין איין שטעדטעל ערצויגען און צוזאמען צו דעם פינפטען ליכטעל אין אמעריקא געקומען.

ווען ער האָט אָבגעבענשט חנוכה־ליכט, האָט ער ביי זיך א טראכט געטהאָן: מען דאַרף אריבערגעהן צו חיים׳קען און פייערען אונזער אָנקומען קיין אמעריקא מיט א קערטעל לכבוד חנוכה. ווי ערשטוינט אָבער איז ער געוואָרען, ווען ער איז אריינגעקומען צו חיים׳קען אין הויז, איז ער באַגריסט געוואָרען מיט א „מערי קריסטמעס” און זיין לאנדסמאן חיים׳קע האָט גע־פראַוועט א גאנצע הוליאַנקע לכבוד יאסקעס געבורטסטאָג. פרעגט זיך די פראגע: אָט זיינען זיי צוויי לאנדסלייט, קבצנים געווען אין דערהיים און קבצנים אויך דאָ אין אמעריקא, טאָ ווי קומט עס וואָס ער בענשט חנוכה ליכט און חיים׳קע פראַוועט א קריסטמעס הוליאנקע?

אלס ענטפער אויף זיין פראגע האָב איך איהם דערצעהלט די מעשה מיט יענע צוויי זיהן:

אן אלמנה האָט געהאט צוויי זיהן, וועלכע פלעגען זיצען טאָג און נאַכט און שפילען אין קאָרטען. זי פלעגט, נעביך, שווער און ביטער ארבייטען און זיי פלעגען מיט גוואלד צונעהמען ביי איהר די פאָר פרוטות און פארשפילען אין קאָרטען.

# דר. י. ל. שניצער

ניט קענענדיג שוין מעהר אריבערטראָגען פון זיי, איז זי אוועק אין געריכט צו דערצעהלען דעם ריכטער וועלכע צרות זי האָט פון איהרע זיהן און דער ריכטער האָט געשיקט א פּאָליציאַנט זיי צו ארעסטירען. דער פּאָליציאַנט איז געקומען א פּאָר מאָל צו דער אלמנה אין הויז, אָבער ער האָט איהרע זיהן ניט געפונען.

איין טאָג, ווען דער פּאָליציאַנט איז אריינגעקומען צו איהר אין הויז, זיינען גראָד די תכשיטים נאָך געלעגען אין זייער צימער און געשלאָפען, אָבער א מאמע׳ס האַרץ איז דאָך ניט אָבצושאצען, זי האָט פּלוצים רחמנות געקראָגען אויף איהרע בנ׳אָקעס און חרטה געקראָגען אויף דעם גאַנצען עסק. האָט זי א זאָג געטהאָן צום פּאָליציאַנט: „אָט איצט ערשט זיינען זיי ארויס פון הויז! קום מיט מיר און איך וועל דיר ווייזען ווער זיי זיינען".

ווען זיי זיינען ארויס אין גאַס, זיינען זיי גראדע אָנגעקומען אנטקעגען צוויי פרעמדע יונגע לייט, האָט די מוטער א זאָג געטהאָן צום פּאָליציאַנט: „אָט זיינען מיינע צוויי זיהן, אָבער זיי האָבען א טבע צו לייקענען אַז איך בין זייער מוטער".

„ניט ביי מיר" — האָט דער פּאָליציאַנט אויסגערופען — „ביי מיר וועלען זיי שוין זייער מאַמען ניט פאַרלייקענען".

ער איז צוגעלאָפען צו די צוויי יונגע לייט און זיי א פרעג געטהאָן:

„קענט איהר די פרוי?"

„ניין!" — האָבעןביידע יונגע לייט געענטפערט.

„וואָס? איהר קענט ניט אייער מאַמען?"

„וואָסער מאַמע? וועלכע מאַמע? מיר האָבען בלויז א טאַטען, אָבער ניט קיין מאַמען".

„אויב אזוי, טאָ קומט מיט מיר אין תפיסה!"

ער האָט זיי א כאַפּ געטהאָן פאר די קאָלנערס און זיי אוועקגעשלעפּט אין תפיסה און דאָרטען האָט ער זיי געגומען דערלאנגען ביטערע קלעפּ. איין בחור האָט געשריען: „שלאָגט מיך! הרג׳עט מיך! טהוט מיט מיר וואָס איהר ווילט! זי איז ניט מיין מאַמע!" דער צווייטער בחור אָבער איז געווען זעהר א גרויסער פייגלינג און ווי ער האָט געקראָגען די ערשטע פּאָר קלעפּ האָט ער א זאָג געטהאָן: „יאָ, זי איז מיין מאַמע! זי איז מיין מאַמע!"

## מענש און תורה

מיליאָנען און מיליאָנען אידען זיינען אומגעקומען על קדוש השם, גע־שפּרונגען אין פייער און אין וואַסער און געשריען: ניין, מיר האָבען בלויז א טאַטען, אבער ניט קיין מאמען! נאַר שוואַכע, קליינע מענשעלאך און גרויסע פּייגלינגע האָבען זיך דערשראָקען פאר א פּאָר קלעפּ, אָדער סתם נאַרישע אידיאָטען, וועלכע טאַנצען אויף אלע חתונות אָהן א שום אידעאל, נאַר בלויז א הוליאנקע צו מאכען. אָט אזעלכע ברואים אנערקענען „מערקע׳ן" פאר זייער מאַמען. אָבער זיי מיינען גאָרנישט דערביי, דאָס זיינען סתם פּליכעוואטע אידען וואָס זיינען ניט פּייבוש און ניט יעקוש.



# דער געזאַנג פון אָרימע און אונטערדריקטע

אונזערע חכמים זאָגען: ווען די אידען זיינען געגאנגען איבער׳ן ים־סוף, האָבען די מלאכים געוואָלט זינגען זייער טאָג־טעגליכע שירה. האָט דער אויבערשטער צו זיי געזאָגט: „מעשי ידי טבעו בים ואתם אומרים שירה?" מיינע באַשעפענישען טרינקען זיך אין ים, און איהר ווילט זאָגען שירה? אָבער ווען משה און די אידען האָבען זיך צוזונגען, האָט דער אויבערשטער זיך צו זייער געזאנג יאָ צוגעהערט. פרעגט זיך די פראגע: ווארום האָט ער די מלאכים ניט געלאָזען זינגען און די אידען יאָ?

אלס ענטפער אויף דער פראגע קען מען דערצעהלען די מעשה מיט יענעם פידעל־שפּילער:

א קעניג האָט דערזעהן דורך זיין פענסטער, ווי אן אָרעמער פידעל־שפּילער שטעהט לעבען טויער פון זיין פּאלאסט און שפּילט. דער וועטער איז געווען זעהר א שלעכטער. א שרעקליכער שטורעם־ווינד האָט גע־בושעוועט. א געפעהרליכע שנעע־זאַווערוכע האָט געטראָגען אין דער לופטען, און האָט פארצויגען דעם גאנצען רוים צווישען הימעל און ערד. און דאָך איז דער אָרעמער פידלער געשטאנען און געשפּילט. איין האנד זיינע איז געלאָפען ארויף און אראָב, און די צווייטע האנד האָט געגלעט, געקוועטשט און געצערטעלט די סטרונעס, און דאָס פידעלע האָט ארויס־געגעבען שעהנע, זיסע און אנגענעהמע טענער.

# דר. י. ל. שניצער

דער קעניג האָט געהייסען זיין דינער אז מען זאָל דעם פידעל־שפּילער אריינגעהמען אין פּאלאסט, און געבען איהם עסען און טרינקען. נאכהער, אז ער וועט זיך אביסעל אָנוואַרעמען, זאָל מען איהם אריינפיהרען אין קאָנצערט־זאַל, וואו דער קעניגליכער אָרקעסטער איז געזעסען און געשפּילט.

דער דינער האָט אויסגעפיהרט דעם קעניגס באפעהל. געגעבען דעם פידלער עסען און טרינקען, און נאכהער איהם אריינגעפיהרט אין דעם קעניגליכען קאָנצערט־זאַל.

ווי ערשטוינט אָבער זיינען אלע געוואָרען, ווען דער קעניג האָט פּלוצים געהייסען זיין אָרקעסטער אויפהערען שפּילען און האָט געבעטען דעם אָרעמען פידלער אז ער זאָל עפּעס וואָס פאר איהם פאָרשפּילען. און ווען דער פידלער האָט געענדיגט, האָט דער קעניג איהם זעהר פיעל אפּלאָדירט, און איהם געגעבען זעהר א שעהנע מתנה.

איבערהויפּט האָט זיך געפונען זעהר שטארק באליידיגט דער קאַפּעל־מייסטער. סטייטש, זיינע געשולטע מוזיקאנטען האָט דער קעניג געהייסען שווייגען, און איז ענטציקט געוואָרען פון אַן איינפאכען, ניט קיין געשולטען פידלער?...

ווען דער פידלער איז אוועקגעגאנגען, האָט דער קאַפּעלמייסטער זיך געווענדעט צום קעניג:

„אדוני קעניג! דו ווייסט גאַנץ גוט, אז דער קלענסטער פון מיין אָרקעסטער שפּילט הונדערט פּראָצענט בעסער ווי דער פידלער, ווארום האָסטו אונז געהייסען שווייגען און דעם פידלער געלאָזען שפּילען?"

„איך וועל אייך זאָגען", האָט דער קעניג איהם געענטפערט. „אז דיינע געשולטע קינסטלער שפּילען גוט, איז גאָר קיין וואונדער ניט. איך האָב קיינמאָל קיין זאַך ניט געפעהלט. איהר האָט געהאט די גאַנצע צייט פון כל טוב, ווי עס פּאַסט פאר א קעניגליכע קאפּעליע... אָבער דער אָרעמאַן, נעביך. גיט א קוק אויף זיין פּנים, ווי אָבגעצעהרט ער איז פון הונגער, און דאָך שפּילט ער. אָט דאָס איז א קונץ!... דעריבער בין איך אזוי ענטציקט געוואָרען פון איהם און אפּלאָדירט זיין שפּילען".

מלאכים, איהר ווילט זינגען שירה? ניין! איהר באווייזט קיין קונץ

ניט מיט אייער זינגען. איהר זייט פארזאָרגט מיט כל טוב. איהר האָט ניט קיין ווייב, קיין קינדער און קיין דאגות פרנסה אויף זיך!

„מעשי ידי טבעו בים״ — ישראל, נעבעך, דער געוועזענער שקלאף, דער אויסגעמאַטערטער, דער אויסגעדאַרטער, וועלכער טרינקט זיך זיין גאַנצען לעבען אין א ים פון צרות, נויט און פיין — אָט פון זיין זינגען ווער איך ענטציקט. פון זיין זינגען האָב איך מעהר הנאה ווי פון אייער שירה זינגען.

# דער כח פון אמונה

דער נביא זאָגט: „וצדיק באמונתו יחיה״, דער צדיק, דער גערעכטער, לעבט אין זיין גלויבען. דאָס הייסט, דער גלויבען שטארקט איהם, קרעפ־טיגט איהם און גיט איהם מוטה צו לעבען. ווען אָבער ער וואָלט קיין אמונה ניט געהאַט, וואָלט זיין לעבען קיין לעבען ניט געווען. פרעגט זיך די פראַגע: מיר געפינען לייט, וועלכע זיינען אטעאיסטען און האָבען גאָר קיין אמונה ניט, פונדעסטוועגען לעבען זיי און עקזיסטירען, און האָבען אויך הנאה פון זייער לעבען. הייגט ווי קומט עס אז אונזער נביא זאָל מאכען א באמערקונג, אז בלויז דער גלויביגער לעבט און עקזיסטירט?

אלס ענטפער אויף דער פראגע קען מען דערצעהלען די מעשה מיט יענער טאָכטער:

„שפרה די לעהרערקע״ איז געבליבען א יונגע אלמנה מיט א קינד אויף איהרע אָרעמס. און אזוי ווי זי האָט געצויגען איהר חיונה פון לעהרע־ריי, האָט זי באשלאָסען מעהר ניט חתונה צו האָבען, נאָר זיך אָפּגעבען מיט דער ערציהונג פון איהר טאָכטער, נחמה.

וואָס עלטער נחמה איז געוואָרען, אלץ מעהר צוגעצויגען איז זי געוואָרען צו איהר מוטער און די מוטער צו איהר. מענשען פלעגען באַוואונדערען זייער ליבע און ארויסשטעלען זיי אלס מוסטער פון ליבע און איבערגע־בענהייט.

# דר. י. ל. שניצער

ווען מוטער און טאָכטער פלעגען אמאָל רעדען פון טויט, פלעגט נחמה מיט טרערען א זאָג טהאָן:

„אוי, מאמע! ווען דו זאָלסט, חס ושלום, שטאַרבען, וועל איך מיט־שטאַרבען מיט דיר. דען וואָס פאר א ווערטה קען האָבען מיין לעבען אָהן דיר?"

מיט א פארקלעמטען האַרצען פלעגט די מוטער איהר נעהמען בארוהיגען און איהר ערקלערען, אז שטאַרבען מיינט בלויז איבערגעהן פון איין וועלט אין דער צווייטער. די הויפט זאַך אין דעם מענשען איז די נשמה און די נשמה געהט קיינמאָל ניט פארלאָרען. זי לעבט דאָרטען אין א העכערער וועלט, אין א שעהנערער וועלט.

„אָבער איך וועל דאָך דיך קיינמאָל מעהר ניט זעהן" — האָט נחמה מיט טרערען אויסגערופען.

„דו וועסט מיך יאָ זעהן, מיין קינד! דו וועסט מיך יאָ זעהן! — האָט די מוטער איהר געענטפערט — אין מיין שופלאָד וועסטו געפינען א רינג מיט א גרויסען גלעזערנעם שטיין, וואָס מיין מוטער האָט מיר איבערגעלאָזט. דער רינג האָט אַזאַ מין קראַפט אין זיך, וואָס עס שפּיגעלט זיך אָפּ אין איהם דאָס געזיכט פון די געשטאָרבענע. אז איך פלעג וועלען זעהן דאָס געזיכט פון מיין פאַרשטאָרבענער מוטער, פלעג איך קענען קוקען אין דעם שטיין און זעהן איהר געזיכט. אזוי זאָלסטו קוקען אין דעם שטיין, וועסטו מיך זעהן א לעבעדיגע און אין די זעלבע יאָהרען ווי איך האָב אויסגעקוקט אין דיין עלטער".

און אזוי איז געווען. ווען די מוטער איז געשטאָרבען, פלעגט נחמה זיך טרייסטען מיט איהר מוטער'ס געזיכט, וואָס זי פלעגט זעהן אין דעם רינג. אז זי פלעגט רעדען צום שטיין, פלעגען זיך איהר מוטער'ס ליפּען אויך באַוועגען, אז זי פלעגט שמייכלען צום שטיין, פלעגט די מוטער אויך שמייכלען צו איהר צוריק.

איין טאָג איז אריינגעקומען צו איהר א שכנה, און זעהענדיג ווי זי האלט דעם רינג אין האַנט און רעדט צו איהר מוטער, האָט זי זיך פאר־נאַנדערגעלאכט און א זאָג געטהאָן צו איהר:

— נאַרישע נחמה! צי דען זעהסטו ניט אז דער רינג האָט אין זיך א

שפיגעלע, וואָס ווייזט דיין אייגען געזיכט און דיין אייגענעם שמייכעל? ניט צו דיין מאמען רעדסטו, נאָר דו רעדסט צו זיך אליין!"

ווען נחמה האָט זיך איבערציייגט, אז די שכנה האָט רעכט, האָט זי אָנגעפאנגען צו יאָמערען און צו קלאָגען:

„מאַמע! מאַמע! אָט איצט ביזטו געשטאָרבען פאר מיר!"

אָט דאָס, מיינע פריינד, איז גלויבען! גלויבען איז דער יסוד פון לעבען. גלויבען גיט מוטה אריבערצוטראָגען אלע שמערצען. די טאָכטער האָט בלויז געהאט א פאַנטאַסטישען גלויבען, אָבער דאָס האָט באגייסטערט איהר לעבען.

ווען זי האָט אָנגעוואָרען דעם גלויבען, האָט זי זיך אומגליקליך געפיהלט. זי האָט עקזיסטירט, אבער אין איהר עקזיסטענץ איז קיין באגייסטערונג ניט געווען.



# אַפּגעזונדערטקייט און אַסימילאַציע

דערצעהלט מיר א איד:

ביי זיי אין שטעדטעל זיינען פאַראַן בלויז אַכט אידישע פאַמיליען. פאַרשטעהט זיך, אז קיין שוהל, קיין רב, און נאָך אזעלכע אידישע איינ־ריכטונגען האָבען זיי ניט, נאָר בלויז א מלמד, וואָס לערענט מיט זייערע קינדער אביסעל אידישקייט.

איז גראדע אָנגעקומען אין שטעדטעל א פּראָטעסטאנטישער גלח, זעהר א ליבעראלער מענש און האָט איינגעלאדען די אידען מיט זייערע פאַמיליעס, אז זיי זאָלען קומען יעדען זונטאג ביי איהם אין קירך, ער וועט פאר זיי פאָרלעזען א קאַפּיטעל פון דעם אלטען טעסטאמענט, דאָס הייסט, בלויז אונזער משה'ס תורה.

די יונגע חברה זיינען ענטציקט געוואָרען פון דעם גלח'ס איינלאדונג און האָבען אָנגעפאנגען באזוכען די קירך יעדען זונטאג. די פּאָר עלטערע אידען אָבער שרייען: דער גלח זוכט די קינדער פון אונז אוועקצונעהמען!

## דר. י. ל. שניצער

ווען דער איד האָט אָפּגערעדט, האָב איך איהם דערצעהלט די מעשה מיט יענעם ישוב׳ניק:

זרח דער ישוב׳ניק איז געקומען אין שטאָדט אריין, זעהט ער, ווי אייניגע אידען שטעהען אין דרויסען, שאָקלען זיך, שפּרינגען אונטער און מען זאָגט זיך איינער דעם צווייטען „שלום עליכם". גיט זרח א פרעג א פּאר־בייגעהער:

„קענט איהר מיר ניט זאָגען מיין פריינד, וואָס איז דאָס פאר א מין זאָגעכץ וואָס די אידען דערלאַנגען דאָ איצט?"

„דאָס איז מען מחדש די לבנה!" האָט דער איד איהם געענטפערט, „קדוש לבנה איז זעהר א גרויסע מצוה, און אויסער דעם, איז דאָס א סגולה ניט צו שטאַרבען מיט קיין מיתה משונה".

אויב אזוי, האָט זרח א טראַכט געטהאָן, מוז ער אויך זעהן מחדש צו זיין די לבנה. אָבער אזוי ווי ער האָט אויפ׳ן דאָרף קיין אידען ניט געהאט, האָט ער גענומען א פּאָר גוים און געשטודירט מיט זיי דעם „עליכם שלום", ביז, גאָט צו דאַנקען, ער האָט זיי אויסגעלערענט.

איז גראַדע דורכגעפאָהרען א איד און האָט דערזעהן, ווי זרח שטעהט מיט זיין גרויסען קרבן מנחה סדור, טאנצט און שאָקעלט זיך, שרייט צו די גוים: שלום עליכם, און זיי ענטפערען איהם: „אלייקעם שלום". גיט ער א געשריי:

„זרח! ביזטו משוגע געוואָרען? מיט גוים ביזטו מחדש די לבנה?"

„אַז איך האָב קיין אידען ניט, מוז איך דאָך נעהמען גוים!" — האָט זרח איהם געענטפערט, — „איהר פארשטעהט? איך וויל ניט שטאַרבען מיט קיין מיתה־משונה!"...

„שוטה!" — האָט דער איד איהם א זאָג געטהאָן, — „קדוש לבנה איז טאקע א סגולה ניט צו שטאַרבען מיט א מיתה־משונה, אבער ווען? ווען מען איז מחדש די לבנה מיט אידען. אבער אז דו דערלאנגסט א ברייטען שלום עליכם די גוים — דאָס וועט דיר פון קיין מיתה־משונה ניט פאַרהיטען!"

א סך, א סך פעלקער זיינען אונטערגעגאנגען און געשטאָרבען מיט א מיתה־משונה, ווייל זיי האָבען זיך דורכגעמישט מיט אנדערע נאַציאָנען. מיר אידען אָבער זיינען געבליבען לעבען, ווייל מיר זיינען „עם לבדד ישכון", א

## מענש און תורה

פאָלק וואָס לעבט אָבגעזונדערט, אָט די אָבגעזונדערטקייט האָט אונז פארהיט די גאנצע צייט אז מיר זאָלען מיט קיין מיתה־משונה ניט שטארבען!...

אָבער ווען מען גיט א „שלום עליכם״ א פּראָטעסטאנטישען גלח און מען איז מיט איהם מחדש די לבנה, איז — אזא שלום עליכם רעטעט ניט פון קיין מיתה־משונה. פארקעהרט, אַזאַ „אלייקעם שלום״ מיינט דער אונטערגאנג פון אונזער אידישער יוגענד.

# יסורים

פרעגט מיר א איד א קשיא:

די גמרא דערצעהלט אונז, אז רבי יוחנן איז געקומען מבקר חולה זיין רב אלעזר׳ן, גיט ער איהם א פרעג: „חביבין עליך יסורין?״ זיינען די יסורים דיר ליעב? האָט רב אלעזר איהם געענטפערט: ניין! „לא הן ולא שכרן״, איך בין מוחל די יסורים און איך בין מוחל זייערע גליקען! ווי רב אלעזר האָט דאָס ארויסגערעדט, האָט רבי יוחנן גענומען זיין האנט און ער איז געזונט געוואָרען. ער ליידעט אויך שוין פאר א פּאָר יאָהר געפעהרליכע יסורים. און שרייט אפשר 20 מאָל א טאָג: „לא הן ולא שכרן״... און ער קען פון זיי ניט פּטור ווערען. פרעגט זיך די פראגע: מיט וואָס איז רב אלעזר׳ס יסורים אנדערש געווען ווי זיינע?

אלס ענטפער אויף זיין קשיא, האָב איך איהם דערצעהלט די מעשה מיט יענעם „ריכטער״:

אין א שטאָדט איז געווען א ריכטער, זעהר א גוטער מענש, אפילו דעם שולדיגען פלעגט ער אויך שענקען זיין שטראָף, פארשטעהט זיך דאָך שוין, אז די טורמע פון יענער שטאָדט איז געשטאַנען אימער ליידיג, ניט געווען קיין פארברעכער אין איהר.

דארף זיך מאכען, אז די רעגירונג האָט ארויסגעשיקט א בעאמטען אי־בערצוקוקען די אלע געפענגנישען פון לאנד, און זעהן אין וואָס פאר א אָרדענונג זיי געפינען זיך. איז דער גוטער ריכטער דערשראָקען געוואָרען און גענומען קלעהרען, וואָס קען ער דאָ טהאָן? דער בעאמטער וועט דאָך

געוויס זיין טורמע אויך באזוכען, און אז ער וועט געפינען אז זי איז ליידיג, וועט ער איהם חושד זיין אין נעמען „כאַבאַר". דען ווי קען עס געמאָלט זיין, אז אין אזא שטאָדט זאָלען קיינע פאַרברעכער ניט זיין?

נאָך א לאנגען קלעהרען איז ער געקומען צום באשלוס, אז ער וועט געהן בעטען די לייטע וועלכע ער האָט באפרייט, אז זיי זאָלען געהן זיך אוועקזעצען אויף א פאָר טעג צייט אין טורמע ביז נאָך די רעוויזיע. ער איז ארויס אין גאס, גענומען ריידען צו די לייטע, דערצעהלט זיי אין וואָס פאר א פארלעגענהייט ער געפינט זיך, און געבעטען זיי אז זיי זאָלען געהן אויף א פאָר טעג זיצען אין טורמע. אָבער זיי האָבען זיך אויסגע־לאכט פון איהם. ער האָט זיי אָנגעבאָטען געלד, אבער זיי האָבען ניט געוואָלט הערען דערפון. זייער טענה איז געווען: „מיר ווילען אין תפיסה ניט זיצען!"

איז דער גוטער שופט געצוואונגען געווען צו דינגען פרעמדע מענשען און זיי גוט באצאָהלען, אז זיי זאָלען זיצען א פאָר טעג אין טורמע.

אין א קורצע צייט שפעטער, זיינען די לייטע באַגאַנגען עפּעס א פאר־ברעכען און דער ריכטער האָט זיי צוגע׳משפט אז זיי זאָלען זיצען א מאָנאט צייט אין תפיסה. האָבען די לייטע גענומען פראָטעסטירען און שרייען:

„אדוני ריכטער! איהר ווייסט דאָך גאנץ גוט אז מיר ווילען אין תפיסה ניט זיצען! איהר האָט דאָך אונז אפילו אָנגעבאָטען געלד אז מיר זאָלען זיך אין תפיסה אוועקזעצען, און מיר האָבען ניט געוואָלט הערען דערפון, טאָ ווי אזוי פאַרשיקט איהר אונז איצט אויף א מאָנאט צייט אין תפיסה?

„איצט איז אין גאנצען אנדערש, מיינע פריינדע!" האָט דער ריכטער זיי געענטפערט, „דאן זייט איהר געווען ריין פון זינד. וואָלט איהר געגאנגען מיט׳ן גוטען ווילען זיצען א פאָר טעג אין טורמע וואָלט איהר געווען זעהר שעהנע און דאַנקבאַרע מענשען, צווינגען אייך, אז איהר מוזט עס טהאָן, האָב איך ניט געוואָלט!

„איצט אָבער האָט איהר א פאַרברעכען באגאנגען און זינדיגע מענשען מוזען זייער שטראָף באקומען!"

רב אלעזר און נאָך אזעלכע זיינען געווען ריין פון זינד, זיי האָט קיין יסורים ניט געקומט. יסורים האָבען זיי זיך אליין גענומען, ווייל זיי האָבען געהאלטען, אז דער תקון פון דער נשמה קען אנדערש ניט קומען, סיידען

## מענש און תורה

די גשמיות פון קערפער ווערט קלענער. דעריבער האָבען זיי דורך יסורים, סגופים און ענויים געזוכט די מאַטעריעלע משא פון קערפער אראָפּצוואַרפען, און ווען זיי האָבען די יסורים מעהר ניט געוואָלט האָבען, האָבען זיי געזאָגט: „לא הן ולא שכרן", ניט איך וויל באצאָהלען און ניט איך וויל זיצען אין תפיסה.

מיר מענשען אָבער זיינען פול מיט זינד, און די יסורים איז א שטראָף! דעריבער קענען מיר ניט זאָגען, אז מיר ווילען אין תפיסה ניט זיצען!

# מבינות אויף רבנות

פרעגט מיך א איד א קשיא:

ער געדענקט, אין דער אלטער היים איז א רב געשטאַנען אויף דער העכסטער שטופע, עפּעס א קלייניגקייט, דער רב, דער גאון, דער צדיק, דער פיהרער, און דער חכם. דאָ אין אמעריקא אָבער איז דער רב זעהר וואָכעדיג געוואָרען. פרעגט זיך די פראגע: וועמעס שולד איז דאָס? איז דאָס די שולד פון די רבנים וואָס זיי ווייסען ניט ווי אזוי זיך צו האַלטען? אָדער דאָס איז די שולד פון די צונויפגעטריבענע נקודים וברודים׳דיגע אידען, וועלכע ווייסען ניט וואָס רעספּעקט איז?

אלס ענטפער אויף זיין קשיא, האָב איך איהם דערצעהלט די מעשה מיט יענעם „פויער":

א רייכער פויער איז געקומען אין שטאָדט און האָט דערזעהן אין א צירונג־געשעפט זעהר א שעהנעם וואנד־זייגער. איז ער אריין אין קראָם און א פרעג געטאָן דעם בעל הבית, וואָס דאָס אין אזוינס. און ווען דער בעל הבית האָט איהם ערקלעהרט די נוצען פון דעם זייגער, האָט ער עס געקויפט און איהם מיטגענומען מיט זיך אין דאָרף אריין.

די פויערים פון דאָרף האָבען זיך ניט געקענט אָפּוואונדערען פון דעם זייגער. יעדער איינער האָט געהאט א חשק צו קויפען אזא מין צירונג, אָבער ווען זיי האָבען דערהערט וואָס פאר א פּרייז דער פויער האָט באצאָהלט דערפאר, זיינען זיי אלע אָבהענגדיג געוואָרען. ווער קען זיך דאָס פארגינען אריינצונעהמען אַזאַ מין לוקסוס אין הויז אריין?

## דר. י. ל. שניצער

איין גויה האָט ביי זיך באשלאָסען, אז זי מוז אַזאַ מין זייגער זיך איינשאפען, אָבער ווען זי האָט געגומען איבעררעדען וועגען דעם מיט איהר מאַן, האָט ער גאָרנישט געוואָלט הערען דערפון ער האָט נאָך אויף איהר זעהר גוט אָנגעשריען וואָס זי האָט זיך ארייגעגנומען אזא מין משוגעת אין קאָפּ אריין. איז די גויה אוועק צו דעם פּויער וואָס האָט געהאט דעם זייגער און איהם געבעטען, אז ער זאָל זעהן צו ווירקען אויף איהר מאן אז ער זאָל אויך אַזאַ זייגער קויפען. דער פּויער האָט דאָס איהר צוליעב געטהאָן, געשיקט רופען איהר מאן צו זיך, געוויזען איהם ווי דער זייגער ארבייט, וועלכע נוצען ער ברענגט און איהם געבעטען אז ער זאָל צוליעב טהאָן זיין ווייב און איהר אויך אזא זייגער קויפען.

„ניין", האָט דער פּויער אויסגערופען, „איך וועל ניט זיין משוגע און קויפען א גזלן אין הויז... געהערט אן איינפאל? ווען איך זאָל, צום ביי־שפּיעל, וועלען שלאָפען אביסעל לענגער, וועט דער גזלן נעהמען שלאָגען און מיך אויפוועקען; וועל איך וועלען זיצען אביסעל לענגער אין אָוענט, וועט ער נעהמען שלאָגען און מיר ווייזען אז עס איז שוין שפּעט וועל איך וועלען עסען אביסעל פריהער, וועט ער נעהמען שלאָגען און מיר ווייזען אז עס איז נאָך צו פריה. ניין, איך וויל אַזאַ מין צרה אין מיין הויז ניט האָבען!"

„דו האָסט א טעות, מיין פריינד! האָט דער פּויער צו איהם געזאָגט, „דער זייגער האָט ווייזערס און דו קענסט איהם רוקען ווי דו ווילסט... ווילסטו שלאָפען לענגער, רוק די ווייזערס אויף צוריק; ווילסטו עסען פריהער, רוק די ווייזערס פאָראויס."

„ווי באלד אזוי", האָט דער פּויער זיך צולאכט, „טאָ וואָס דאַרף איך דעם זייגער? סתם זיך נאַריש מאכען און האלטען אין איין דרעהען די ווייזערס? ניין, ברודערקע, אויף אזעלכע נאַרישקייטען וועל איך קיין געלד ניט אויס־געבען!"

דער רב איז דער זייגער, דער וועקער וועלכער ווייזט דעם וועג וואָס יאָ צו טהאָן און וואָס ניט צו טהאָן, וואָס עס איז עהרליך און וואָס עס איז ניט עהרליך, נאָר די צאן קדשים ווייסען ניט ווי אזוי מיט איהם אומצו־געהן, זיי דרעהען די ווייזערס ווי זיי ווילען... און גאנץ אָפט שטעלט מען אריין אין שוהל א זייגער אָהן רעדלאך... נאָר בלויז א שעהנעם ציפערבלאט...

## מענש און תורה

ווערכער צייגט די צייט פאלש... נאָר עס קלינגט, האקט און האמערט מיט ענגלישע פראזען... און אויף האַקען און האַמערען איז דער צוהערער כאַצקעל דער שמיד זעהר א גרויסער מבין...



# דער משכן של מטה און דער משכן של מעלה

פרעגט מיך א איד א קשיא:

דוד המלך זאָגט אונז: „ימי שנותינו בהם שבעים שנה", דער דורכ־שניטליכער לעבען פון א מענשען איז 70 יאָהר, „ואם בגבורות שמונים שנה", און אויב מיט א שמיץ אריבער, איז 80 יאָהר, הייסט עס, אז ווען מען קומט צו די זיבעציגער יאָהרען, דארף מען זיך שוין נעהמען מכין זיין צו געהן אין קבר. פרעגט זיך די פראגע: ביים קוילענען א בהמה, האָט אונז די תורה אָנגעזאָגט אז מען זאָל זיך באנוצען מיט א חלף אָהן א פגימה, כדי די בהמה זאָל קיין שמערצען ניט ליידען, און דאָ נעהמט מען א מענשען און מען מאַטערט איהם יעדען טאָג מיט'ן געדאנק, אז באַלד, באַלד, ברודערקע, וועסטו דארפען געהן פון דער וועלט. ער פיהלט עס אַן זיך אליין, ער איז שוין איבער 70 יאָהר אלט... און ווען ער נעהמט זיך דערמאָנען אז ער דאַרף באלד פארלאָזען אזא שעהנע וועלטעל און געהן אין פינסטערען קבר, ווערט פון איהם א תל עולם. געוואלד געשריען! ווארום האָט מען אויף דער בהמה יא רחמנות געהאט און אויף דעם מענשען ניט? אום צו טרייסטען דעם אלטינקען, האָב איך איהם דערצעהלט די לעגענדע מיט „בצלאל":

ווען בצלאל, דער גרויסער ארכיטעקט וואָס האָט געבויט דעם „משכן" איז קראַנק געוואָרען, איז משה רבנו איהם געגאַנגען מבקר חולה זיין. גיט איהם משה א פרעג:

„ווי פיהלסטו, בצלאל ברודערקע?"

„ווי קען איך גוט פיהלען", האָט בצלאל איהם געענטפערט, אז דער גרויזאמער מלאך המות דרעהט זיך דאָ ארום ביי מיר אין געצעלט און וויל

מיך אין קבר שלעפּען. אָ, גרויסער לעהרער! דאכט זיך מיר געפינען זיך דאָך אין דער מדבר, די זון ברענט ווי פייער, די זאַמד אונטער די פיס ווי ברענענדיגע קוילען, וויסט און לעהר איז ארום און ארום, דאָך אָבער איז דער לעבען אזוי שעהן אז עס ווילט זיך גאָר ניט אוועקגעהן פון איהם, ווען איך דערמאָן זיך אז איך וועל דארפען ליגען אין פינסטערען קבר, ווערט מיין האַרץ צוריסען אויף שטיקער און איך קען צו זיך ניט קומען!"

הער אויס, בצלאל!" האָט משה זיך צו איהם אָבגערופען, „ווען דער אויבערשטער האָט דיר געהייסען בויען דעם משכן, ביזטו אוועק פון דער מחנה און דו האָסט געמאכט פון זאַמד א מאָדעל, א תבנית, ווי אזוי דער משכן וועט אויסקוקען, וואו איז דער זאַמד־מאָדעל אהינגעקומען?"

„דער ווינד האָט דעם זאַמד צובלאָזען און עס איז שוין מעהר ניטאָ אויף דער וועלט!" האָט בצלאל איהם געענטפערט.

„פאַרדריסט דיר גאָר ניט וואָס דער זאַמד־מאָדעל איז שוין מעהר אויף דער וועלט ניטאָ?"

„פאַרוואָס זאָל עס מיר פאדדריסען?" האָט בצלאל לאַכענדיג א זאָג געטהאָן, „וואָס דארף איך איצט האָבען דעם זאַמד־מאָדעל, אז דער משכן איז דאָ?"

„און דאָך ביזטו זיך מצער אז דו דארפסט פארלאָזען די וועלט?"

„דאָס איז עפּעס אנדערש, גרויסער לעהרער! אין גאַנצען אנדערש!"

„ניין, מיין ליבער בצלאל, עס איז ניט אנדערש!" האָט משה צו איהם געזאָגט.

„די גאַנצע ערדישע וועלטעל אונזערע איז געגליכען צו דעם מאָדעל וואָס דו האָסט געמאכט אין דעם זאַמד. צרות, יסורים, פינסטערניש, אָרעמ־קייט, דאגות, מעהר וועהטאָג ווי פרייד, מעהר נאכט ווי טאָג, מעהר כמאַרע ווי זונענשיין, מעהר מאַטערניש ווי רוהע, זאַמד, זאַמד און זאמד, וואָס ווערט פון יעדען ווינטעלע פאַרטראָגען און פאַרשאָטען! דו פאַרשטעהסט, בצלאל? די וועלטעלע, דאָס איז בלויז דער זאַמד־מאָדעל וואָס דו האָסט געמאַכט, דער ריכטיגער משכן, דער ריכטיגער פּאַלאַץ געפינט זיך דאָרטען אויף דעם עולם האמת... און אזוי ווי דו ביזט זיך ניט מצער אויף דעם זאַמד־מאָדעל וואָס דער ווינד האָט פארטראָגען, ווייל דער משכן איז דאָ, אזוי דארפסטו

זיך ניט מצער זיין וואָס דו פאַרלאָזט די זאמד־וועלטעל און דו געהסט איבער אין דעם משכן של מעלה!"

„דו האָסט מיך געטרייסט, גרויסער לעהרער!" האָט בצלאל א זאָג געטהאָן, „איך באקלאָג זיך מעהר ניט".



# רייד און מעשים

פרעגט מיך א איד א קשיא:

„שוין פון אייניגע יאָהר ווי ער וואוינט אין א קליין שטעדטעל לעבען ניו יאָרק. דאָס שטעדטעל צעהלט שוין קיין עין הרע ביי 18 אידישע פאמיליעס און אלע מאכען גאָט צו דאנקען א שעהנעם לעבען, אָבער מעהר ווי א מלמד׳ל וועלכער געהט אום פון הויז צו הויז און דערצעהלט זייערע קינדער די מעשה פון חנוכה און פורים פארמאָגען זיי ניט.

מען האָט שוין אייניגע מאָל צוזאַמענגערופען די אלע 18 פאמיליעס און זיי ערקלעהרט ווי נויטיג עס איז צו גרינדען א חדר מיט א שוהל׳כעל צוזאמען און נעהמען פאר זייערע קינדער א ריכטיגען מלמד, וואָס פאר־שטעהט זיין פאַך, אָבער פאַרלויפיג איז נאָך אלץ ווייט אוועק דערפון, מען קומט זיך צוזאמען און יעדער ווייזט ארויס זיין קונסט אין רעדען, און מען באַשליסט נאָך אמאָל זיך צוזאַמענקומען און די זאַך טיכטיגער ארומרעדען און ביי דעם בלייבט עס. פרעגט זיך די פראגע: וואָרום ביי די גוים, להבדיל, אז זיי געהען וואָס טהאָן, איז „אומר ועושה", גערעדט און געטהאָן און ביי אונז אידען שלעפט זיך יעדע זאך אזוי ווי פון פעך?

אלס ענטפער אויף זיין קשיא האָב איך איהם דערצעהלט א טערקיש מעשה׳לע.

ווען די מענשען האָבען זיך אָנגעהויבען צו פרוכפערען און מעהרען, האָט אללא (גאָט) צוזאמענגערופען אלע פעלקער און צו זיי געזאָגט:

„קינדער, איך האָב באַשאַפען זעהר א שעהנע וועלט מיט א סך רייכ־טהימער, איצט געה איך איינטיילען יעדען איינעם א חלק נאָך זיין פאַרלאַנג

נאָך. זאָגט, קינדער, וואָס איהר ווילט און אייער וואונש וועט ערפילט ווערען.״

די אַראַבער האָבען געבעטען מדבר און פרייהייט, זיי זאָלען קענען פראנק און פריי ארומלויפען אויף זייערע ווילדע פערד און טהאָן דאָס וואָס זייער האַרץ גלוסט.

די טערקען האָבען געבעטען טאַבאַק און שעהנע פרויען און וואָס מעהר אלץ בעסער.

די ענגלענדער האָבען געבעטען דעם ים און א גרויסע פלאָטע דערצו.

די פראנצויזען האָבען געבעטען אמוזירונגען, וויין, ווייב, געזאַנג און מאָדע.

די גריכען האָבען געבעטען חכמה, פילאָזאָפיע און ספּאָרט.

די רוימער האָבען געבעטען כלי זין און קראַפט.

די כינעזער האָבען געבעטען רייז און לאַנגע צעפּ.

די אמעריקאנער האָבען געבעטען פאַבריקען און געלד.

„און וואָס פארלאנגט איהר? האָט אללאה די אידען געפרעגט.

„אלמעכטיגער באשעפער! — האָבען די אידען צו איהם געזאָגט — מיר פאַרלאַנגען אז דו זאָלסט ווארטען א שטיקעל צייט, מיר מוזען פריהער אָבהאלטען איניגע מאס-מיטינגען און, אויסהערען א פּאָר הונדערט רעדנער, דאן וועלען מיר דיר זאָגען וואָס מיר פאַרלאַנגען.״ און אזוי ווי זיי זיינען נאָך עד היום ניט פארטיג געוואָרען מיט זייערע מיטינגען, האָבען זיי נאָך דערווייל גאָרנישט.



# דער כח פון א נס

פרעגט מיך א איד א קשיא:

ער איז בטבע זעהר א גרויסער בעל צדקה, ווען ער קומט אריין אין בית-המדרש און געפינט דאָרטען צדקה-פושקעס, ווארפט ער אריין אין יעדער פושקע אביסעל קליינגעלד.

צופעליגערווייזע איז ער גראָד אריינגעקומען אין א געוויסען בית

# מענש און תורה

המדרש און האָט דאָרטען געפונען א גרויסע פושקע אָנגעקלאַפּט פאר „רבי מאיר בעל הנס”. געוועהנליך, ער האָט די פושקע ניט פארשעהמט און איהר אויך אביסעל קליינגעלד געגעבען, אָבער א גרויסער פראגע־צייכען האָט זיך אוועקגעשטעלט פאר זיינע אויגען און געפרעגט: „מה טיבו של עובר זה”, וואָס איז דאָס פאר א מין מאכערייקע? אויב עס איז שוין יאָ געוועזן אַמאָל א רבי מאיר, וואָס האָט באַוויזען א נס, איז דעריבער דאָרף מען מאכען דערפון א גאנצען צימעס? וואָס פאר א נסים באווייזט אונז איצט רבי מאיר? און צווייטענס, זאָגען אונזערע חכמים אויסדריקליך: „לאו כל יומא מתרחיש ניסא”, ניט אלע טאָג טרעפט זיך א נס, און „אין סומכין על הנס”, מען טאָר זיך אויף א נס ניט פארלאָזען, טאָ וואָס מאכערייקעט מען דאָ מיט דער פושקע?

אלס ענטפער אויף זיין קשיא, האָט איך איהם דערצעהלט די מעשה מיט יענעם אידען:

צוויי קליינשטעדטעלדיגע אידען זיינען אַמאָל געקומען אין פעטערבורג און אזוי ווי זיי האָבען קיין פּאַספּאָרטען ניט געהאַט, האָבען זיי געזוכט ווי וויַט מעגליך אויסצומיידען אז קיין פּאָליציאַנט זאָל זיי ניט באגעגענען.

דאַרף זיך טרעפען גראָד צום שלים־מזל, אז געהענדיג איינמאָל אין גאַס איז זיי אָנגעקומען א פּאָליציאַנט אנטקעגען און זיי א פרעג געטהאָן, צי זיי האָבען פּאַספּאָרטען, האָבען די ביידע אידען געכאפּט די הענט מיט די פיס און גענומען לויפען. איין איד האָט אין גאנצען געמאכט א ויברח און איז פאַרשוואונדען געוואָרען, דער צווייטער איד אָבער האָט זיך פון פּאָליציאַנט ניט געקענט ארויסדרעהען. ער לויפט און דער פּאָליציאַנט נאָך איהם.

זעהענדיג, אַז ער קען פון דעם פּאָליציאַנט ניט פּטור ווערען, האָט ער דערזעהן אן אָפענע טהיר, איז ער אריינגעלאָפען אין א הויז און אזוי ווי קיינער איז דאָרטען ניט געווען, איז ער ארונטערגעקראָכען אונטער א בעט און גענומען זאָגען:

— רבי מאיר! איך וועל געבען צוויי רובעל אויף צדקה, אבי דו זאָלסט מיך נאָר ראַטעווען!

— ארויס פון אונטער׳ן בעט! — האָט דער פּאָליציאַנט א געשריי געטהאָן, — ווארום אז איך וועל ארונטערקריכען אונטער׳ן בעט, וועל איך דיך דער׳הרג׳ענען.

— רבי מאיר, רבי מאיר איך וועל דיר געבען דריי רובעל, פינף רובעל, אבי ראַטעווע מיך ארויס פון זיינע הענט!

— אזוי? מאיר ליגט דאָרטען אויך אונטער׳ן בעט? דאַן וועל איך אייך ביידע אידעלאך צוזאַמען דערלאַנגען די פּאָרציע! — האָט דער פּאָליציאנט אויסגערופען.

דערביי איז ער ארונטערגעקראָכען אונטער׳ן בעט, ארויסגעשלעפּט דעם אידען און צו איהם געזאָגט:

— שטעה אויף אַן אָרט דו זאָלסט זיך ניט א ריהר טהאָן, איך געה ארויסשלעפּען מאיר׳ן אויך פון אונטער׳ן בעט.

און ווי דער פּאָליציאנט איז ארונטערגעקראָכען אונטער׳ן בעט נאָך מאיר׳ן, איז דער איד אנטלאָפען געוואָרען.

ווי איהר זעהט, מיין פריינט, איז דער איד נצול געוואָרען דינגענדיג זיך מיט רבי מאיר׳ן. דאָס ווייזט, אז רבי מאיר בעל הנס קען נאָך היינט אויך נסים באווייזען. און אויב איהר זייט בטבע א גרויסער בעל צדקה, דארפט איהר קיין קשיות ניט פרעגען און געבען.



# המתפלל על חבירו הוא נענה תחילה

אונזערע חכמים זאָגען: „המתפלל על חבירו הוא נענה תחילה״, דער וואָס בעט דעם אויבערשטען פאר׳ן צווייטען, וועט זיין אייגענער געבעט געענטפערט ווערען צוערשט. פרעגט זיך די פראגע: ווי קען גאָר אַזאַ מין פאַל פאָרקומען?... שטעלט זיך פאָר, ראובן און שמעון זיינען צוויי חברים און גוטע פריינד געוועזן, איז ראובן קראַנק געוואָרען און שמעון איז געזונד און שטאַרק. זאָגען אונזערע חכמים: אז אויב ראובן וועט מתפלל זיין אויף שמעונ׳ען, וועט ער געהאָלפען ווערען. סטייטש שמעון איז דאָך גאָר ניט קראנק, טאָ ווי אזוי קען ער מתפלל זיין פאַר איהם?

אלס ענטפער אויף דער פראגע, קען מען דערצעהלען די מעשה מיט יענע צוויי חברים:

# מענש און תורה

בערעל און שמערעל זיינען צוויי לאנדסלייט געווען, געקומען ביידע גלייך אין אמעריקא, געהונגערט צוזאמען, זיך געמאַטערט צוזאמען, ביז זיי האָבען זיך ביידע אביסעל ארויפגעארבייט, מען האָט געעפענט א געשעפט צוזאַמען און עס איז זעהר גוט אוועק.

מיט יאָהרען שפּעטער, איז פאָרגעקומען צווישען זיי עפּעס א סיכסוך, מען האָט זיך זעהר שטארק צוקריגט, זיך פאַנאַנדערגעטיילט פון שותפות און מען איז זיך געוואָרען דם שונאים.

איבערהויפּט פלעגט זיך ארויסווייזען זייער שנאה, ווען זיי פלעגען ביידע קומען צום מיטינג פון זייער פאראיין, ווי צוויי פייער־שפּייענדע בערג פלעגען זיי שטעהן איינער אנטקעגען דעם אנדערען, פלעגט איינער זאָגען טאָג, פלעגט דער צווייטער זאָגען נאַכט, פלעגט איינער זאָגען ווייס, פלעגט דער צווייטער זאָגען שווארץ. אָט אזוי פלעגען זיך די אמאָליגע חברים ארומרייסען ביי יעדען מיטינג און די שנאה פלעגט פון טאָג צו טאָג אלץ שטארקער און שטארקער ווערען צווישען זיי.

דאַרף זיך טרעפען, אז א שעהנער בעל הבית פון זייער פאראיין איז נעביך א יורד געוואָרען און בערעל איז אויסגעקליבען געווארען אין דער קאָמיטע צו שאַפען פאר דעם געפאַלענעם בעל הבית עפּעס הילפע, כדי ער זאָל האָבען פון וואַנען צו לעבען.

געהענדיג צווישען זיינע באקאנטע, איז בערעל אויך אריינגעקומען צו שמערלען אין הויז, איהם דערצעהלט די געשיכטע פון דעם געפאַלענעם בעל הבית און פאַרלאַנגט פון איהם א נדבה.

שמערעל איז אן אויפגעקאָכטער געוואָרען און גענומען שרייען:

— מיט וועלכען רעכט קומסטו גאָר צו מיר אין הויז אריין?... דו אזעלכער און אזעלכער!...

בערעל האָט אויסגעהערט די אלע זלזולים וואָס יענער האָט אויף איהם געשאָטען און האָט קיין וואָרט ניט גערעדט, נאָר ווען שמערעל האָט זיך איבערגעקאָכט, האָט ער זיך צו איהם אָבגערופען:

— מיר ווערסטו גאָרנישט אָבטהאָן ווען דו ווערסט ניט געבען קיין נדבה, דו ווערסט מיר אויך קיין טובה ניט טהאָן ווען דו ווערסט יאָ געבען, נאָר אויב דו ווילסט יענעם העלפען, טאָ גיב מיר א נדבה פון יענעמ׳ס וועגען, ניט פון מיינעטוועגען!

## דר. י. ל. שניצער

ווען שמערעל האָט דערהערט די ווערטער, האָט ער ארויסגענומען זיין טייסטער און געגעבען בערלען א שעהנע נדבה, פאראיינס האָבען זיך די שונאים צורעדט און זיינען גוטע פריינד צוריק געוואָרען.

אָט קען טרעפען א פאַל וואו בעטענדיג גאָר פאר א צווייטען, איז בערעל געהאָלפען געוואָרען, זיין שונא און איהם א גוטער פריינד געוואָרען.



# אשר בחר בנו מכל העמים

פרעגט מיך א איד א קשיא:

מיר דאַנקען דעם אויבערשטען יעדען טאָג ביים דאַוונען: „אשר בחר בנו מכל העמים ונתן לנו את תורתו״, וואָס ער האָט אונז אויסגעקליבען פון אלע פעלקער און אונז געגעבען זיין תורה. פרעגט זיך די פראגע: ווען צום ביישפיעל, די איבעריגע פעלקער וואָלטען אויך געוואָלט די תורה האָבען, נאָר דער אויבערשטער האָט זיי ניט געוואָלט געבען און האָט אונז די מציאה איינגעטיילט, דאן וואָלט זיך דער דאַנק זעהר גוט געפּאַסט, אָבער אונזערע חכמים זאָגען דאָך, אז דער אויבערשטער האָט זיך ארומ־געטראָגען מיט דער תורה צווישען אנדערע פעלקער און קיינער האָט איהר אין האַנד ניט געוואָלט נעהמען, נאָר מיר, אידען, האָבען א געשריי געטהאָן: „נעשה ונשמע״, הייסט עס דאָך, אז מיר האָבען איהם גענומען, ניט ער אונז! טאָ פארוואָס שרייען מיר, אז ער האָט אונז אויסגעקליבען?

אלס ענטפער אויף זיין קשיא האָב איך איהם דערצעהלט די מעשה מיט יענע צוויי סוחרים:

צוויי סוחרים זיינען געקומען אין לייפּציג איינהאנדלען סחורה. איינער איז געוועזען א סוחר׳ס א זוהן, וואָס דער פאָטער האָט איהם געשיקט דאָס ערשטע מאָל אז ער זאָל איינקויפען פאר איהם סחורה און ווערען געניט אין דעם געשעפט. דער צווייטער איז געוועזען א פּראָסטער פויער פון א דאָרף, וועלכער האָט געוואוינט א לאָטעריי־צעטעל און איהם האָט זיך גע־וואָלט ווערען א סוחר.

# מענש און תורה

ביידע זיינען אריינגעקומען אין א מאַגאַזין און מען האָט זיך געהייסען ווייזען סחורה. יעדעס שטיקעל סחורה, וואָס מען האָט דעם פויער געוויזען, האָט ער פאַרלאַנגט, אז מען זאָל עס פונאַנדערוויקלען אין גאנצען, כדי ער זאָל קענען דאָס גאַנצע שטיק סחורה זעהן. מען נעהמט פונאנדער א שטיק זיידענס, דער פויער נעהמט עס אין האַנד אריין, טאַפּט און טאַפּט און גיט א זאָג: „ניין, איך וויל עס ניט!" מען נעמט פאנאנדער א טייערע שטיק סאמעט, דער פויער גיט ווידער א טאַפּ און זאָגט: עס איז צו דין, ער וויל עס ניט האָבען. קורץ, דער בעל הבית פון מאַגאַזין האָט געזעהן וואָס פאר א מין סוחר ער האָט פאַר זיך, האָט ער איהם געהייסען געהן און איהם מעהר קיין סחורה ניט געוואָלט ווייזען. דעם סוחר'ס זוהן איז אויך קיין גרויסער מבין ניט געווען, נאָר ער האָט געזעהן, אז די זיידענס איז פון דעם און דעם גרויסען פאַבריקאנט, דער סאמעט איז פון דער און דער באַריהמטער פירמע, האָט ער געהייסען די סחורה איינפּאקען, ווייל ער האָט געוואוסט, אז זיין טאַטע און זיין זיידע האָט מיט דער פירמע געהאנדעלט און האָבען זיך קיינמאָל ניט אָפּגענארט.

דער אויבערשטער האָט געוואָלט געבען די תורה אויף דער וועלט, זיינען געקומען די פויערים „עשו" און „ישמעאל" און האָבען פאַרלאַנגט, אז מען זאָל פאר זיי די תורה פאַנאַנדערנעהמען, זיי ווילען זעהן „מה כתיב בה", וואָס דאָרטען איז אָנגעשריבען און וואָס דאָרטען געפינט זיך. מען האָט זיי דערלאַנגט א טייער שטיק זיידענס — א „לא תרצח", א טייער שטיק סאמעט — א „לא תגנוב", האָבען זיי געטאַפּט און געטאַפּט, געגעבען זיך אַ קרים און א זאָג געטהאָן: ניין, די סחורה געפעלט אונז ניט.

זיינען געקומען די אידען און האָבען א קוק געטהאָן אויף דער סחורה. אמת, קיין גאנץ גרויסע מבינים זיינען זיי דאַן אויך ניט געווען, נאָר זיי האָבען דערזעהען די פירמע, ווער דער פאַבריקאנט איז, האָבען זיי גלייך א געשריי געטהאָן: „נעשה ונשמע".

דעריבער דאַנקען מיר דעם פאבריקאנט פאר זיין טייערער סחורה וואָס ער האָט פאַבריצירט. ניט זייענדיג קיין מבינים האָבען מיר זיך דאָך מיט דער קניה ניט אָפּגענאַרט.

## דר. י. ל. שניצער

# אויסגערעכענטקייט און אויסגעהאַלטענקייט

דוד המלך דערצעהלט א גרויסקייט אין א מזמור, „בשנותו את טעמו", ווען ער האָט פאַרענדערט זיין פאַרשטאַנד פאר אבימלך דער קעניג פון די פלשתים, דאָס הייסט, ווען ער האָט זיך געמאכט פאר משוגע, „ויגרשהו וילך", האָט איהם אבימלך ארויסגעטריבען און ער איז געגאנגען. פרעגט זיך די פראגע: וואָס פאר א קונץ האָט דאָ דוד באוויזען? ווען אבימלך וואָלט איהם געוואָלט איינשפּאַרען אין א משוגעים הויז און ער וואָלט זיך מיט א שפּיצעל ארויסגעכאפּט און אנטלאָפען, דאָס וואָלט געווען א קונציגע שטיקעל ארבייט, אבער אז „ויגרשהו" ער האָט איהם ארויסגעטריבען, איז „וילך" האָט ער געמאכט פיס און איז געגאנגען, א ברירה האָט ער געהאָט?

אלס ענטפער אויף דער פראגע קען מען דערצעהלען די מעשה מיט „בערעל־חכם":

ווען אין רוסלאנד איז אָנגעקומען דער פּריזיוו, האָבען אונזערע אידען געזוכט אלערליי תחבולות אין דער וועלט, ניט צו געהן דינען דעם קייזער. אין יעדער שטאָדט האָט זיך געפונען א מאן, וואָס פאר איניגע רובעל פלעגט ער מאַכען די פּריזיוויניקעס געוויסע פעהלערען, איינעם פלעגט ער מאַכען בלינד אויף אן אויג, דעם צווייטען טויב אויף אן אויער, דעם דריטען איינציהען א פינגער און נאָך אזעלכע פעהלערען.

בערעל איז געווען א באַלעבאטישער בחור און נאָך א שטיקעל משכיל אויף דערצו. יעדען שבת בין מנחה למעריב פלעגט זיך ארומקלייבען ארום איהם א רעדעל מענשען אין בית המדרש און ער פלעגט זיי ער־קלעהרען נאַטור־וויסענשאַפט און אויפוויזען מיט ראיות, אז „אין כל חדש תחת השמש", קיין נייעס איז אויף דער וועלט ניטאָ. אלץ איז שוין געווען און אלץ געפינט זיך אין אונזער תורה. דערפאר האָט מען איהם גערופען בערעל חכם.

ווען בערעל האָט זיך געדאַרפט שטעלען צום פּריזיוו, איז זיין פאָטער אומגעגאנגען ווי אָהן א קאָפּ, ווייל ער איז געווען זעהר א שטארקער און א געזונטער בחור, האָט זיך דער פאָטער ביי איהם געבעטען, אז ער זאָל זיך מאַכען עפּעס א שטיקעל מום, אָבער בערעל האָט זיך אויסגעלאכט פון דעם.

— וואָס? — האָט ער צום פּאָטער געזאָגט, — איך זאָל מיר מאַכען א פעהלער? ניין, טאַטע! איך וועל אַזאַ נאַרישקייט ניט טהאָן? לאָז עס נאָר צו מיר, טאַטע, וועסטו זעהן ווי איך וועל דעם גאנצען „פּריאָם״ פיהרען פאר דער נאָז.

ווען בערעל איז אריינגעקומען אין פּריסוטסטווע זיך שטעלען, האָט ער זיך געמאכט פאר טויב, מען האָט געמוזט שרייען צו איהם זעהר הויך אין אויער אריין, דאן האָט ער עפּעס וואָס געהערט, זאָנסט אָבער איז ער געוועזן טויב ווי די וואַנט. די דאָקטוירים האָבען אונטערזוכט זיינע אויערען און געקוועטשט מיט די פּלייצעס. זיי האָבען קיין שום פעהלער אין זיינע אויערען ניט געפונען. אָבער בערעל האָט זיך געהאלטען ביי דאָס זייניגע: ער הערט ניט און פארטיג!

איז דער פּריאָמשטשיק געפאַלען אויף אַן המצאה, ער איז צוגעגאנגען צו בערלען און איהם געזאָגט שטילערהייט אונטער דער נאָז:

— דו קענסט געהן א היים, בערעל! דו טויגסט ניט פאר קיין סאָלדאט!

בערעל חכם האָט פון גרויס שמחה פארגעסען, אז ער איז טויב און האָט גענומען שטעלען פּיס, האָט דער פּריאָמשטשיק איהם צוריקגעהאלטען און איהם פאר א סאָלדאַט אָבגעגעבען.

ווען דוד האָט זיך געמאכט פאר משוגע, „ויגרשהו״ און אבימלך האָט איהם ארויסגעטריבען, האָט ער ניט געהאנדעלט ווי בערעל חכם און גענומען לויפען, נאָר „וילך״, ער האָט גענומען ביסלעכווייז אָבגעהן, דאָס הייסט, ער האָט געהאנדעלט מיט שכל און האָט געשפּילט זיין משוגע׳נע ראָלע ביז צו דער ענד, אָט דאָס איז געוועזן זעהר א גרויסע העלדישקייט פון איהם.



# דער תכלית פונ׳ם לעבען

משה רבנו זאָגט אין זיין תפלה: „ד׳ מעון אתה היית לנו בדור ודור״, גאָט, דו ביזט געוועזן א וואוינונג פאר אונז פון דור צו דור. פרעגט זיך די פראַגע: וואָס איז דאָס פאר א מין אויסדרוק א וואוינונג? ווען ער וואָלט געזאָגט, אז גאָט איז געוועזן אונזער העלפער, אונזער שפּייזער, אונזער

פאַרזאָרגער, דאָס האָט נאָך עפּעס א שטיקעל זין, אָבער אז גאָט איז אונזער וואוינונג, דאָס קען מען ניט פאַרשטעהן, איז דען גאָט א הויז און מיר וואוינען אין איהר?

אלס ענטפער אויף דער פראגע קען מען דערצעהלען די מעשה מיט יענע צוויי פויערים:

א גראַף, וועלכער איז געווען זעהר געלערענט און ליבעראל, פלעגט לעקטשורען פאר זיינע אונטערטאנען, אז אלע מענשען זיינען גלייך אין דעם אויבערשטענס אויגען, עס איז ניטאָ קיין יחסנים ביי איהם, דעריבער דאַרף יחוס קיין שום ראָלע ניט שפּילען אויף דער וועלט. אום צו ווייזען זיינע אונטערטאנען ווי וויט ערנסט ער מיינט דאָס וואָס ער רעדט, האָט ער זיי אָנגעוויזען, אז ער האָט חתונה געמאכט זיינע צוויי טעכטער פאר צוויי איינפאַכע פּראָסטע פויערים פון דאָרף.

איין איידעם זיינער איז גראדע געווען א פאַרשטענדיגער מענש. ער האָט איינגעזעהן דעם גרויסען חסד וואָס דער גראַף האָט מיט איהם געטהאָן, האָט ער געזוכט מיט אלע זיינע מעגליכקייטען אוועקצואוואַרפען זיינע גראָבע פּראָסטע זיטען, זיך גענומען לערנען פון זיין ווייב איידעלקייט, נאָכגעקוקט איהרע טריט, געזוכט נאָכצוטהאָן יעדער הנהגה איהרע און זיך איינגעהערט פלייסיג צו דאָס וואָס זי האָט מיט איהם געלערענט, ביז ער איז געוואָרען אזוי אויסגעאיידעלט, אז דער גראַף פלעגט איהם איינלאדען יעדעס מאָל צו זיך אין הויף, ווען עס פלעגען צו איהם קומען קעניגליכע געסט.

די טאָכטער ווידער איז ביי דעם גראַף אין די אויגען זעהר געהויבען געוואָרען פאר איהר גרויסע מייסטערווערק, וואָס זי האָט איבערגעארבייט דעם פּראָסטען מענשען און פון בלאָטע גאָלד געמאַכט. זיין איידעמ׳ס איי־דעלקייט און זיינע שעהנע מאַניערען האָט יעדער איינער באַוואונדערט און מיט רעספּעקט זיך צו איהם באצויגען.

דער צווייטער איידעם זיינער, איז אָבער געווען א גרויסער טיפּש, איהם איז גאָרניט איינגעפאלען צו באַטראַכטען דעם גרויסען חסד וואָס דער גראַף האָט מיט איהם געטהאָן... און ער האָט זיך גענומען פיהרען ווי פריהער, פאַרברענגען גאַנצע נעכט אין קרעטשמע מיט די פויערים, שכור׳ן און רוי־כערען זיינע מאַכאָרקע טאַבאַק, און האָט ביסלעכווייז די גרעפין ארייננגע־

צויגען אין זיין בלאָטיגער אויפפיהרונג, ביז וואַנען זי איז אויך געוואָרען פאַרגרעבט ווי די פּראָסטע פויערטעס פון דאָרף.

דאַרף זיך טרעפען אז איהר מאן איז אוועקגעשטאָרבען און זי איז געבליבען אן אָרעמע אלמנה, איז זי אומגעגאנגען זעהר פארצוויפעלט און ניט געוואוסט וואָס צו טהאָן, אומקעהרען זיך צו איהר פאָטער אין הויף האָט זי ניט געקענט, ווייל זי איז זעהר פארגרעבט געוואָרען, עס וועט נעמען א לאַנגע צייט ביז זי וועט ארויסרייסען פון זיך די גראָבע פויערשע זיטען, און צווייטענס, וועט ברענען ביי איהר די קנאה געגען איהר אנדערער שוועסטער, וואָס האָט איבערגעארבייט בלאָטע אויף גאָלד, און זי האָט געמאכט פון גאָלד בלאָטע, פון א גרעפין איז זי א פּראָסטע פויערטע געוואָרען.

משה רבנו גיט אין זיין תפלה אן אַנטוואָרט אויף דער פראגע: וואו איז דער אָרט פון דער נשמה איידער דער מענש ווערט געבאָרען? און וואו קומט זי אהין נאָך דעם מענשען׳ס טויט? כדי מיר זאָלען פאַרשטעהן דעם ציעל פון דעם מענשען׳ס לעבען אויף דער וועלט, גיט ער א זאָג:

— „ד׳ מעון אתה היית לנו בדור ודור”, די נשמה איז א חלק פון דעם אויבערשטען און דאָרטען איז איהר וואוינונג, נאָר אויף א קורצער צייט האָט זי איהר וואוינונג איבערגעצויגען אין דעם מענשליכען קערפּער, כדי זי זאָל דעם קערפּער אויסאיידעלען אזוי ווי די גרעפין דעם דאָרפסמאן, אָבער ניט אלע קערפּערס לאָזען זיך אויסאיידעלען פון דער נשמה...



# אשה רעה מר ממות

שלמה המלך זאָגט אונז: „ומוצא אני מר ממות את האשה”, ער האָט אויסגעפונען, אז א שלעכטע פרוי איז ביטערער ווי דער טויט. פרעגט זיך די פראגע: ווי אזוי האָט שלמה המלך געקענט אַפּזאָגען אזא מין זאַך אָהן וועלכע ערפאהרונג? איז ער דען שוין אמאָל געשטאָרבען און געפיהלט וועלכע יסורים א מענש ליידט דורך ווען ער שטארבט. טאָ ווי קומט ער צו מאַכען אַזאַ מין באַמערקונג סתם אין דער וועלט אריין?

## דר. י. ל. שניצער

אלס ענטפער אויף דער פראגע קען מען דערצעהלען די מעשה מיט יענעם חולה:

כאַצקעל דער בעל עגלה איז געפעהרליך קראַנק געוואָרען. אלע דאָקטוירים האָבען איהם אָפּגעזאָגט דאָס לעבען, איז געקומען דער רב פון שטאָדט איהם מבקר חולה זיין, קלאָגט זיך כאצקעל פאר׳ן רב, אז עס איז שוין נאָך אלעמען, ער איז שוין אָפּגעפאָהרען. ער קען שוין מעהר ניט לעבען, ווייל אלע דאָקטוירים האָבען איהם שוין אויפגעגעבען. זאָגט דער רב צו איהם:

„מען טאָר ניט האָפנונג ניט פארלירען, רב כאצקעל! אונזער גרויסער פּראָפעסאָר, דער רבונו של עולם האָט אונז פארשריבען א רעצעפּט, וועל־כער רופט זיך תשובה. „כי לא תחפוץ במות המת״, ער וויל ניט, אז דער מענש זאָל שטאַרבען, „כי אם בשובו מדרכו וחיה״, ער פאַרלאַנגט נאָר, אַז דער מענש זאָל תשובה טהאָן און לעבען. טהוט תשובה, רב כאצקעל, און איהר וועט זעהן, אז דער אויבערשטער וועט אייך העלפען״.

„אָבער איהר זעהט דאָך, רבי, אז איך קען קיין גליעד ניט ריהרען, טאָ ווי אזוי קען איך מיך קלאפּען אין הארצען „על חטא?״

„דער אויבערשטער פאַרלאַנגט נאָר די „מחשבה״, אָבער ניט די הענט, האָט דער רב איהם געענטפערט, — טהוט נאָר ריכטיג תשובה מיט אייער מחשבה, וועט דער אויבערשטער אייך פון אייער קראנקען בעט אויפהויבען״.

און אזוי איז געווען. כאצקעל האָט תשובה געטהאָן מיט זיין מחשבה און איז געזונט געוואָרען.

אין איניגע מאָנאַטען ארום איז כאצקעל געקומען צום רב מיט זיין ווייב זיך גט׳ן, זי איז א געפעהרליכע ארורה, האָט ער געשריען, ער קען שוין מעהר פון איהר ניט אויסהאלטען, „און עס איז אייער פליכט, רבי, אז איהר זאָלט זי צווינגען, אז זי זאָל נעהמען פון מיר א גט.״

האָט דער רב געזוכט מיט אלע זיינע מעגליכקייטען צו מאַכען א שלום צווישען זיי. זעהענדיג אבער, אז כאצקעל איז איינגע׳עקשנ׳ט און וויל פון קיין שלום ניט הערען, האָט דער רב זיך צו איהם אָפּגערופען:

„אויב איהר ווילט דורכאויס אייער ווייב גט׳ן, דאן מוזט איהר איהר געבען איהר כתובה.״

„וואָס רעדט איהר, רבי, וואָס הייסט איך זאָל איהר געבען איהר כתובה? וואָס בין איך, זלמן דער נגיד? איהר ווייסט דאָך, רבי, אז איך בין אן אָרימאן אן אביון!"

„אויב איהר קענט איהר די כתובה ניט געבען, דאן קען איך אייך קיין גט ניט שרייבען."

„איך האָב אן איינפאַל, רבי, זעהר א גוטען איינפאל!" — האָט כאצקעל צו איהם געזאָגט — „איך וועל איהר צאָהלען איהר כתובה אין מיין מחשבה."

„וואָס הייסט אין אייער מחשבה?"

„גאַנץ איינפאך, רבי, איך וועל טראכטען, אז איך צאָהל איהר."

„ניין, רב כאצקעל, איהר מוזט איהר געבען מזומנים, באַארעס געלט, קיין מחשבה וועט דאָ ניט העלפען."

„אוי! — האָט כאצקעל א קרעכץ געטהאָן — איצט זעה איך ווי ריכטיג שלמה המלך'ס ווערטער זיינען, אז א שלעכטע ווייב איז ביטערער ווי דער טויט, פון טויט האָט מיך מיין מחשבה געראטעוועט, אָבער פון מיין ארורה קען איך זיך מיט מיין מחשבה ניט ראַטעווען."



# רחמנא ליבא בעי

אונזערע חכמים זאָגען: דער וואָס זאָגט דריי מאָל אין טאָג „אשרי יושבי ביתך" איז פארזיכערט מיט עולם הבא. פרעגט זיך די פראגע, אויב „אשרי יושבי ביתך" האָט אַזאַ גוואלדיגע קראפט אין הימעל, קען דאָך יעדער איינער, אפילו ניט קיין פרומער זאָגען דריי מאָל א טאָג אשרי און האָבען עולם הבא, טאָ צו וואָס האָט מען אונז דערלאנגט א גאנצען סדור מיט תפילות, מיט תפילין, מיט ציצית, מיט קריאת שמע און נאָך אזעלכע זאַכען?

אלס ענטפער אויף דער פראגע קען מען דערצעהלען די מעשה מיט יענעם „חולה":

## דר. י. ל. שניצער

— אַ מאַן האָט זעהר שטאַרק געליטען אויף הארץ־קראנקהייט. ער איז אויסגעווען כמעט ביי אלע דאָקטוירים פון שטאָדט, אבער קיינער האָט איהם ניט געהאָלפען, האָט איהם א פריינד געראטען, אז ער זאָל אריבער־פאָהרען קיין בערלין, דאָרטען געפינט זיך זעהר א גרויסער הארץ־ספעציא־ליסט, פילייכט וועט ער עפּעס וואָס קענען טאָן פאר איהם.

דער מאַן האָט גענומען זיין פריינד'ס עצה, אוועקגעפאָהרען נאָך בערלין, אריין דאָרטען צו דעם גרויסען הארץ־ספעציאליסט און זיך געלאָזען פון איהם אונטערזוכען. אויף דעם חולה'ס פראגע, וואָס ער דענקט וועגען זיין קראנקהייט? האָט דער פּראָפעסאָר זיך צו איהם אָפּגערופען:

— אייער לאַגע איז נאָך ניט אזוי געפעהרליך, אז איהר וועט נאָר רעגעל־מעסיג נעהמען מיינע מעדיצינען וועט איהר זיכער געהאָלפען ווערען. דערביי האָט ער איהם געגעבען א רעצעפּט אויף פּראָשקעס עס צו נעהמען דריי מאָל אַ טאָג.

— און אז די פּראָשקעס וועלען אויסגעהן, וואָס זאָל איך טהאָן? — האָט דער חולה איהם א פרעג געטהאָן.

— דאַן זאָלט איהר באנייען דעם רעצעפּט א צווייטען מאָל, א דריטען מאָל, א פערטעל מאָל, ביז איהר וועט אָנהויבען צו פיהלען בעסער.

דער מאַן האָט געטהאָן ווי דער פּראָפעסאָר האָט איהם געהייסען, גענומען די פּראָשקעס רעגעלמעסיג דריי מאָל א טאָג, געלאָזען מאכען דעם רעצעפּט א צווייטען מאָל, א דריטען מאָל, אָבער ער האָט קיין שום בעסערונג ניט געפיהלט, באקלאָגט ער זיך פאר זיין פריינד און זאָגט:

— ווי די וועלט איז דאָס גענאַרט, מען לויפט אין אויסלאנד צו פּראָ־פעסאָרען, מען מיינט, אז זיי וועלען עפּעס וואָס קענען אויפטהאָן. צום סוף לאָזט זיך אויס א בוידעם מיט א פּאָליצע... אָט האָב איך שוין דריי מאָל געמאכט דעם רעצעפּט און איך בין נאָך אלץ דער זעלבער חולה.

— קענסטו מיר ניט זאָגען, מיין פריינד, ווי אזוי נעהמסטו די פּראָשקעס וואָס דער פּראָפעסאָר האָט דיר פארשריבען?

— וואָס הייסט, ווי אזוי איך נעהם? איך שיט אריין דעם פּראָשיק אין אביסעל וואסער, נעהם עס אריין אין מויל, האלט עס א ווײלע, נאכהער שפּיי איך דאָס אויס.

## מענש און תורה

— שוטה! — האָט דער פריינד צו איהם א זאָג געטהאָן. — אז דו פאַרשטעהסט ניט ווי צו נעהמען א פראָשיק, איז דער פראָפעסאָר שולדיג? רפואות דארף מען אראָפּשלינגען, אַז עס זאָל אריינגעהן אין די געדערים און אין הארצען, און ערשט דאן קען עס ווירקען, אבער ניט האלטען אויף א ווײַלע אין מויל און עס נאכהער אויסשפּייען.

אמת, דער „אשרי יושבי ביתך" איז זעהר א טייערער פּראָשיק, ער ענטהאלט אין זיך אמונה, בטחון, ליבע, התעוררות, באגייסטערונג פון דער געטליכער הנהגה און אין דער זעלבער צייט אויך מדות טובות, ווי אזוי דער מענש זאָל זיך פיהרען, אָבער מען דארף וויסען ווי אזוי דעם פּראָשיק צו נעהמען, עס דאַרף זיין „ותורתך בתוך מעי"... מען דאַרף צולייגען די קאָפּ און די הארץ, אז עס זאָל פאַנאַנדערגעהן אין אלע גלידער, אבער ניט נעהמען דעם אשרי אביסעל אין מויל, א מורמעל טהאָן... און נאכהער אויס־שפייען. נייך, אזא אשרי האָבען אונזערע חכמים ניט געמיינט.



# עולם הזה און עולם הבא

דער תנא זאָגט אונז אין אבות: „כל ישראל יש להם חלק לעולם הבא", אז יעדער איד האָט א חלק עולם הבא. פרעגט זיך די פראגע: ווען דער תנא וואָלט געזאָגט, אז יעדער איד וועט האָבען א חלק עולם הבא, דאָס לעגט זיך נאָך אויפ'ן שכל. אז דו וועסט זיין גוט און פרום, וועסטו האָבען עולם הבא, אָבער אז ער זאגט „יש להם", אז ער האָט שוין עולם הבא, דאָס הייסט, אז דער ארטיקעל ליגט שוין א פארטיגער, אן אָנגעגרייטער פאר איהם, טאָ צו וואָס דארף מען זיין גוט און פרום און טהאָן מעשים טובים, אז דער שכר איז שוין דאָ א פאַרטיגער?

אלס ענטפער אויף דער פראגע קען מען דערצעהלען די מעשה מיט יענע „צווײַ ברידער":

בערל און שמערל האָבען זיך צוטיילט מיט זייער פאָטער'ס ירושה, בערל האָט גענומען דאָס שפּייז־קרעמעל, פון וואַנען זייער פאָטער האָט זיין חיונה

## דר. י. ל. שניצער

געצויגען און שמערעל, האָט גענומען דעם פּאַטער׳ס הייזעל, וועלכעס איז איבערגעגאנגען בירושה צו זייער פאַמיליע פון אבות אבותינו.

אין איינינע יאָהר ארום איז בערעל געוואָרען א יורד און איז געצוואונגען געוואָרען אומצוגעהן איבער די הייזער און קלייבען נדבות, מיט לעבענס־מיטעל איז ער נאָך כלומרשט ווי עס איז דורכגעקומען, ער פלעגט צוזאמענקלייבען א גילדען א טאָג, פלעגט ער דאָס אויפעסען, אבער מיט׳ן שלאָפען האָט ער זעהר פיעל טראָבעל געהאט, קיין אייגענע דירה האָט ער ניט געהאט, פלעגט ער זיך אומטרייבען פון איין פלאץ צו דעם צווייטען און נעכטיגען וואו עס האָט זיך איהם געמאכט.

האָט איהם אָנגעטראָפען אמאָל זיינער א גוטער פריינד און צו איהם געזאָגט:

„בערעל, וואָס וועט זיין דער תכלית פון דיר? דו פארשטעהסט דאָך אליין, אז אָהן א שטיקעל דאַך איבער׳ן קאָפּ קען קיין מענש ניט אויסקומען, דעריבער איז מיין עצה, אז דו זאָלסט זיך זעהן צו קויפען א הייזעל, דו מאכסט א גילדען א טאָג פון נדבות, לעג אוועק יעדען טאָג א האלבען גילדען אָן א זייט, ביז דו וועסט צוזאמענקלייבען גענוג געלד זיך צו קויפען א הייזעל״.

„וואָס? — האָט בערעל אויסגערופען — צעהנדליגע יאָהרען זאָל איך מיך פלאגען און ליידען הונגער, כדי א שטיקעל הייזעל צו האָבען? ניין, מיין פריינד! איצט וועניגסטענס פיל איך אָן דעם מאָגען אביסעל, אָבער ווען איך פאָלג דיין עצה, איז דאָס ניט אהער און ניט אהין. איידער איך וועל דערלעבען די נחמה, וועט דערווייל ארויסגעהן די נשמה״.

שמערעל איז אויך געווען אן אָרימאן און האָט געלעבט אין גרויס דחקות. אמת, א דירה האָט ער געהאט, דערפאר אָבער האָט זיין מאָגען זעהר שטארק געליטען, און ווען זיינער א פריינד האָט איהם געגעבען אן עצה אז ער זאָל פארקויפען דאָס הייזעל און אָנפאנגען מיט דעם געלד עפּעס צו טהאָן, האָט שמערעל איהם געענטפערט:

„ווען איך ווייס אפילו אויסצוגעהן פון הונגער, וועל איך דאָס הייזעל, וואָס איז מיר געבליבען א ירושה פון מיינע עלטערען, ניט פארקויפען. אמת טאקע, מיר איז זעהר ביטער, אָבער איך האָף צו דעם אויבערשטען אז ער וועט מיר העלפען און איך וועל ביי מיין ירושה בלייבען״.

## מענש און תורה

ווען דער תנא פון דער משנה וואָלט געזאָגט, אז יעדער מענש זאָל קיין הנאה ניט האָבען פון דער וועלט און זאָל נאָר זעהן זיך אָנצוגרייטען עולם הבא, וואָלט מען זיך אויסגעלאכט פון איהם, אזוי ווי בערעל האָט זיך פון זיין פריינד אויסגעלאכט, אָבער ווען ער זאָגט, אז „יש להם״, אז יעדער איד האָט עולם הבא, א פארטיגע ירושה פון זיינע עלטערען, דאן וועט זיך יעדער איד באַמיהען און ליידען אביסעל אויף דער וועלט, כדי זיין נחלת אבות, זיין ירושה ניט צו פאַרלירען.



## גוף און נפש

ווען דוד המלך האָט געוואָלט אויפווייזען די וואונדער און די גרויסקייט פון דעם אויבערשטען, גיט ער א זאָג: „ברכי נפשי״, זיין נפש טהוט לויבען גאָט. פרעגט זיך די פראגע: וואָס הייסט עפּעס דער נפש טהוט לויבען גאָט? און וואו איז דער גוף? ווען איינער שעפּט באגייסטערונג, שעפּט אי דער נפש און אי דער גוף, אבער ניט דער נפש אליין.

אלס ענטפער אויף דער פראגע קען מען דערצעהלען די מעשה מיט טהאָמאס עדיסאָן:

טהאָמאס עדיסאָן איז געוועזן כמעט דער גרעסטער ערפינדער אין אמעריקא. אויסער וואָס ער האָט ענטוויקעלט די עלעקטרישע קראַפט און אויפגעטהאָן מיט דעם וואונדער, האָט ער נאָך ערפונדען דערצו דעם „פאָנאָגראף״, וואָס קען נאָכרעדען און נאָכזינגען אלעס וואָס מען רעדט און מען זינגט אין דעם אינסטרומענט אריין און נאָך אזעלכע גרויסע ערפינ־דונגען.

די וויסענשאפט אקאדעמיע פון אמעריקא האָט באשלאָסען צו מאכען א באנקעט פאר דעם גרויסען ערפינדער און אויסדריקען דערמיט זייער דאנקבארקייט און זייער אנערקענונג וואָס ער האָט אויפגעטהאָן פאר דער מענשהייט. מען האָט גענומען א זאַל אין דעם רייכסטען האָטעל אין ניו־יאָרק, איינגעריכטעט דאָרטען די שעהנסטע עלעקטרישע באַלייכטונגען און עלעקטרישע מעכאנישע מאַשינען, וועלכע האָבען די געסט באדינט און

## דר. י. ל. שניצער

סערווירט אָהן דער הילף פון משרתים. מען האָט אויך דאָרטען ארייננעשטעלט פארשידענע פאָנאָגראפען וועלכע האָבען דאָרטען געזונגען און געשפּילט די שעהנסטע קלאַסישע מוזיק.

מעהר פון אלעס אבער האָט געמאכט אן עפעקט א גרויסער פאָנאָגראף וועלכער האָט געגומען אויסרעכענען עדיסאָנ׳ס גדלות, זיינע חשיבות, זיינע חכמות, זיינע מעלות און אלע זיינע ערפינדונגען וואָס ער האָט געשאפען.

ווען דער פאָנאָגראף האָט אָבגערעדט, האָט עדיסאָן זיך אויפגעהויבען און א זאָג געטהאָן צו די געסט:

— מיינע פריינד, איך דאנק אייך פון מיין טיפען הארצען פאר דער גרויסער עהרע וואָס איהר האָט מיר צוגעטיילט. איבערהויפּט האָט געמאכט אויף מיר א געוואלדיגען איינדרוק דער פאָנאָגראף וואָס האָט מיינע מעלות אויסגערעכענט, דאכט זיך, איך אליין האָב דעם פאָנאָגראף ערפונדען, איך אליין האָב דאָך אין איהם א נשמה ארייננעבלאָזען, דאָך אָבער, ווען איך האָב איהם געהערט רעדען, האָט זיך מיר געדאכט, עפּעס אזוי ווי מיין נשמה, מיין גייסט און מיין נפש וואָלט גערעדט צו מיר און דערצעהלט מיינע מעלות.

דער אויבערשטער האָט באַשאַפען א וועלט, וואָס די גרעסטע חכמים, די גרעסטע מעכאניקער קענען עס ניט פארשטעהן. מען דארף ניט מעהר, דער מעכאַניזם אין דעם מענשען, דער ליימענער קערפער, דער גוף ווערט באַלעבט, רעדט, טהוט, דענקט, קלעהרט און שאפט מיט דעם כח פון דעם נפש וואָס דער גרויסער ערפינדער האָט אין איהם ארייננעגעבען. אמת, א סך קערפּערליכע זאכען קען מען נאָכמאַכען, אָבער דעם נפש קען מען ניט נאָכמאַכען ווייל ער איז אן אָבשטראהל פון דעם אויבערשטענס גרויסע ליכט, א „חלק אלוה ממעל״, דעריבער קען מען איהם ניט נאָכמאכען.

זאָגט דוד המלך: ווען דער גוף לויבט דעם אויבערשטען, דאָס איז גאָר קיין וואונדער ניט, אבער ברכי נפשי את ד׳, ווען דער נפש, דער פאָנאָגראף אליין געהט דערצעהלען זיין גרויסקייט, אָט דאָס מאכט א געוואלדיגען איינדרוק.

# דברים בפה ודברים בלב

מיר זאָגען אין דאווגען: „לעולם יהא אדם", דו זאָלסט שטענדיג זיין א מענש, „ירא שמים בסתר ובגלוי", גאָטספאָרכטיג פאַרבאָרגענערהייט און אויך אין דער עפענטליכקייט, „ומודה על האמת", שטענדיג מודה זיין אויפ'ן אמת, „ודובר אמת בלבבו", און דו זאָלסט רעדען אמת מיט'ן האַרצען. פרעגט זיך די פראגע: וואָס הייסט ער זאָל רעדען אמת מיט'ן הארצען? און וואָס הערט זיך עפעס מיט די ליפען?... נאָך די ווערטער נאָך קומט אויס, אז א מענש דארף נאָר רעדען אמת מיט'ן הארצען, אָבער די ליפען קענען זאָגען וויפיעל ליגען זיי ווילען נאָר...

אלס ענטפער אויף דער פראגע קען מען דערצעהלען די מעשה מיט „רב אריה חסיד":

אין א געוויסער שטאָדט איז געווען א רייכער סוחר מיט'ן נאָמען ר' אריה. אויסער וואָס ער איז געווען זעהר א גרויסער למדן, איז ער נאָך דערצו געווען א געוואלטיגער ירא שמים, די לייטע וואָס האָבען מיט איהם געהאנדעלט, האָבען זיך גאָרניט געקענט אָפּלויבען פון זיינע מדות טובות, אז ער האָט ארויסגערעדט א וואָרט פון זיין מויל, איז דאָס געווען קודש קדשים.

דאַרף זיך טרעפען, אז ער איז אמאָל געקומען אין דייטשלאנד פארקויפען זיין סחורה, איז אריינגעקומען צו איהם אין אכסניא א גוי'אישקער סוחר און געוואָלט מאכען מיט איהם א מסחר. רב אריה האָט גראדע דאן געהאלטען אין זאָגען „קטורת" פאר מנחה, איז ער אומגעגאנגען הין און צוריק איבער'ן צימער און זיך געזאָגט זיין קטורת, דער גוי האָט איהם אָנגעבאָטען א פרייז פאר זיין סחורה, אָבער אזוי ווי רב אריה האָט ניט געוואָלט מפסיק זיין, האָט דער גוי געמיינט, אז דער פרייז געפעלט רב אריה'ן ניט, האָט ער איהם געגומען אליין העכערען און העכערען דעם פרייז, ביז ער האָט צו איהם א זאָג געטהאָן:

„העכער, פאני אריה, קען איך שוין מעהר ניט געהן! איהר דארפט ניט פארגעסען, אז איך דארף אויך עפעס וואָס מאכען".

## דר. י. ל. שניצער

ווען רב אריה האָט געענדיגט זיינע קטורת, האָט ער זיך צום גוי אָפּגע־רופען:

„דו דאַרפסט מיר מעהר ניט געבען, איך פארקויף דיר די סחורה פאר דעם ערשטען פּרייז וואָס דו האָסט מיר אָנגעבאָטען".

די לייט, וואָס זיינען געשטאַנען ארום זיינען נשתומם געוואָרען: וואָס הייסט ער גיט אוועק דעם גוי פאר דעם ערשטען פּרייז וואָס ער האָט איהם אָנגעבאָטען? אנדערש ניט ווי רב אריה איז משוגע געוואָרען! און ווען איינער האָט איהם א פרעג געטהאָן: „סטייטש רב אריה, וואָס טהוט זיך דאָ מיט אייך? ער האָט דאָך אייך שוין געהאט אריינגעבאָטען אזא הויכען פּרייז, טאָ ווי אזוי לאָזט איהר איהם ארונטער אויף דעם ערשטען מקח? דערמאָנט זיך נאָר וויפיעל געלד איהר האָט פארלאָרען".

האָט ר' אריה זיך אָפּגערופען:

„איך קען ניט העלפען, מיינע פריינד! ביי מיר אין הארצען האָב איך איהם פאר דעם ערשטען פּרייז שוין געהאט אוועקגעגעבען".

— וואָס הייסט, ביי אייך אין הארצען? — האָבען זיי איהם א פרעג געטהאָן.

— אָט, וועל איך אייך זאָגען — האָב רב אריה זיי געענטפערט. — מיר זאָגען אין דאווגען „ודובר אמת בלבבו", מען זאָל רעדען דעם אמת מיט'ן הארצען, מילא מיט די ליפען, קען מען רעדען דעם אמת, אבער ווי אזוי קען מען רעדען דעם אמת מיט'ן הארצען? האָט דער אויבערשטער מיר היינט צוגעשיקט דעם גוי, אז איך זאָל מקיים זיין די מצוה פון „ודובר אמת בלבבו", ווען ער האָט מיר א זאָג געטהאָן דעם ערשטען פּרייז, האָב איך איהם אין הארצען דאָס גלייך אוועקגעגעבען, נאָר איך האָב ניט געקענט מפסיק זיין, איז דעריבער זאָל איך פון דעם גוי מעהר געלד רייסען?... ניין, מיינע פריינד, איך דאנק דעם אויבערשטען פאר דעם פּראָפיט וואָס ער האָט מיר צוגעשיקט און אויך פאר די טייערע מצוה וואָס איך האָב מקיים געווען".

# אסימילאַציע און גאולה

פרעגט מיך א איד א קשיא:

א געוויסער רב האָט געזאָגט אין זיין שבת׳דיגער דרשה, אז דערמיט וואָס מיר פריינדלען זיך צופיעל מיט די גוים און מאכען חבר־לאַפּ מיט זיי, האַלטען מיר אויף מיט דעם די גאולה. פרעגט זיך די פראגע: וואָס האָט צו טהאָן אתה־הראית צו דער ארענדע? און אז מיר וועלען שוין פאַראַכטען די גוים וועט דען די גאולה פריהער קומען?

אלס ענטפער אויף זיין פראגע, האָב איך איהם דערצעהלט די מעשה מיט יענעם גביר:

ווען רב בערעל דער גביר איז אן אלמן געוואָרען, זיינען געקומען שדכנים און איהם פאָרגעלעגט גרויסאַרטיגע שידוכים, מיט געלד, מיט יחוס און מיט בריה׳שקייט, אָבער רב בערעל האָט דערפון ניט געוואָלט הערען, האָט א שדכן צו איהם א זאָג געטהאָן:

„איך קען אייך ניט פארשטעהן, רב בערעל! דאכט זיך, איך האָב אייך פאָרגעשלאָגען אזעלכע גוואלטיגע שידוכים און קיינער געפעלט אייך ניט, וואָס פאר א מין שדוך אייגענטליך ווילט איהר האָבען?"

„איך וועל אייך זאָגען, מיין פריינד — האָט דער גביר איהם געענטפערט — אויב איהר ווילט פארדינען שדכנות־געלד, זאָלט איהר אריבערגעהן צו „ביילקע קאָזאק" וואָס זיצט אויפ׳ן מארק מיט בייגעל און זאָגט איהר אז איך וויל זיך מיט איהר משדך זיין".

„וואָס רעדט איהר, רב בערעל? — האָט דער שדכן ערשטוינט אויסגע־רופען — אָט מיט דער שלעפּערקע, מיט דער מרשעת, וואָס האָט א מויל ווי אויף שרויפען און האַלט טאָג און נאכט אין איין שילטען — מיט איהר ווילט איהר זיך משדך זיין? איהר מאכט שפּאַס פון מיר, רב בערעל".

„ניין, מיין פריינד, איך מאַך פון אייך קיין שפּאַס ניט. איך מיין עס גאנץ ערנסט — האָט רב בערעל צו איהם געזאָגט — געהט אריבער צו ביילקען און אויב זי וועט וועלען דעם שידוך, וועלען מיר גלייך שטעלען א חופּה און איהר וועט פארדינען שעהנע שדכנות־געלד".

# דר. י. ל. שניצער

דער שדכן איז אוועק צוביילקען און איהר פאַרגעלעגט דעם שדוך, פארשטעהט זיך, אז ביילקע האָט זיך צופיעל ניט געלאָזען בעטען, זי איז מרוצה געוואָרען. מען האָט געשטעלט מיט מזל א חופה און ביילקע, די מאַרק־זיצערקע איז געוואָרען די גביר׳טע פון שטעדטעל.

אין א פאָר טעג ארום נאָך דער חתונה האָט ביילקע איהר מאן א פרעג געטהאָן:

„זאָג מיר נאָר, מיין ליבער מאַן! דו ביזט דאָך אַזאַ גביר און דערצו נאָך אזא גרויסער יחסן, מען האָט דאָך דיר געוויס גערעדט אנדערע שדוכים, מיט שעהנערע, פון מיר און נאָך מיט מעהר יחוס, ווי קומט עס אז דו האָסט פון אלע שדוכים מיך אויסגעקליבען?״

„איך וועל דיר זאָגען, מיין ווייב! — האָט רב בערעל איהר געענטפערט —מיר איז דאָ אויף דער וועלט זעהר גוט, נאָך צו גוט! און דו ווייסט דאָך, אז עס איז דאָ א גיהנם אויף יענער וועלט, האָב איך זעהר שטארק מורא פאר׳ן גיהנם, און אזוי ווי דו האָסט א נאָמען פאר א גרויסער מרשעת, וואָס האלט טאָג און נאַכט אין איין שילטען, וויל איך אָפּקומען מיט דיר דעם גיהנם אויף דער וועלט״.

„אזוי? — האָט ביילקע מיט כעס אויסגערופען — מיט מיר ווילסטו אָפּקומען דעם גיהנם אויף דער וועלט? ניין, מיין טייערער צדיק. דו וועסט שוין פון מיר קיין קללה מעהר ניט הערען און קיין שלעכט וואָרט געוויס ניט, מיט מיר וועסטו שוין קיין גיהנם אויף דער וועלט ניט אָפּקומען.

גלות — דאָס איז די רפואה וואָס דער אויבערשטער האָט געגעבען זיין פאָלק זיי אויסצולייטערען. וואָס מעהר גלות מיר ליידען פון אונזערע שכנים, אלץ גיכער און גיכער וועט צו אונז קומען די גאולה, אבער ווען מיר מאכען חבר־לאַפּ מיט אונזערע שכנים, האלטען מיר אויף מיט דעם די גאולה.

# דער באַגער נאָך א קעלבערנעם גאָט

ווען משה איז געקומען צו די אידען און געזאָגט, אז דער אויבערשטער געהט זיי געבען א תורה, האָבען זיי א געשריי געטהאָן „נעשה ונשמע״ נאָך איידער זיי האָבען געוואוסט וואָס אין דער תורה שטעהט. אין א קור־צער צייט ארום אָבער זיינען זיי געגאנגען און געמאכט א קאַלב פאר א גאָט. פרעגט זיך די פראגע: ווי קומט עס אז זיי זאָלען אזוי גיך פארגעסען דעם „נעשה ונשמע״ און אויסבייטען דעם רבונו של עולם אויף א קאַלב?

אלס ענטפער אויף דער פראגע קען מען דערצעהלען די מעשה מיט יענעם רב:

ווען דער אלטער רב האָט געהאלטען ביים שטארבען, האָט ער געשיקט רופען צו זיך רב נאָטעל קליין דעם גרעסטען גביר און פיהרער פון שטאָדט, און איהם געבעטען ער זאָל זעהן אז זיין זוהן, וועלכער האָט סמיכות אויף רבנות, זאָל פארטרעטען זיין שטעלע נאָך זיין טויט. רב נאָטעל האָט דעם אלטען רב צוגעזאָגט אז ער וועט טהאָן זיין פאַרלאַנג און טאקע גלייך נאָך דער קבורה האָט ער פאררופען אן אסיפה אין שוהל און האָט געגעבען דעם רב׳ס זוהן א כתב אויף רבנות.

האָט זיך צופלאַקערט א גרויסע מחלוקה אין שטאָדט. עס האָבען זיך געגרינדעט צוויי פארטייען און מען האָט זיך גענומען ארומ׳הרג׳ענען. דער פראָסטער עולם האָט געהאלטען מיט רב נאָטלען, אבער די לומדים און די בעלי בתים האָבען געארבייט מעשים: סטייטש, וואָס פאר א רב האָט מען זיי דאָ ארייגערוקט? ווייל אויסער וואָס דער נייער רב איז געווען א קליינער למדן און א שוואכער זאָגער, איז ער נאָך געווען דערצו זעהר א גרויסער שוטה, ער האָט פון קיין „מילי־דעלמא״, פון קיין וועלטליכע זאַכען, ניט געוואוסט. עס איז פשוט ניט געווען מיט וועמען זיך צוזאמענצורעדען.

האָבען די לומדים און די בעלי בתים געשיקט א קאָמיטעט צו רב נאָטלען און צו איהם געזאָגט:

„מילא דער פראָסטער המון ווייסט ניט וואָס א רב איז און וועלכע קענטעניסע א רב דאַרף באַזיצען. דערלאנגט זיי נאָר א ברייטען קאפעליוש מיט א לאַנגער קאַפּאָטע און זיי וועלען איהם קרוינען מיט דעם טיטול רב.

אָבער איהר, רב נאָטעל, איהר, אַזאַ למדן, אזא קענער, אזא וועלט־מענש און אַזאַ חכם! ווי קומט איהר אונז צו דערלאַנגען אזא מין שוטה, אזא מין קאַלב פאר א רב?"

„איך וועל אייך זאָגען", האָט רב נאָטעל געענטפערט. „ווען די אידען זיינען געווען אין דער מדבר האָבען זיי געמאכט אן עגל, א קאַלב, פאר א גאָט. פרעגט זיך די פראגע: מיט 40 טעג צוריק האָבען זיי מקבל געווען די תורה און געשריען „נעשה ונשמע", פּלוצים ווערען זיי משוגע, נעהמען א קאַלב, מאכען עס פאר א גאָט און געהען א טענצעל ארום דעם? נאָר דער תירוץ איז: ווען משה האָט צו זיי געזאָגט, אז דער אויבערשטער געהט זיי געבען א תורה, האָבען זיי ניט געוואוסט אז דער אויבערשטער שטראָפט זעהר שטארק פאר יעדער עבירה, דעריבער האָבען זיי געשריען „נעשה ונשמע", אָבער ווען זיי האָבען דערהערט וואָס פאר חומרות און וועלכע שטרענגע געזעצען אין דער תורה געפינען זיך, האָבען זיי א טראַכט געטהאָן: ניין, מיט אַזאַ גאָט איז קיין פּלאַן ניט! לאָמיר בעסער מאכען א קאַלב פאר א גאָט, פאַר א קאַלב איז ניטאָ וואָס מורא צו האָבען, מיר וועלען קענען טהאָן וואָס דאָס הארץ גלוסט און דאָס קאַלב וועט אונז קיין דעות ניט זאָגען. די פריהערדיגע רבנים האָבען אונז אָנגעטהאָן גרויסע צרות, זיי האָבען זיך ארייגעמישט אין יעדער זאַך און אונז געזאָגט א דעה אויף יעדער טריט און שריט. איצט אָבער, אז מיר האָבען א קאַלב פאר א רב, זיינען מיר די בעלי בתים, מיר קענען טהאָן וואָס מיר ווילען און די קאַלב וועט אונז קיין דעה ניט זאָגען."

# כבוד און גאוה

פרעגט מיך א איד א קשיא:

די גמרא זאָגט: „רבי מכבד עשירים", רבי פלעגט אָפּגעבען כבוד צו רייכע לייט. פרעגט זיך די פראגע: ווארום האלט דער עולם פאר אן עולה אז א רייכער מאַן זוכט אביסעל כבוד? אָט איז ער צום ביישפּיעל א

## מענש און תורה

פאַרמעגליכער מענש, זוכט ער געוועהנליך אביסעל כבוד, איז אָבער זיין חברה אויף איהם אש להבה, פארוואָס ער זוכט כבוד. סטייטש רבי אליין האָט דאָך אויך אָפּגעגעבען כבוד רייכע לייט?

אלס ענטפער אויף זיין קשיא האָב איך איהם דערצעהלט די מעשה מיט יענע סוחרים:

עטליכע סוחרים זיינען געפאָהרען אין לייפּציג איינקויפען סחורה, יעדערער פון זיי האָט גענומען סחורה אויף באָרג, איינער מעהר, דער צווייטער וועניגער, איינער האָט אָנגעפילט א וואָגען מיט קאסטענס, דער צווייטער בלויז איניגע פּעקלאך, אבער אלע האָבען זיך געפיהלט ווי גלייכע מענשען, מען האָט זיך אָפּגעשטעלט אין קרעטשמע, געגעסען צוזאמען, געטרונקען צוזאַמען און זיך פאַרהאַלטען ברידערליך איינער מיט דעם אנדערען.

איין סוחר אָבער איז געווען, וועלכער איז געפאָרען מיט א סך אָנגעלאָדענע קאָסטענס און איז אומגעגאנגען בלאָזענדיג זיך מיט גאוה, איהם איז ניט אָנגעשטאנען צו פאַרברענגען מיט די איבעריגע סוחרים, ער האָט זיך געהאלטען פון דערווייטענס און האָט מיט זיי קיין שום מגע־ומשא ניט געהאט, דאָס האָט די איבעריגע סוחרים זעהר שטארק פארדראָסען, האָט זיך איין סוחר צו איהם אָפּגערופען:

— וואָס האלסטו זיך אזוי גרויס, פארשוין מיינער? דו מיינסט אז דו האָסט אָנגענומען מעהר סחורה אויף קרעדיט, ביזטו שוין מעהר יחסן פון אונז? ניין, דו נאַרישער בעל־גאוה׳ניק! די גרויסע קאסטענס וואָס דו האָסט אָנגעפּאקט, ווייזט אז דו ביזט א גרעסערער בעל חוב געוואָרען פון אונז, און דיין בלאָזען זיך ווייזט, אז דו דענקסט אָנצוזעצען דיינע בעלי חובות און זיי גאָרניט באצאָהלען פאר די סחורה וואָס דו האָסט גענומען.

דער נגיד דאַרף ביי זיך צו שטאָלץ ניט זיין, ווייל דעם פאַרמעגען וואָס ער באַזיצט איז ניט זיינער, דער אויבערשטער האָט איהם דאָס געגעבען אויף קרעדיט אָפּצוצאָלען ביסלעכווייז צו זיינע אָרימע לייט.

אמת טאקע, רבי מכבד עשירים, אָבער וועלכע עשירים פלעגט ער כבוד אָפּגעבען? אזעלכע וועלכע האָבען געהיט זייער קרעדיט און אָפּגעצאָהלט ביסלעכווייז די אָרימעלייט.

אָבער די יעניגע וועלכע האָבען אָנגענומען א סך סחורה און בלאָזען

זיך — זוכען גאוה דערפאר וואָס זיי האָבען גרויסע קאסטענס מיט סחורה אָנגעלאָדען...

נייז, אזעלכע ברואים׳לאך קומט קיין כבוד ניט, זיי זוכען זיך אויסצו־דרעהען פון באצאָהלען זייער חוב... און פיהרען א באנקראָטירטען לעבען!...

---

# מליצה און סימבאָלען

אונזערע חכמים זאָגען אויף דעם פסוק: „והארץ היתה תוהו ובוהו וחשך״, אז דאָס איז מרמז אויף די צייטען וואָס אידען וועלען געהן אין גלות, „תוהו״ ווייזט אויף מלכות בבל, „בוהו״ אויף מלכות אחשורוש, און „חשך״ אויף מלכות יון, וואָס זיי האָבען פאַרפינסטערט אידישע אויגען מיט זייערע גזירות, מען האָט זיי געהייסען אָנשרייבען אויף דעם האָרן פון אן אָקס, אז זיי ענטזאַ־גען זיך פון דעם אידישען גאָט. פרעגט זיך די פראגע: שוין האָבען אונזערע חכמים קיין אנדער מליצה ניט געקענט געפינען, ווי „אָנשרייבען אויף דעם האָרן פון אן אָקס?״ עס איז דאָך פשוט לעכערליך אזעלכע ווערטער אוועק־צושטעלען!

אלס ענטפער אויף דער פראגע קען מען דערצעהלען די מעשה מיט יענעם דינער:

א אידישער אַרענדאַר האָט געדאַרפט נויטיג האָבען דעם פריץ. ער קומט אין הויף, זעהט ער אז דער פריץ איז פאַרנומען, ער האָט זעהר וויכטיגע געסט ביי זיך אין הויז, בעט ער דעם דינער אז ער זאָל איהם מעלדען ביים פריץ, ווייל ער האָט זעהר וויכטיגעס מיט איהם צו רעדען.

דער דינער איז אריין אין זאַל און זיך פאַרזאַמט דאָרטען אייניגע מינו־טען צייט, נאָכדעם איז ער ארויסגעקומען צוריק מיט א געפעהרליכען געלעכטער און געזאָגט צום ארענדאַר:

— איך וואָלט גאָר קיינמאָל ניט געגלויבט, אז אזעלכע געבילדעטע מענ־שען זאָלען זיך אינטערעסירען מיט אזעלכע קינדערשע מעשה׳לאך. דער דאָקטאָר האלט א צייטונג אין האַנד און לייענט פאר אלעמען פאָר, אז דער

# מענש און תורה

אָדלער האָט נאָכגעיאָגט א לבנה און זי פארטריבען זעהר ווייט, פלוצלונג אָבער האָט די לבנה זיך אומגעקעהרט און אויסגעפליקט פון דעם אָדלער אייניגע הונדערט פעדערען. זיצען די פּריצים און באדויערען זעהר שטארק דעם אונגליק פון דעם אָדלער. נו, פרעג איך דיר, דארף מען זיך ניט האַלטען פאר די זייטען פון געלעכטער ?...

— הער אויף צו לאַכען, דו פּויערשע קאָפּ! — האָט דער ארענדאַר אויף איהם א געשריי געטהאָן — דאָס איז ניט קיין קינדערשע מעשה׳לאך, נאָר א וויכטיגע שטיק נייעס. דו ווייסט דאָך, אז אונזער קייזער האלט איצט מלחמה מיט טערקיי, ביז איצט האָט דער הערב פון אונזער קייזער, דער אָדלער, פאַרטריבען די טערקען, וואָס זייער הערב איז א האלבע לבנה גאנץ ווייט, איצט אָבער האָט זיך דאָס רעדעל איבערגעדרעהט, די לבנה האָט זיך א קעהר געטהאָן צוריק און האָט אויסגעפּליקט פון אָדלער אייניגע הונדערט פעדערען, דאָס הייסט עס זיינען געפאַלען פון אונזער חיל אייניגע הונדערט מאן, נאָר דער רעדאקטאר פון דער צייטונג האָט ניט געוואָלט שרייבען אזוי דייטליך, אום דער איינפאכער נאַראָד זאָל ניט פאַלען ביי זיך, האָט ער דאָס געשריבען אין א פאַרשטעלטע שפראַך.

אין אלע גלות לענדער, וואו מיר אידען האָבען זיך געפונען, האָבען קיין שלעכטע מענשען ניט געפעהלט, מען פלעגט אָפּטראָגען רכילות וואוהין מען דאַרף ניט און מיר האָבען זעהר פיעל געליטען דערפון, האָבען אונזערע חכמים ארויסגעגעבען אויף א פאַרשטעלטע שפראך דאָס אינהאלט פון די אידישע צרות, „שור״ מיינט פרנסה און „קרן השור״ מיינט וויכטיגע געשעפטען. די צרות זיינען אזוי גרויס, אז מען וויל מאכען א שטיקעל געשעפט, מוז מען אונטערשרייבען אז מען ענטזאגט זיך פון דעם אידישען דת.

דר. י. ל. שניצער

# די באַדינגונגען פון מתן תורה

אונזערע חכמים זאָגען: ווען דער אויבערשטער איז געקומען מיט דער תורה צו די אידען, האָט ער צו זיי געזאָגט: „אם מקבלים אתם את התורה מוטב, ואם לאו שם תהא קבורתכם", אויב איהר וועט אָננעהמען די תורה איז גוט, און אויב ניט, וועט דאָ זיין אייער קבורה. פרעגט זיך די פראגע: וויבאַלד אַז דאָ איז געווען א גענויטע מאכערייקע, טאָ וואָס מאכט מען דאָ אַזאַ געוואַלד, אז איינער היט ניט אָפּ די תורה? ניט נויט און ניט טויט?...

אלס ענטפער אויף דער פראַגע קען מען דערצעהלען די מעשה מיט יענעם „ארכיטעקט":

א גרויסער באַריהמטער אַרכיטעקט האָט אויסגעבויעט א פּראַכטפּאַלען פּאַלאַסט, מיט אלערליי באקוועמליכקייטען אין דער וועלט. גרינע געוועקסטע דילען, זיבען־ערליי סופיטען, עלעקטרישע באַלייכטונג, פּראכטפולע גערטנער מיט טייערע פלאַנצונגען, פאַרשידענע פאָנטאַנען מיט ערהאַבענע וואַסער־לייטונגען. קורץ, עס איז געווען א היכל מלכים.

ווען דער פּאַלאַסט איז פארטיג געוואָרען, האָט דער ארכיטעקט פּובלי־צירט אין די צייטונגען, אז יעדער גביר וואָס וויל האָבען א שעהנע וואוינונג, זאָל זיך ווענדען צו איהם. פארשטעהט זיך דאָך, אז עס זיינען אראָפּגע־פאָהרען א סך גבירים אנקוקען דעם פּאלאסט און יעדער איינער איז פשוט ענטציקט געווארען פון די איינריכטונגען וואָס ער האָט דאָרט געפונען.

ווען אָבער עס איז געקומען צו רעדען תכלית מיט דעם ארכיטעקט, האָט ער אַנדערש ניט געוואָלט פאַרדינגען דעם פּאַלאַסט סיידען די שכנים זאָלען זיך אָפּשרייבען מיט איהם, אז זיי וועלען איהם צאָהלען פּינקטליך זייערע דירה־געלט. די שכנים האָבען געטהאָן זיין פארלאנג, געמאכט מיט איהם א קאָנטראקט מיט 7 פּונקטען און זיי האָבען זיך פארפליכטעט די אלע 7 פּונקטען ריכטיג אפּצוהיטען.

מיט יאָהרען שפּעטער, איז אונטערגעקומען אן אינגערער דור, וועלכע האָבען זיך אויסגעלאכט פון זייערע עלטערנס קאָנטראקט מיט די 7 פּונקטען און האָבען אויפגעהערט אינגאנצען צו צאָהלען דירה־געלט. מאנכע ווידער

האָבען זאָגאר גענומען לייקענען, אז דער ארכיטעקט איז דער בעל הבית פון פאלאסט. דערצו האָבען זיך נאָך די יונגע שכנים גענומען ארום׳הרג׳נען און ארומקריגען זיך, און עס איז געוואָרען א מין הפקר וועלט.

איז דער ארכיטעקט זעהר שטאַרק אין כעס געוואָרען. לא די וואָס ער האָט קיין איינקונפט פון זיין פאלאסט ניט, איז נאָך די הארמאָניע דאָרטען אויך פאַרשוואונדען. האָט ער ארייגעשיקט זיינע שכנים א התראה, אז אין דעם און דעם טאָג, מוזען אלע שכנים זיך צונויפקלייבען ביי דעם און דעם בארג וואָס רופט זיך „סיני״ און מאכען מיט איהם א נייעם פאָרמאלנעם קאָנטראקט, אז דעם פאלאסט האָט ער זיי געגעבען בלויז אויף ארענדע. זיי מוזען ווידער איהם אנערקענען אלס דער איין־איינציגער בעל הבית און אונטערשרייבען 10 נייע פונקטען, און צאָהלען איהם רעגעלמעסיג די דירה־געלט. אלזא איינס פון די ביידע, וועט איהר מקבל זיין אויף זיך דעם נייעם קאָנטראקט מיט די 10 פונקטען איז רעכט, און אויב ניט, געה איך איינוואַרפען דעם פאלאסט און איהר וועט דאָרטען אייער קבורה געפינען !...



# שוחד און פסק־געלד

די תורה האָט אונז אָנגעזאָגט אין פרשה משפטים, „ושוחד לא תקח״, אז א דיין טאָר קיין געלד ניט נעמען. פרעגט זיך די קשיא: ווי מיר ווייסען, איז אריינגערעכענט אין די רבנ׳ישע הכנסות, פסק־געלדער פאר דין־תורה׳ס און נאָך אזעלכע געלדער, וועלכע מען רופט „הכנסה־געלד״, וויבאלד אָבער אז א רב טאָר קיין געלד ניט נעמען, טאָ ווי קומט עס וואָס מען רעכענט אריין פסק־געלד אין זיין הכנסה ?...

אלס ענטפער אויף דער פראגע קען מען דערצעהלען די מעשה מיט „רב העשעלע׳ן :

ווען רב העשעלע איז געווען רב אין קראקא, האָבען צוויי גבירים געדארפט האָבען פאר איהם א דין־תורה. דער סכסוך איז געגאנגען אין

שווערע טויזענדער. איז איין גביר געקומען מיט א טאָג פריהער צו רב העשעלען און צו איהם געזאָגט:

„רבי, אזוי ווי איך האָב אָפּגעמאכט מיט יענעם און יענעם צו קומען צו אייך מאָרגען אויף א דין־תורה, פארלאנג איך פון אייך, אז איהר זאָלט זעהן, אז איך זאָל ניט באַ'עוולט ווערען". דערביי האָט ער ארויסגענומען הונדערט רובעל פון קעשענע, אוועקגעלייגט עס אויף דעם טיש און איז אוועקגעגאַנגען.

רב העשעל האָט אריינגערופען זיין ווייב און איהר געהייסען, אז זי זאָל צוגרייטען אויף ביינאכט א גרויסארטיגע סעודה, און זי זאָל איינלאדען אלע זייערע זיהן, איידימס און אויך די און די בעלי־בתים פון שטאָדט.

ביי דער סעודה ווען דער גאנצער עולם איז געזעסען ארום טיש און מען האָט געגעסען און געטרונקען, האָט רב העשעלע ארויסגענומען פון קעשענע די הונדערט רובעל און זיי גענומען צעהלען, איין מאָל, צוויי מאָל און א דריטען מאָל. דער עולם איז געזעסען און זיך גע'חידוש'ט:

„וואָס איז דאָס פאַר געלד וואָס דער טאַטע, דער שווער און דער רבי צעהלט"... רב העשעלע אָבער האָט געהאלטען אין איין צעהלען דאָס געלד, געלעגט זיי פון איין האנד אין דער צווייטער און זיך געשמאקעוועט, ענדליך אָבער האָט ער זיך געווענדעט צום עולם און געזאָגט:

„איהר ווייסט קינדער, וואָס פאר געלד דאָס איז?... דאָס איז „שוחד־געלד"! קוקט זיך גוט איין ווי דאָס זעהט אויס!... אמת'ע, ריכטיגע שוחד געלד, אָבער מען טאָר עס ניט נעהמען!... איהר הערט... מען טאָר ניט! מען טאָר ניט! און מען טאָר ניט!... „ולא תקח שוחד" האָט די תורה אונז אָנגעזאָגט. א דיין טאָר קיין געלד ניט נעהמען!... דעריבער האָב איך אייך צוזאמענגערופען, איהר זאָלט זעהן מיט אייערע אויגען ווי שוחד געלד קוקט אויס און איהר זאָלט אנטלויפען דערפון ווי פון פייער!..."

ער האָט געשיקט רופען דעם גביר, א שליידער געטהאָן איהם צוריק די הונדערט רובעל און א זאָג געטהאָן:

„איהר זעהט, קינדער! אָט דאָס איז דער איד, וואָס האָט געוואָלט פאַרבלענדען מיינע אויגען מיט „שוחד געלד!" ער האָט ווארשיינליך פאַרגעסען, אַז אַן עהרליכער דיין, אַן עהרליכער שופט, נעמט בלויז אביסעלע קליין־געלד, וואָס דאָס רופט זיך „פסק געלד" נאָך דער דין־תורה... איהר

## מענש און תורה

הערט, קינדער? נאָך דער דין־תורה! אָבער ניט פריהער און נאָך א הונ־דערטער דערצו!...

אנטלויפט קינדער פון אזעלכע אידען, וועלכע דענקען אז מיט זייערע עשירות קענען זיי עהרליכע רבנים די אויגען פארבלענדען!

---

# גליק און פרייד

פרעגט מיך א איד: איך זאָל איהם ערקלעהרען, וואָס איז גליק? וואו געפינט מען עס? און וואָס זאָל א מענש טהאָן אום צו זיין גליקליך?

מיין פריינד — האָב איך זיך צו איהם אָפּגערופען — דאָס איז שוין אן אַלטע, אלטע פראגע, אויף וועלכע די פילאָזאָפען פון אלע אלטע צייטען האָבען שוין געקנייטשט די שטערענס און אָנגעשריבען שווערע, דיקע ביכער וועגען דעם און קיין זיכערען ענטפער האָבן זיי נאָך אלץ ניט געגעבען, דאָס איז א סימן אז די מענשען זיינען נאָך ביז היינטיגען טאָג ניט גליקליך.

נאָר אויב מען קען געפינען אן ענטפער אויף דער פראגע פון גליק, האָט עס אונז דער „קאָנק" געגעבען.

„קאָנק" איז א מין פיש וואָס לעבט באגראָבען אין זיין הארטען שאָלעכץ ווי אין א פעסטונג, נאָר ווייל מען געפינט איהם מעהרסטענס ארום געוויסע קליינע אינזלען אין דער זיד, האָט מען די מענשען פון יענע אינזלען א נאָמען געגעבען „קאָנקס".

רבה בר בר חנא דערצעהלט אונז א מעשה: אז ער איז אמאָל געפאָהרען אויף א שיף און מיר האָבען דערזעהן א פיש אויף וועלכען עס איז געווען אָנגעטראָגען א סך זאָמד און גראָז איז אויף דעם געוואַקסען. מיר האָבען אין אָנפאנג געמיינט אז דאָס איז א שטיק אינזעל, נאָר ווען מיר האָבען אָנגע־צונדען א פייער צו קאָכען אונזער מאָהלצייט, האָט זיך דער פיש איבער־געקערט, און ווען ניט די שיף וואָס איז געשטאנען דערביי, וואָלטען מיר זיכער אלע דערטרונקען געוואָרען.

אָט אזוי קוקען אויס מאנכע אינזלען אין דער סאוטה, ווי רבה בר בר חנא האָט באשריבען, זייער אויבערפלאך איז אזוי געפארמט, אז מען קען

# דר. י. ל. שניצער

מיינען אז דאָס איז א פיש, און אויף די אומזיכערע שטיקלאַך לאנד פון שטיין און קאָראַלען, לעבען מענשען מיט זייערע קאמפען, מיט זייערע האָפ־נונגען און מיט זייער קוק אויפ׳ן לעבען, דאָס זיינען די „קאַנקס״, וועלכע ווערען געוועהנליך פון אַלעמען באדויערט, אָבער זיי זיינען גליקליכע מענ־שען דער קאַנק איז גליקליך, ווייל ער איז פריי; און פריי איז ער, ווייל ער דאַרף זעהר ווייניג, ער איז צו קיינעם ניט צוגעבונדען און איז צו קיינעם ניט פאַרפליכטעט.

פיש איז זיין רייכטום, זיין עשירות, זיין וואונש, זיין קאמף, זיין חלום און זיין גליק. אין קיין הויז נויטיגט ער זיך ניט, ווייל אין דעם האלב־טראָפּישען קלימאט פון דער סאוטה, איז גענוג פאר איהם א ביידעל צו באַשיצען זיך פון רעגען. קיין קליידער ווידער דארף ער אויך ניט, ער טראָגט דעם בגד פון א בודיסט, אָדער א פייגענבלאט ארום זיינע לענדען.

אזוי לעבט דער מאן, די ווייב און די קינדער. דער ים איז זייער ערנעהרער. דער ים גיט זיי שפּייז מעהר וויפיעל זיי קענען פארברויכען, דעריבער קען מען א קאַנק ניט מאכען צו ארבייטען, ווייל די ארבייט קען איהם ניט געבען מעהר וויפיעל ער באדארף: און וויפיעל ער באדארף גיט איהם דער ים אָהן מיה און אָהן קרעפטען אוועקצולעגען.

ווען ער דארף אמאָל האָבען א פּאָר סענט צו קויפען טאַבאַק, אָדער קוילען פאר זיין ביקס, וועט ער פארקויפען אביסעל פיש וואָס איז איהם איבערגעבליבען פון זיין פיש־פאַנג, אדער ער וועט זיך פאַרדינגען פאַר א „גאיד״ (א וועיגווייזער) אויף א פישינג־ספּאָרט, און ער וועט ארויפקומען אויפ׳ן שיפעל אזוי שטאָלץ און מיט אזא פארנעהם, אזוי ווי ער וואָלט געווען דער גאנצער באַלעבאָס און ניט די יעניגע וועלכע האָבען איהם געדונגען. אין יעדער באוועגונג זיינער ווייזט ער ארויס אז ניט ער הענגט אָפּ פון דער געזעלשאפט נאָר די געזעלשאפט הענגט אָפּ פון איהם.

דער קאַנק קען אויך נעמען אמאָל זיינע גאנצע ווידזשעס וואָס מען האָט איהם געגעבען און עס אריינוואַרפען אין ים. ער איז שטאָלץ ווי א קעניג, ניט ווייל ער איז רייך, נאָר ווייל ער איז א „שמח בחלקו״, ער איז צופרידען מיט זיין גורל, כאָטש ער איז א נאקעטער אָרעמאַן. ער וועט פאר קיינע אוצרות אין דער וועלט ניט אויסבייטען זיין ארעם קאלכיג אינזעל, דאָ איז זיין קעניגרייך, זיין היים און זיין וועלט.

## מענש און תורה

איהר פארשטעהט מיין פריינד ?... אויף דער פראגע: וואו געפינט זיך דאָס ביסעלע גליק ? האָט דער קאַנק פאַרענטפערט אויף זיין אייגענארטיגען אופן. מיר ציוויליזירטע מענשען באדויערען זיי... אָבער דער קאַנק לאַכט זיך אויס פון דער ציוויליזי־רטער וועלט, ער איז גליקליך אויף די נאקעטע קאָראלען אינזלען.



# די רפואה פאר אלע קראַנקהייטען

דער מדרש זאָגט אונז, „ויתר הקב״ה על עון עבודה־זרה, ועל שפיכות דמים, ולא ויתר על עון ביטול תורה״, דער אויבערשטער האָט געשאָנקען די אידען די זינד פון עבודה־זרה און שפיכות דמים, אבער די זינד פון בטול תורה האָט ער זיי ניט געשאָנקען, דערפאר האָט ער דעם בית המקדש חרוב געמאכט און זיי פון לאנד פארטריבען. פרעגט זיך די פראגע: לערנען תורה איז בלויז א מצות־עשה, אָבער עבודה־זרה און שפיכות דמים איז „חייבי מיתות בית דין״, טאָ ווי קומט עס אז דער אויבערשטער האָט זיי אזעלכע שווערע זינד יאָ געשאָנקען, און פאר די קליינע עבירה׳לע פון ביטול תורה האָט ער אויפ׳ן צימבעל גענומען ?

אלס ענטפער אויף דער פראגע קען מען דערצהעלען די מעשה מיט יענעם חולה:

א רייכער מאן האָט געהאט א זוהן וועלכער איז געווען א מושלם בכל המעלות נאָר ער איז זעהר לייכטזיניג געווען און די לייכטזיניגקייט האָט איהם קראנק געמאכט האָט דער פאָטער איהם איבערגעגעבען צו א גרויסען פראָפעסאָר אין האנד. דער פראָפעסאָר האָט איהם ארייגענומען צו זיך אין קליניק, פארשריבען איהם א מעדיצין, געשטעלט איהם אונטער א דייעט און איהם שטרענג אָנגעזאָגט, אז ער זאָל קיין קאלטע וואסער ניט טרינקען, נאָר אויב עס וועט איהם זעהר שטארק דורשטען, זאָל ער נעהמען דעם פראָשעק וואָס ער גיט איהם, דער פראָשעק וועט שטילען זיין דורשט.

דער פאַציענט אָבער האָט קיין גרויס אכטונג ניט געלעגט אויף דעם פראָ־

שעק, ער האָט זיך אזוי לאנג געשפּילט מיט איהם, ביז וואנען ער האָט איהם אויסגעשאָטען, און ווען עס איז געקומען ביינאכט און עס האָט איהם אָנגעפאַנגען שרעקליך צו דורשטען, איז ער אראָפּ פון בעט און זיך אָנגעטרונקען מיט קאלטע וואַסער.

ווען דער פּראָפעסאָר איז געקומען אויף מאָרגען איהם באזוכען, איז ער נשתומם געוואָרען פון דעם חולה׳ס אויסקוק, ער איז אין גאנצען פארענדערט געווארען; און ווען דער פּראָפעסאָר האָט איהם גענומען פרעגען, וואָס דאָ איז געוועזן ?... צי האָט ער קאַלטע וואסער געטרונקען ?... האָט דער חולה אין אָנפאנג גענומען לייקענען, נאכהער אָבער האָט ער זיך מודה געוועזן, אז דער פּראָשעק האָט זיך אויסגעשאָטען און ער האָט זיך אָנגעטרונקען מיט קאלטע וואסער.

דער פּראָפעסאָר איז אין כעס געוואָרען און א געשריי געטהאָן:

„דו אומפארשעהמטער קערל! דו קענסט זיך דאָ מעהר אין מיין קליניק ניט געפינען! א פּאַציענט וועלכער היט ניט אָפּ מיינע באפעהלען, קען דאָ מעהר ניט זיין״.

„אָבער דאָקטאר? — האָט דער פּאַציענט צו איהם א זאָג געטהאָן — איבער אַזאַ קליינעם פּראָשעקעל טרייבט איהר מיר פון אייער קליניק ארויס? אָן אנדערער קען מיינען, אז איך האָב דאָ דעם גרעסטען פארברעכען באַגאנגען?״

„שוטה! — האָט דער פּראָפעסאר איהם געענטפערט — אָט אין דעם קליינעם פּראָשעק איז געלעגען דיין גאַנצע רעטונג, און אז דו האָסט דעם פּראָשעק ניט אָפּגעהיט דאן מוזטו מיין קליניק פארלאָזען״.

דער אויבערשטער האָט די אידען געגעבען א פּראָשעק, דאָס איז די תורה, צו לעשען זייער דורשט צו אלערליי מיאוס׳ע תאוות... און אזוי ווי מיר האָבען דעם פּראָשעק פאראכטעט און איהם אוועקגעוואָרפען, איז דער פּראָפעסאָר אין כעס געוואָרען און אונז פון זיין קליניק ארויסגעטריבען.

# השארת הנפש

דערצעהלט מיר א איד:

ער איז שוין איבער זעכציג יאָהר אַלט און פיהרט א אידישען שטאָט, קיין פּרנסה פעהלט איהם ניט, ער האָט, גאָט צו דאַנקען אן איינגעפונדעוועט געשעפט, וואָס ברייגגט איהם אריין א שעהנע יעהרליכע איינקונפט. ער האָט אויך זעהר גוטע און געבילדעטע קינדער, זיהן, טעכטער, און איידעמס, וועלכע באַהאַנדלען איהם מיט'ן גרעסטען רעספעקט.

אָבער זינט זיין ווייב איז געשטאָרבען און ער האָט געזעהן ווי מען האָט איהר קערפּער אין דער ערד אריינגעלעגט, האָבען זיך אָנגעפאנגען צו באָמבלען ביי איהם אין קאָפּ אזעלכע געדאַנקען, וועלכע גיבען איהם קיין רוה ניט. ער געהט ארום א צוטראָגענער און פרעגט זיך די פראגע: איז פאַראַן א נשמה, וואָס איז די נשמה? אין וועלכען טייל פון קערפּער לעבט זי? פון וואָס פאר א מין גייסטיגען שטאָף איז זי באַשאַפען? איז זי טאַקע א „חלק אלוה ממעל”, א טייל פון דער געטליכקייט? און איז די אידעע פון „השארת הנפש” פון אונשטערבליכקייט פון דער נשמה ריכטיג?

אויסהערענדיג זיין פּעקעל פראַגעס, האָב איך זיך צו איהם אָפּגערופען:

מיין פריינד, עס זיינען פאראן א סך זאַכען צווישען הימעל און ערד, וואָס מיר פאַרשטעהן ניט. צוםביישפּיל: פאַרוואָס פאַלט אן עפּעל פון בוים? מען האָט אונז ערקלעהרט מיט דעם געזעץ פון גראַוויטאַציע, אָבער וואָס איז גראַוויטאַציע? פון וואַנען נעהמט זיך איהר באַהאַלטענער כח?

אָדער מיר ווייסען ניט וואו עס ליגט די קראַפט פון עלעקטריק, כאָטש מיר שפּאַנען זי איין פאר אלע מענשליכע באַדערפעגישען, און מענשען דאַרפען זיך ניט שעהמען מודה צו זיין, אז עס זיינען פאַראַן נאָך א סך ערשיינונגען, וואָס זיי ווייסען ניט און קענען ניט ערקלעהרען.

דעריבער ווייסען מיר אויך ניט, וואָס אזוינס איז די מענשליכע נשמה, אויב זי איז בלויז א ספּרוזשינע אין מעכאַניזם פון קערפּער, וואָס פאַרבינדעט צוזאַמען די גלידער ווי די שטאָפען אין דער לאַבאַראַטאָריע פון א כעמי־קער, דאן איז די ספּרוזשינע א טייל פון דעם קערפּער.

# דר. י. ל. שניצער

אויב אבער די נשמה איז א טייל פון דער געטליכקייט און האָט א באזונדערע געהיימע קראַפט אין מענשען, וואָס מען קען ניט געפינען אין קיין אַנדער באַשעפעניש, דאַן איז די נשמה אַזאַ זאַך וואָס מיר קענען פילייכט באַגרייפען, אָבער ניט ערקלעהרען.

אין דער עקזיסטענץ פון א נשמה, דארף מען גלויבען, אבער מען קען עס ניט באווייזען. און גלויבען אין דעם וואָס מיר ווייסען ניט, איז פיעל שעהנער און גיט מעהר נאַהרונג דער מענשליכער פאַרשטעלונגס־קראַפט, ווי דאָס וואָס מיר ווייסען יאָ. „וצדיק באמונתו יחיה", דער גלויביגער איז גליקליך אין זיין גלויבען.

די פילאָזאָפיע האָט א סיסטעם וואָס רופט זיך „פראגאמאטיזם". מיט דעם וואָרט ווערט באַצייכענט יענער פילאָזאָפישער סיסטעם, וואָס לערענט, אז דער גאַנצער אינהאלט פון אונזער דענקען און ווייסען ווערט באַשטימט דורך פראַקטישע צילען. דאָס הייסט, קיין געדאַנק ווערט ניט באַשאַפען פון דער לופט, אָדער גלאַט צוליב טעאָריע, נאָר עס ווערט ארויסגעבראכט פון א געוויסען פראַקטישען צוועק.

דער שטאַרקסטער אָנהענגער פון דער דאָזיגער לעהרע איז געווען דער אמעריקאנער פילאָזאָף וויליאם דזשיימס. ער פלעגט זאָגען: איהר ווילט ווייסען, אויב א געוויסע אידעע איז געבויט אויפ'ן אמת און אויב זי האָט א ממשות? זעהט וואָס פאר א ווירקונג זי מאכט אויף מענשען און ווי זיי נעהמען זי אָן.

מען מעג איינשטימען מיט די געדאַנקען פון וויליאם דזשיימס צי ניט, נאָר ווען דער אמת פון אן אידעע זאָל געמאָסטען ווערען לויט ווי מענשען גלויבען, דאַן איז ניט קיין גרעסערער אמת ווי די אידעע, אז א מענש האָט א נשמה, ווייל דער גלויבען איז דער נשמה־אידעע און אין השארת הנפש האָבען אָנגענומען די מעהרסטע מענשען אין אלע צייטען.

אמת, וואָס די נשמה איז, ווייסען מיר ניט. ווייסען מיר דאָך אויך ניט וואָס עלעקטריק איז. און דאָך האָט די וועלט אָנגענומען עלעקטריק אין דער עקזאקטערען ווינסענשאפט, ווייל מען זעהט די ארבייט פון עלעקטריק. דאָס זעלבע קען אויך זיין וועגען דער נשמה.

# אונזער לעטאַרגישער שלאָף

מיר אידען האלטען זיך פאַר דעם אויבערשטענ׳ס אויסדערוועהלטעס פאָלק און מיר שרייען: „אהבת אותנו" — ער האָט אונז ליעב, „ורצית בנו" — ער איז זעהר גוט צו אונז, „ורממתנו מכל הלשונות" — ער האָט אונז דערהויבען פון אלע נאַציאָנען, „וקדשתנו במצותיך" און ער האָט אונז געהייליגט מיט זיינע מצוות. צום סוף לאָזט זיך גאָר אויס, אַז דער ליבלינג זיינער איז אויף גרויסע געברענטע צרות. עס געהט ניט אוועק א טאָג וואו עס זאָל זיך ניט מאכען קיין גזרות, רדיפות, פאָגראָמען, — און נאָך אזעלכע פאַרפאָלגונגען. פרעגט זיך די פראגע: וואו ליגט דאָ די גרויסע ליבע וואָס ער האָט צו אונז?

אלס ענטפער אויף דער פראגע קען מען דערצעהלען די מעשה מיט יענעם בן יחיד:

א רייכער מאן האָט געהאט איין־איינציגען זוהן וועלכען ער האָט זעהר שטאַרק ליעב געהאט, פאַרשטעהט זיך דאָך אז ער פלעגט איהם פשוט אין די אויגען קוקען און איהם נאָכגעבען אלעס וואָס ער האָט נאָר געוואָלט.

דארף זיך טרעפען אז דער בן יחיד איז זעהר שטארק קראנק געוואָרען. זיין קראנקהייט איז געווען א מין „שלאָף קראנקהייט". ער פלעגט שטענדיג ליגען און שלאָפען. דער פאָטער האָט אראָבגעבראכט די גרעסטע דאָקטוירים צו איהם און אלע האָבען געזאָגט אז קיין מעדיצין פאר דער קראנקהייט איז ניטאָ, נאָר דער איינציגער מיטעל איז איהם ניט צו לאָזען שלאָפען. ווי ער שלאָפט איין, זאָל מען איהם באַלד אויפוועקען. איז דער פאָטער געגאנגען און האָט צוגענומען די פערינע און די קישענס פון דעם בן יחיד׳ס בעט, כדי איהם זאָל ניט זיין אנגענעהם לאנג צו שלאָפען, אבער מיט דער צייט האָט זיך דער בן יחיד איינגעוואוינט צו שלאָפען אויף א האַרטען געלעגער און איז געשלאָפען ווי פריהער, ער האָט צוגענומען פון איהם אינגאנצען דאָס בעט און איהם געלעגט אויפ׳ן הארטען דיעל, אָבער אויך צו דעם האָט זיך דער בן יחיד באַלד צוגעוואוינט און האָט ווידער געשלאָפען. ווען דער פאָטער האָט געזעהען אז די אלע זאכען העלפט ניט, האָט ער פארבויגען זיין רחמנות און האָט געדונגען א וועכטער און איהם דערלאַנגט א קאַנטשיק

## דר. י. ל. שניצער

אין האַנד און איהם אָנגעזאָגט אז קוים וועט דער בן יחיד צו לאַנג שלאָפען, אזוי זאָל ער איהם מיט׳ן קאַנטשיק פון זיין שלאָף אויפרייסען.

מיר זיינען טאקע דעם אויבערשטענס דערוועהלט פאָלק און ער האָט אונז אויך ליעב, אָבער די צרה איז וואָס מיר זיינען געפעהרליכע חולאים. אַ־בזער קראנקהייט באשטעהט וואָס מיר האלטען אין איין שלאָפען, אמאָל פלעגען אונז אונזערע נביאים וועקען פון שלאָף, אָבער עס האָט גאנץ וועניג וואָס געהאָלפען. ער האָט אונז ארויסגעטריבען פון הויז, כדי מיר זאָלען האָבען אביסעל צרות, — אבער אויך צו דעם ווערען מיר זעהר שנעל איינגעוואוינט און שלאָפען ווייטער, האָט ער אָנגעשטעלט וועכטערס, אנטי־סעמיטען מיט קאַנטשיקעס אין די הענד, וועלכע מאכען פאַגראָמען און לאָזען אונז ניט שלאָפען.



# דרויסענדיגע און אינווענינגסטע וואונדען

דוד המלך זאָגט: „רבות רעות צדיק״, א סך שלעכטעס טרעפט דעם צדיק, אָבער „ומכולם יצילנו ד׳״ פון אלע רעטעט איהם גאָט. פאַרוואָס? ווייל — „שומר כל עצמותיו״, ער היט זיינעביינער, אז קיינער פון זיי זאָל ניט צובראָכען ווערען, אבער „תמותת רשע רעה״, די פיהרונג פון דעם רשע איז איין שלעכטסקייט, און די שלעכטסקייט פיהרט צו פארניכטונג. פרעגט זיך די פראגע: ערשטענס, פאַרוואָס שטעהט ביים צדיק „רעות״ א סך שלעכטסקייט, און ביים רשע שטעהט „רעה״ איין שלעכטסקייט?... און צוויי־טענס, פאַרשטעהט מען ניט די אורזאַכע פון דעם היטען זיינע ביינער אז זיי זאָלען ניט צובראָכען ווערען וואָס הייסט ער היט זיינע ביינער?

אלס ענטפער אויף דער פראגע קען מען דערצעהלען די מעשה מיט יענע צוויי שינדעל־דעקער:

ברוך און זרח האָבען געצויגען זייער חיונה פון באַדעקען דעכער מיט שינדלען. אום ניט צו קאָנקורירען איינער מיט׳ן צווייטען, האָבען זיי אָפגעמאכט צווישען זיך א מין שותפות׳דיגען אָפמאך, אויב איינער וועט

אָנגעהמען אַ דאַך צו דעקען, זאָל דער צווייטער איהם העלפען ארבייטען און קריגען שכירות.

דאַרף זיך טרעפען, אז ווען ביידע האָבען געארבייט צוזאמען אויף אַ דאַך, האָבען זיך די „קראַקוועס" צובראָכען, ביידע זיינען ארונטערגעפאלען פון דאַך און זיך זעהר שטאַרק צושעדיגט.

ברוך'ס קערפּער איז געווען שרעקליך פאַרוואונדעט, מען האָט פּשוט קיין צורה ביי איהם ניט ארויסגעזעהן. זרח ווידער, האָט אויך געליטען פון פאַל, אָבער אויסערליך איז אויף זיין קערפּער קיין שום סימן פון קיין וואונד ניט געווען.

ווי ערשטוינט אָבער זיינען אלע געוואָרען, ווען מען האָט די ביידע חולאים געבראכט אין שפּיטאָל און דער דאָקטאָר האָט זיי אונטערזוכט, האָט ער צו ברוך'ן געזאָגט, אז ער זאָל זיך ניט שרעקען, אין אַ פּאָר טעג ארום וועט ער קענען געהן אהיים. זרח'ן אָבער האָט ער געזאָגט, אז ער וועט מוזען בלייבען איניגע מאָנאַטען צייט אין האָספּיטאל און ער האָט זעהר שטארק מורא, אז ער וועט בלייבען אַ קאַליקע זיין גאַנצען לעבען. און ווען מען האָט דעם דאָקטאָר אַ פרעג געטהאָן:

— סטייטש?... ווי איז דאָס מעגליך? ברוך איז דאָך אזוי צוריסען און צופליקט און זרח האָט קיין שום וואונד אויף זיך ניט?

— איך וועל אייך ערקלעהרען, — האָט דער דאָקטאָר זיי געענטפערט — ביי ברוך'ן איז בלויז די לייב פון אויבען צוריסען געוואָרען, אָבער זיינע ביינער זיינען גאַנץ געבליבען, דעריבער וועט ער אין אַ קורצער צייט אַרום קענען דעם שפּיטאָל פאַרלאָזען.

זרח'ס פאַל איז אָבער אין גאַנצען אנדערש, זיין לייב איז טאַקע גאַנץ געבליבען, אבער זיינע ביינער זיינען ביי איהם צובראָכען. איז אויסער וואָס ער וועט מוזען ליגען אַ לאַנגע צייט אין שפּיטאָל ביז זיינע ביינער וועלען צוזאַמענוואקסען, וועט ער נאָך דערצו בלייבען אַ קאַליקע אויף זיין גאנצען לעבען.

ווען אַ צדיק פאַלט אמאָל אראָפּ פון זיין אידישען מצב און ווערט פאַר־וואונדעט מיט עבירות... איז דאָס בלויז אַ פלייש־וואונד פון אויבען, אבער זיינע ביינער די „עקרי־הדת" זיינען ביי איהם גאנץ געבליבען. אמת, „רבות רעות צדיק", אויסערליכע וואונדען זיינען דאָ אַ סך, אָבער „שומר

כל עצמותיו״, ער היט זיינעביינער אז זיי זאָלען ניט צובראָכען ווערען.
ביי דעם רשע אָבער, איז פאַראַן א זעהר געזונטער קערפּער, אָבער ער איז אינערליך פאַרוואונדעט. די „עקרי־הדת״ זיינען ביי איהם צובראָכען, אָט דער איינציגער פעהלער איז זעהר געפעהרליך!



# די מורא פאַר בלעם׳ס קללות

פרעגט מיר א איד א קשיא:

די גאַנצע סדרה בלק געהט אוועק מיט דער באשרייבונג פון בלק און בלעם. בלק האָט געדונגען בלעם׳ען צו שילטען די אידען און דער אויבערשטער האָט זיך אריינגעמישט און פאַרדרעהט בלעם׳ס קללות אויף פּאָעטישע ברכות. פרעגט זיך די פראגע: מיר, אידען האָבען דאָך געוואוסט אַז מיר זיינען א געבענשט פאָלק וואָס קיין קללה קען אויף אונז ניט ווירקען, טאָ וואָס האָבען מיר געדאַרפט אזוי שטאַרק מורא האָבען פאר בלעם׳ס קללות?

אלס ענטפער אויף זיין פראגע האָב איך איהם דערצעהלט די מעשה מיט יענעם גענעראל:

א גענעראל האָט געהערט אז אין א געוויסען לאַנד געפינט זיך א מאַן וואָס האָט אויסגעפונען אַזאַ מין זאַלב אז מען באשמירט מיט דעם דאָס לייב, קען קיין קויל ניט שעדיגען, די זאַלב לאָזט די קויל ניט דורכגעהן, זי גליטשט זיך ארונטער פון לייב.

עס האָט גענומען דעם גענעראל וואָכען לאַנג ביז ער איז אָנגעקומען אין יענעם לאַנד און זיך געזעהען מיט דעם ערפינדער. געוועהנליך, אויס־פּרובירען די ערפינדונג האָט ער ניט געקענט, ווייל קיינער האָט ניט געוואָלט ריזיקירען מיט זיין לעבען, נאָר ער האָט גענומען דעם מאַנ׳ס וואָרט ווענען דעם און איהם באצאָהלט א גרויסע סומע געלד פאר דער ערפינדונג.

ווען דער גענעראל האָט געדאַרפט פאָהרען אהיים, האָט ער זיך אויסגע־שמירט זיין קערפּער מיט דער זאַלב און איז געפאָהרען דורך אַזאַ געגענד וואָס איז באַוואוסט אַן דאָרטען האַלטען זיך אויף געפעהרליכע רויבער. ער האָט געוואָלט אויספּרובירען די זאַלב אויף זיך אליין, און ווי ער איז

## מענש און תורה

נאָר אָפּגעפּאָהרען אַ שטיקעל וועג, זיינען איהם באַפאַלען אַ קאָמפּאַניע רויבער און האָבען גענומען אויף איהם שיסען פון זייערע ביקסען, אבער די קוילען זיינען דורך זיין קערפּער ניט דורכגעגאנגען.

ווען די רויבער האָבען דערזעהען אז זייערע קוילען האָבען אויף דעם גענעראַל קיין שום ווירקונג ניט, האָבען זיי זיך דערשראָקען און גענומען לויפען, ווייל זיי האָבען געמיינט אז זיי האָבען פאר זיך אַ מכשף. דער גענעראַל אָבער האָט זיי גערופען צוריק און האָט ארויסגענומען פון זיין וואָגען אַ פלאַש משקה און האָט זיי געגעבען צו טרינקען, די רויבער זיינען געבליבען שטעהן פאַרוואונדערט און האָבען ניט געוואוסט וואָס דאָ טהוט זיך. ענדליך האָט איינער דעם גענעראַל אַ פרעג געטהאָן:

„איך פארשטעה ניט מיין הער, ווארום איהר ווייזט אונז ארויס אזוי פיעל פריינדשאפט? דאכט זיך, מיר האָבען אייך געוואָלט דערשיסען און בארויבען, צום סוף גיט איהר אונז גאָר משקה?

„איך וועל אייך דערקלעהרען — האָט דער גענעראַל איהם געענטפערט — איך האָב געמאכט אַ לאנגע רייזע און אויסגעגעבען אַ סך געלד אויף זאַלב וואָס באַשיצט דעם מענשען פון קוילען, אבער איך בין אלץ געווען אין ספק אויב דער מיטעל איז אַ ריכטיגער. שיסען אויף זיך אליין האָב איך מורא געהאט טאָמער טויג דער מיטעל ניט, אבער אז איהר האָט אויף מיר געשאָסען אומגעריכט און איך האָב אויסגעפונען אז דער מיטעל איז אַ ריכטיגער, קומט אייך דערפאר אַ שנעפּסעל.”

די אידען האָבען געוואוסט אז זיי זיינען אַ געבענשטע פאָלק וואָס קיין קללה קען אויף זיי ניט ווירקען, אבער זיי זיינען ניט געווען זיכער אין דעם, ווען אָבער בלעם איז געקומען זיי שילטען און פון זיינע קללות זיינען געוואָרען ברכות, ערשט דאַן האָבען זיי זיך ריכטיג געפרעהט מיט דעם.

## חכמה

פרעגט מיך אַ איד אַ קשיא:

די וועלט זאָגט: אז דער עפּעל פאַלט ניט ווייט פון בוים, דאָס הייסט, אז די מעלות פון עלטערען געהן איבער צו קינדער. אויב דער פאָטער, צום

## מענש און תורה

ביישפיל, איז א איד א למדן, אָדער א גרויסער חכם, געהען איבער די אלע אייגענשאפטען בירושה צו די קינדער. צום סוף לאָזט זיך גראדע אויס פונקט קאפויר!... ער האָט גענומען א מאַן פאר זיין טאָכטער פון אָרענטליכע און געבילדעטע עלטערען, פאַרשוואַרצט ער איהם פשוט די אויגען מיט זיין אויפפיהרונג. פרעגט זיך די פראגע: ווי קומט עס, אז פון אזעלכע פיינע געבילדעטע עלטערען זאָל ארויסקומען אזא מין אידיאָטישע צאַצקע?

אלס ענטפער אויף זיין קשיא האָב איך איהם דערצעהלט די מעשה מיט יענעם פראָפעסאָר:

די מיטאָלאָגיע דערצעהלט, אז די געטין פון חכמה, וועלכע די אלטע רוימער האָבען גערופען „מינערווא", איז געבוירען אָהן א מאַמען. מינערווא איז געוועזן די טאָכטער פון דעם אויבער־גאָט „יופיטער" מיט זיין ערשטע ווייב „מעטיס". נאָר יופיטער האָט זיין ווייב איינגעשלונגען איידער מינערווא איז געבוירען געווארען. האָט דאָס קינד קיין אנדער וועג ניט געהאט געבוירען צו ווערען ווי נאָר ארויסצושפּרינגען פון דעם טאַטענ'ס קאָפּ.

איז געקומען א געוויסער פראָפעסאָר און האָט באוויזען דורך עקספּע־רימענטען, אז עס ליגט א שטיק אמת אין יענער לעגענדע. דער מענש־ליכער שכל איז ניט קיין ירושה און אויך ניט קיינעמ'ס מאָנאָפּאָל. חכמה און קלוגשאפט ווערט געבוירען אָהן א מאַמען, און דער מענש מוז שטענדיג טראכטען, דענקען, אנטוויקלען און שלייפען דעם מח, זאָנסט, בלייבט ביי איהם דער פאַרשטאַנד פארגליווערט און צוריקגעשטאנען!...

ער און זיין ווייב האָבען גענומען זייער אייגען קינד און א יונגע שימ־פאנזע, מאלפּע, אויך אין דעם זעלבען עלטער, און געפּרובירט זיי צו ערציהען צוזאמען. דער וויסענשאפטליכער טאטע האָט גענומען ביידען שטודירען, ביידען האָט מען געוויזען פארשידענע בילדער, געלערענט זיי פארשידענע קלאַנגען, געמאכט פראָבען אויף אלע זייערע חושים, און זיך פארצייכענט יעדען פאָרטשריט וואָס זיי האָבען געמאכט.

און נאָך צוויי יאָהר עקספּערימענטירען האָט דער פראָפעסאָר באקאנט געמאכט דעם פאָלגענדען רעזולטאַט:

## מענש און תורה

ביז א יאָהר צייט האָט די בייבי־מאַלפּע געלערענט שנעלער, געהאט א בעסערען זכרון און האָט ווייט, ווייט אריבערגעיאָגט דעם פּראָפּעסאר׳ס אינגעלע אין אלע זייערע קינדישע קענטנישען.

אָבער נאָך א יאָהר צייט האָט זיך ביי דער מאלפּע אָבגעשטעלט דער גאַנצער געדאנקען אַפּאַראַט, און עס האָט זיך פון איהר אָנגעהויבען ארויס־שיילען די חיה, וועהרענד דאָס מענשליך קינד האָט אָנגעהאלטען זיין פאָרט־שריט ווי פריהער, און וואָס ווייטער און ווייטער איז אלץ ברייטער געוואָרען די שפּאלטונג צווישען מענש און בעסטיע.

און דער פּראָפּעסאר איז געקומען צו דער איבערצייגונג, אז די מאלפּע וואָס ער האָט געהאָדעוועט וואָלט זיכער איבערגעיאָגט זיין קינד דעם מענשען, ווען זי וואָלט ניט געוואָרען פויל צו טראכטען, צו דענקען, און צו שלייפען איהר מח. זי איז געבליבען א מאלפּע, ווייל זי האָט ניט געוואָלט זיין קיין מענש.

טאַטע־מאַמע קענען טאקע זיין זעהר שעהנע מענשען, און נאָך געבילדעטע אויך דערצו, אבער ווען די קינדער שלייפען ניט אליין זייערע מוחות, בלייבען זיי אידיאָטען און פארדאָרבענע מענשען!...

---

## פילאָזאָפיע און רעליגיע

פרעגט מיך א איד א קשיא: זיין שכל קען ניט פארשטעהן ווי אזוי האָט געקענט געהן פילאָזאָפיע מיט רעליגיע צוזאמען ביי אזעלכע גרויסע מענשען ווי רב סעדיה גאון, דער רמב״ם, דער אבן עזרא, רב יהודה הלוי, אלחריזא, דער רמב״ן, רב שלמה בן גבירול און נאָך אזעלכע פּערזענ־ליכקייטען. מיר זעהען טאָג־טעגליך, אז ווי איינער פארזוכט נאָר די פרוכט פון „עץ הדעת״, פון השכלה, אזוי פאנגט ער אָן גלייך צו קוקען אויף אמונה גאָר מיט אנדערע אויגען. און דערביי האָט ער מיר גענומען ברענגען ביישפּילע פון א סך איצטיגע גדולים אונזערע, וועלכע האקען די בוימער פון דעם רעליגיעזען גאָרטען און „מאַכען פּיפּקע״ פון אלעס וואָס עס איז ביז איצט געוועזן ביי אונז הייליג און טייער.

## דר. י. ל. שניצער

אלס ענטפער אויף זיין קשיא האָב איך מיט איהם געלערענט א שטיקעל גמרא: „אמרה ירח לפני הקב״ה״ — די לבנה האָט געזאָגט צום אויבערשטען: „רבונו של עולם, אין שני מלכים משתמשים בכתר אחד״ — דו האָסט באַשאַפען א זון מיט א לבנה, ווי אזוי קענען צוויי קעניגע זיך באנוצען מיט איין קרוין? „אמר לה הקב״ה, לכי ומעטי את עצמך״ — האָט דער אויבערשטער איהר געענטפערט: געה און ווער קלענער פון דער זון! „אמרה לו, לפי שאמרתי דבר הגון לפניך אמעט את עצמי״ — האָט די לבנה זיך אָבגערופען צום רבונו של עולם: וואו איז יושר? ווייל איך האָב דיר געזאָגט א ריכטיגע גלייכע זאַך, דעריבער זאָל איך ווערען קלענער? „אמר לה״ — האָט דער אויבערשטער צו איהר געזאָגט: „לכי, ומושלי ביום ובלילה״ — דערפאַר וועסטו געוועלטיגען בייטאָג און ביינאכט.

צוויי גרויסע ליכט האָט דער אויבערשטער באַשאַפען: א זון מיט א לבנה, די זון איז דער סימבאָל פון דעם ליכט פון געטליכקייט און די לבנה איז דער סימבאָל פון דעם ליכט פון מענשליכען שכל. זאָגט דער מענשליכער שכל צו גאָט: רבונו של עולם, ווי קענען זיך צוויי קעניגע באנוצען מיט איין קרוין? ווי קען געטליכקייט מיט בילדונג, פילאָזאָפיע מיט רעליגיע געהן צוזאמען? דאָס איז דאָך א „תרתי דסתרי״, ווי קען מען גלויבען אין אזעלכע זאכען וואָס מען פארשטעהט עס מיט׳ן שכל ניט? זאָגט דער אויבערשטער צו איהר: דו ביזט טאקע גערעכט, דערפאר מוזטו ווערען קלענער אביסעל, „לכי ומעטי את עצמך״, ווען דו וועסט ווערען קלענער, דאַן וועט זיך דער מענשליכער שכל בויגען פאר דער געטליכקייט. זאָגט די לבנה: סטייטש? וואו איז יושר? צוליב מיין ריכטיגער פראגע זאָל איך קלענער ווערען? האָט דער אויבערשטער איהר געענטפערט: איך וועל דיר פאַרגלעטען דערמיט וואָס דיין ממשלה וועט זיין לענגער ווי די ממשלה פון דיין קאָנקורענט. די ממשלה פון געטליכקייט וועט נאָר לייכטען „ביום״, ווען מיינע אידעלאך וועלען האָבען אן אייגען לאנד דאן וועלען זיי זיך פיהרען נאָך די געזעצען וואָס די געטליכקייט האָט פאר זיי פאַרגעשריבען, אבער „בלילה״ — ווען זיי וועלען פאַרטריבען ווערען אין גלות און זיך דורכמישען מיט אנדערע פעלקער, דאן וועט געטליכקייט אָנהויבען ביסלעכווייז פאַרשווינדען. יעדער שוהלכעלע, יעדער טעמפעלע, יעדער סענטערעל וועט זיך אָנהויבען צו באנוצען מיט „ארטיפישעל לאַיטס״, מיט

## מענש און תורה

פרעמדע, נאָכגעמאכטע ליכט: פרעמדע תורה, פרעמדע זיטען און פרעמדע מנהגים. דיין ליכט אָבער, דער מענשליכער שכל וועט רעגירען „ביום ובלילה״, סיי עס איז טאָג פאר דעם אידישען פאָלק און סיי עס איז נאַכט.

ביי אמאָליגע פילאָזאָפען אונזערע איז די וועלטליכע בילדונג ניט געווען קיין שטערונג צו זייער גלויבען, צו זייער אמונה. זיי פלעגען פריהער טאָן וואָס עס שטעהט געשריבען אין דער תורה און נאָכדעם פלעגען זיי פילאָזאָפירען איבער דעם טעם פון די מצוות. איז זיי געלונגען עטוואָס משיג צו זיין מיט זייער אייגענעם שכל, איז גוט געווען, און אויב ניט, האָט זיך די לבנה געבויגען פאר די גרויסע שטארקע געטליכע שטראהלען פון דער זון.

אונזערע איצטיגע פילאָזאָפען אָבער זיינען פארקערט. אויב זיי פאר־שטעהען ניט א זאַך מיט זייער אייגענעם שכל, זאָגען זיי ניט, אז זייער שכל איז צו קליין דאָס משיג צו זיין, נאָר וואָס דען? זיי פאנגען אָן צו שרייען אז דאָס ליכט פון דער זון האָט פלעקען אין זיך, גרויסע שווארצע דונקעלע פלעקען וואָס פארפינסטערען אונזער שעהנע ווערטעל. נאָר איך, חאצקעל בן ירוחם, איך וועל מיט מיין לבנה־ליכט באלייכטען דעם הימעל!

דאָס דערמאָנט מיר די מעשה מיט יענע צוויי סוחרים:

אין א שטעדטעל האָבען געוואוינט צוויי אידען בערעל חקרן און שמערעל סוחר,ביידע האָבען געהאט דיזעלבע קרעמלאך, מיט דיזעלבע ארטיקלען. ביידע פלעגען אויך פאָהרען יעדען יאָהר אין לייפציג איינהאנדלען סחורה און מען פלעגט זיך ניט קאָנקורירען, און דאָך איז בערעל חקרן געווען אן אָרעמאן, אן אביון און שמערעל סוחר האָט געהאט פרנסה בכבוד.

די מענשען פון שטעדטעל האָבען ניט געקענט פארשטעהן וואָס דאָ קומט פאָר. דאכט זיך, ביידע גלייכע סוחרים, ביידע האָבען אויך דיזעלבע קרעמלאך און מען קאָנקורירט זיך ניט, איז שמערעל סוחר האָט גענוג געלד יעדעס מאָל צו פאָהרען אין לייפציג און בערעל חקרן מוז ארומלויפען באָרגען גמילות חסדים׳לאך יעדען מאָל ווען ער דאַרף פאָהרען איינקויפען אביסעל סחורה?

נאָר דער תירוץ איז געווען א גאנץ איינפאכער: בערעל חקרן, אז ער פלעגט קומען אויפ׳ן באַהן־הויף צו פאָהרען אין לייפציג, פלעגט זיך גלייך ערוועקען אין איהם די לוסט אויסצוגעפינען ווי אזוי לויפט דער לאָקאָמאָטיוו

אָהן פערד... און ווי אַזוי קען פּאַרע מאַכען דרעהען די רעדער... און ווען דער באַהן פלעגט אָנקומען איז זיין גאַנצע מחשבה געווען אריינגעטאָן ווי אזוי די רעדער דרעהען זיך... דערווייל פלעגט דער לאָקאָמאָטיוו א פייף טאָן און אוועקלויפען און געלאָזען שטעהן בערעל חקרן אויפ׳ן וואָקזאל פארטיפט אין זיינע רעיונות קלעהרענדיג, ווי אזוי די רעדער דרעהען זיך. עס פלעגט נעמען א שעהנע פּאָר וואָכען ביז ער פלעגט קומען צוריק פון לייפּציג.

שמערעל סוחר האָט אויך געהאט א חשק אויסצוגעפינען ווי אזוי דער באַהן געהט, אבער ער פלעגט זיך פריהער אוועקזעצען אין וואגאָן און נאָכדעם פלעגט ער נעמען קלעהרען ווי אזוי די רעדער דרעהען זיך. פלעגט ער דער־גרייכען עטוואָס מיט זיין שכל, איז גוט געווען, און אויב ניט, פלעגט ער זיך פאַרלאָזען אין גאַנצען אויפ׳ן אינזשעניר. ער פיהרט דעם באַהן, מסתמא ווייס ער וואָס ער האָט צו טאָן... און ווען בערעל חקרן פלעגט נאָך שטעהן אויפ׳ן וואָקזאל און קלעהרען פון וואַנען די רעדער דרעהען זיך, פלעגט ער שוין זיין צוריק פון לייפּציג און פארקויפען זיינע סחורה אין שטעדטעל.

אמאָליגע פילאָזאָפען אונזערע האָבען פריהער געטאָן דאָס וואָס עס שטעהט אין דער תורה, און נאָכדעם פלעגען זיי פילאָזאָפירען, און אויב עס איז זיי ניט געלונגען עפּעס צו ערקלעהרען, האָבען זיי זיך פארלאָזען אויף דעם גרויסען אינזשעניר פון דער וועלט, און אויף זיין אסיסטענט משה בן עמרם!...

אונזערע היינטיגע פילאָזאָפען אָבער שטעהען אויפ׳ן וואָקזאל ווי בערעל חקרן און קלעהרען, קלעהרען, און קלעהרען! זיי געהען אום ווי צוטראָגענע, און בלייבען אָהן פילאָזאָפיע...



# פרייהייט און אידישקייט

לעז איך אין א אידיש־ענגלישער צייטונג אן ארטיקעל פון א געוויסען שרייבער, וועלכער זאָגט:

„פרייהייט ברייגנט אריין שוואכקייט אין דעם אידישען נאַציאָנאַליזם און אין די אידישע רעליגיעזע געפיהלען; דאָס אידישע פאָלק האָט נאָך א

קיום בלויז צוליב דעם וואָס עס זיינען פאראן אנטיסעמיטען, זאָל דער אנטי־סעמיטיזם אויסגעראָטעט ווערען, מוז אידישקייט אונטערגעהן !"

דער שרייבער דערצעהלט ווייטער : אז ער האָט אויפמערקזאם געשטו־דירט די אידישע געשיכטע און האָט אויסגעפונען, אז אומעטום, וואו אידען האָבען גענאָסען פרייהייט, האָבען זיי זיך זעהר שנעל אסימילירט, אבער עס האָט זיי ניט פיעל געהאָלפען, ווייל ווען די אסימילאַציע האָט דערגרייכט אין א לאַנד צו א הויכער שטופע, האָבען זיך די פארפאָלגונגען אָנגעהויבען פון דאָס ניי, ווייל די קריסטען רעספעקטירען דוקא א אידען וואָס האלט זיך שטרענג אָן זיין גלויבען, דער איד אבער, וואָס וויל זיך אויסמישען צווישען זיי און שפּארט זיך אין זייער געזעלשאפט, ווערט פון זיי פאראַכטעט.

דער שרייבער מאכט א צימעס פון זיין ארטיקעל, עפּעס אזוי ווי ער וואָלט דאָ אנטדעקט א גוואַלדיגע גרויסע זאך. ביי אונז אָבער איז דאָס קיין נייעס ניט. יעדער מאָדערנער איד, וואָס איז א שטרענגער אָנהענגער פון זיין רעליגיע, וועט אזוי זאָגען. זיין מיינונג דריקט אויס דעם געדאנק פון א סך אידען, וועלכע זעהען דעם אונטערגאנג פון אידישקייט אין די פרייע לענדער.

איצט פרעגט זיך די פראגע : וואָס זאָלען מיר אידען טאָן ? זאָלען מיר דערפאר אפשר אנטלויפען פון אמעריקא, פון פראנקרייך און פון נאָך אזעלכע פרייע לענדער און געהן צוריק נאָך רומעניע, נאָך דייטשלאנד און אין נאָך אזעלכע זיסע טייערע פלעצער, אבי דאָס אידישקייט זאָל קענען אויפגעהאל־טען ווערען ?

אויב אידישקייט קען נאָר אויפגעהאלטען ווערען דורך צרות און גזירות, אויב די אידישע רעליגיע קען נאָר האָבען א קיום דורך בלוט און טרערען, דאן איז אידישקייט דער גרעסטער אומגליק !

אבער ניין, מיין טייערער שרייבער, דו האָסט די אידישע געשיכטע גאנץ ווייניג געשטודירט. איך ווייס, אז עס זיינען שוין געוועזן צייטען אין דער פעלקער געשיכטע, ווען אידען האָבען געהאט נאָך מעהר פרייהייט ווי אין אמעריקא און אין פראנקרייך און זיי זיינען דאָך ניט אונטערגעגאנגען. ווארום צו זיין א איד מיינט ניט, אז מען מוז דוקא ליידען. דער עיקר פון אידישקייט איז פיל גרעסער ווי דער שפּרוך : „עם לבדד ישכון", אז אידען מוזען זיך דערווייטערען פון אלע מענשען. מען קען גאנץ גוט זיין א פרייער

## דר. י. ל. שניצער

מענש, דאָס מיינט, פריי אין דעם עקאָנאָמישען זין, און דאָך זיין א גאנץ גוטער איד.

וואָס אנבאלאנגט „געמישטע הייראטען", דאָס זעהסטו, איז זעהר א גרויסער אומגליק, וועלכע די אידישע פאָלקס־פיהרער האָבען געדארפט שענקען אביסעל מעהר אויפמערקזאמקייט און זוכען די נויטיגע מיטלען עס צו פארמיידען. נאָר ווען דאָס אומגליק האָט שוין פאסירט, ווען א אידישער יונגערמאן האָט שוין חתונה געהאט מיט א קריסטליכע מיידעל, דארפען די אידישע עלטערען זיין טאָלעראנט און האנדלען אזוי ווי אונזער גרויסער משה האָט אונז אָנגעזאָגט אין פ׳ כי תצא:

אז דו וועסט געהן אין מלחמה און באזיגען דיין פיינד און דו וועסט דאָרטען דערזעהן א „יפת תואר" פון א פרעמדען גלויבען, „וחשקת בה", און דו וועסט גאראטשקעט ווערען נאָך איהר, אָבוואָהל איך האָב דאָך אָנגע־זאָגט, אז קיין געמישטע הייראט זאָל ביי אייך ניט זיין, אָבער ליבע איז בלינד, זי האָט ניט קיין צוים און קיין גרענעץ, און אז צוויי יונגע מענשען פון פאר־שידענע גלויבענס זיינען פאַרליבט, וועלען זיי ניט קוקען צו מען מעג צי מען טאָר ניט... אום אויסצוגעפינען, אז דיין ליבע צו איהר איז א ריכטיגע, אָדער בלויז א פארבלענדעטע, עס האָט א בליאסק געטהאָן אין דיינע אויגען א שעהנער פנימ׳ל מיט געקרייזעלטע לאָקעלאך, אָנגעפארבטע בעקעלאך, רויטע נעגעלאך, אָנגעטאָן אין א שעהן קליידעל, און דו ביזט פאר׳כשופ׳ט געוואָרען פון דעם... זאָלסטו טאָן אזוי: בריינג איהר צו זיך אין הויז און זי זאָל אָפּגאָלען איהרע לאָקען, לאָזען וואקסען איהרע נעגעל, אויסטאָן איהר שעהן קליידעל, און וויינען אויף איהר טאַטען מיט איהר מאמען א חודש צייט.

זעהענדיג פאר זיך 30 טעג צייט אזא מין פארזויערטען פנים און דו וועסט זי נאָך אלץ ליבען, איז א סימן, אַז דיין ליבע צו איהר איז א ריינע, א ריכטיגע און ניט קיין פארבלענדעטע. אין פאַל אָבער זי וועט אין דעם מאָנאַט צייט פאַרלירען דעם חן אין דיינע אויגען, מוזטו איהר באַהאַנדלען פון דעסטוועגען ווי א דזשענטעלמאן. לאָז איהר פריי, און זאָל זי געהן וואוהין זי וויל.

און דאָס קען אויך זיין איז די מיינונג פון אונזערע חכמים מיט דעם וואָס זיי זאָגען: „לא דברה תורה אלא כנגד יצר הרע", דאָס וואָס די תורה

# מענש און תורה

האָט מתיר געווען אַ יפת תואר אין דער צייט פון מלחמה איז דאָס נאָר צוליב דעם יצר־הרע, ווייל אויף א זאַך וואָס מען טאָר ניט איז דאָ אַ יצר־הרע. קוים אָבער מעג מען עס, איז קיין יצר־הרע ניטאָ.

אַזאַ טאָלעראַנץ און אַזא מין איידעלקייט קען מען נאָר געפינען אין אונזער תורה. אונזער גרויסער משה באציהט זיך צו דער הימעלשער טאָכטער „ליבע" מיט דעם גרעסטען רעספעקט. עס קען זיין, אז ער האָט אויך געהאַלטען, אַז ליבע איז דער געטליכער טראָפּען, וואָס מען האָט אריינגעגאָסען אין דעם בעכער פון לעבען אום זיין ביטערקייט צו פאַרזיסען, אדער אַז ליבע איז דער גאָלדענער לייטער אויף וועלכען דאָס הארץ שטייגט צום הימעל, און גאַנץ אָפט איז ליבע פיל שטאַרקער ווי טויט.

דאָס דערמאָנט מיך אָן יענער לעגענדע מיט דעם „מלאך המות":

דעם מלאך המות האָט זיך פארגלוסט ארונטערצונידערען אויף דער ערד פארזוכען דעם טעם פון לעבען צווישען מענשען, איבערהויפּט האָט זיך איהם געוואָלט אויסגעפינען ווארום האָבען די מענשען אזוי שטארק מורא פאר איהם? פארוואָס שרעקען זיך אזוי שטארק די מענשען פאר'ן טויט? האָט ער אויפגעגעבען זיין פונקציע אלס מלאך המות און איז ארונטער אויף דער ערד.

דארף זיך טרעפען, אז ביי א געוויסען אדעלמאַן האָט געדארפט קומען צו גאסט א פּרינץ פון אינדיע, איז דער מלאך המות געקומען צום אדעלמאַן און איהם דערצעהלט ווער ער איז און פארלאנגט פון איהם, אז ער זאָל איהם פאָרשטעלען פאר זיינע געסט אלס דער פּרינץ פון אינדיע, אבער דאָס מוז אלעס בלייבען בסוד, זאָנסט וועט ער פון איהם זיין נשמה צונעמען.

דער אדעלמאַן, וועלכער איז נאָך געווען א יונגערמאַן אין די בעסטע יאָהרען פון לעבען, האָט, נעביך, געצוואונגענערהייט געמוזט טאָן דאָס, וואָס דער מלאך המות האָט פון איהם פאַרלאַנגט. ער האָט איהם אריינגענומען צו זיך אין שלאָס און איהם פאָרגעשטעלט פאר אלע זיינע געסט אלס זיין בעסטער פריינד, דער פּרינץ פון אינדיע.

דער מיסטעריעזער אינדישער פּרינץ האָט זיך גענומען ארומדרעהען ביים אדעלמאַן אין שלאָס און נאָכקוקען ווי מען לעבט אויף דער ערד און פון וואָס די מענשען האָבען פארגעניגען. אין אָנפאנג האָט איהם אפילו אלעס

אינטערעסירט, שפּעטער אָבער האָט איהם אלעס געּנומען לאנגווייליגען. אין זיינע אויגען האָט אלעס אויסגעקוקט קליינליך און אומוויכטיג.

ענדליך האָט ער דערזעהן א יונגע שעהנע מיידעל, וועלכע איז אויך געקומען אין שלאָס אלס גאסט און ער האָט זיך פארליבט אין איהר איבער די אויערען. ער האָט אָנגעהויבען צו פיהלען, אז לעבען איז אן ערפאהרונג פון גרויס וויכטיגקייט, און עס איז איהם זעהר שווער, זאָגאר פיינליך צו פארלאָזען די מענשען אָהן דער מיידעל, און פאנגט אָן צו פלאַנעווען זי מיטצונעמען מיט זיך אויף יענער וועלט.

דער אדעלמאן, וועלכער איז אליין אויך געווען פארליבט אין דער מיידעל, האָט עס באמערקט און איז געוואָרען זעהר אומרוהיג. ער האָט געּנומען טענה׳ן צו זיין געהויבענעם גאסט און איהם מאכען פאָרווירפע:

„סטייטש? דו האָסט דאָך מיר צוגעזאָגט, אז די צייט וואָס דו וועסט זיין ביי מיר וועט מיט די מענשען גאָר ניט פאסירען, צום סוף האָסטו זיך גאָר פארליבט אין א ילוד־אשה?

האָט איהם דער מלאך המות געענטפערט:

— וואָס פאַר אַ ווערט האָט אַ צוזאָג ווען דער גאנצער גליק איז אין קאָן?...

קורץ, מען האָט זיך אזוי לאַנג געאַמפּערט ביז עס איז ביי זיי געבליבען, אַז מען זאָל דערצעהלען דעם מיידעל דעם גאַנצען אמת, ווער דער פּריץ איז, און זי זאָל אנטשיידען מיט וועמען זי וויל בלייבען צי מיט דעם אדעלמאן, אָדער מיט דעם מלאך המות.

ווי ערשטוינט אָבער איז דער אדעלמאן געוואָרען, ווען זיי האָבען דער־צעהלט דעם מיידעל ווער דער גאסט איז און זי האָט באשלאָסען צו געהן מיט דעם מלאך המות אפילו אויף יענער וועלט, ווייל זי ליבט איהם אויך זעהר שטארק און זי איז צופרידען זאָגאר צו שטארבען פאר איהר ליבע. מוטיג איז זי אריין אין דעם טיפען שאָטען, וואָס האָט איהר איינגעוויקעלט אין די אָרמס פון דעם מלאך המות, און זיי זיינען פארשוואונדען געוואָרען פון דעם אדעלמאנ׳ס אויגען.

דאָס ווייזט, אַז ליבע איז אזוי שטאַרק ווי דער טויט!...